דעם אָרגאַניזירטען
אַמעריקאַנער, אידישען
פּראָלעטאַריאַט
מיט ליעבע
געווידמעט.

MORRIS WINCHEVSKY'S
WRITINGS

# The Crazy Philosopher in America

---

Rambling Thoughts

Published by
THE FORWARD ASSOCIATION
175 East Broadway,
New York, U. S. A.

4

מאָררים ווינטשעווסקי'ס
שריפטען

*

# דער משוגענער פילאָזאָף אין אַמעריקא

צושלאָגענע געדאַנקען.

זעקסטער, זיעבעטער און אַכטער טויזענד

פאָרווערטס-פערלאַג
175 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק
5

# די נאַטורגעשיכטע פון דעם משוגענעם פילאָזאָף.

(אָנשטאָט אַ הקדמה צום צווייטען באַנד.)

## 1.

יע, זיין נאַטורגעשיכטע.

בדרך כלל בעשעפטיגט זיך די דאָזיגע וויסענשאַפט מיט דריי מלוכות: דעם קעניגרייך —

1. פון אלץ וואָס לעבט אויף דער ערד,
2. פון אלץ וואָס וואַקסט ארויס פון דער ערד, און
3. פון אַלץ וואָס איז באַגראָבען אין דער ערד,

און ווערט פון דאָרטען אויסגעגראָבען.

דאָ רעד איך בלויז פון דער ערשטער מלוכה, דאָס הייסט, פון דעם קעניגרייך פון לעבדיגע ברואים, צווישען וועלכע עס געפינען זיך שרצים (ורמשים), עופות, בהמות, חיות און מענשען.

פון דיעזע אלע וויעדער אינטערעסירט מיך דאָ נאָר דער מענש, נאָר ער, פון צוויי טעמים וועגען:

ערסטענס, מחמת איך שרייב, האָב על כל פנים, בדעה צו שרייבען די נאַטורגעשיכטע פון איין איינציגען צווייפיסיגען נפש: דעם משוגענעם פילאָזאָף.

צווייטענס, ווייל אין תוך, נעהמט דער מענש שוין אריין אין זיך יענע אַלע אַנדערע מינים, חוץ אפשר — איך זאָג: אפשר — די עופות.

איך ווייס ניט ווי איהר, אָבער איך האָב אין מיין לעבען געטראָפען אַ סך פרויענקינדער, וואָס זיינען געוועזען (צווייפיסיגע) חיות, בהמות, אָדער שרצים. וואָס איז שייך צו עופות, האָבען די דאָזיגע ברואים מיט זיי אויך געהאַט אַ שייכות אין פיעל פרטים, — א שייכות און אַן עהנליכקייט: זיי האָבען זיך אָפט געהאלטען אויף היהנערשע פיסלעך, האָבען געהאַט שנאָבלען צו פיקען אַלץ וואָס זיי האָבען געפונען אונטער זיך, אפילו אין מיסט, האָבען געהאָלדערט און זיך געבלאָזען ווי די אינדיקעס, האָבען געקרעהט ווי העגער און האָבען — אין זייער איינבילדונג — פליגלען געהאַט צו שטייגען הויך איבער זייערע שכנים און צו בויען שלעסער אין דער לופט...

איז דערפאר און צוליעב דעם ערסטען גרונד, היינו, צוליעב דער כאַטורגעשיכטע פון דעם משוגענעם פילאָזאָף, אינטערעסירט מיך דאָ פון דער גאַנצער זאָאָלאָגיע בלויז דער מענש.

## 2.

דער אַלטער מק"ק מינסק איז היינט אַ זקן פון איבער ניינציג יאָהר. לאַסאַל, ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער געווען מיט דריי חדשים עלטער פאַר'ן חקרן מיט די „פּושלאָגענע געדאַנקען".

ער, זאָל געזונד זיין, איז מיט 31 יאָהר עלטער פאַר מיר.

טאָמער ווילט איהר וויסען, למאַי איך שלעפּ זיך אליין אריין אין דעם ענין, וועל איך אייך ערקלעהרען: ביי מיר, ווי ביי א שכור און ביי אַ געפעהרליכען הוסטער, איז וואָס אויפ'ן לונג, דאָס אויפ'ן צונג.

איך האָב מיט'ן „משוגענעם פילאָזאָף" אַ ביש'קשה'דיג שטיקעל קרבות'שאַפט. קודם, האָב איך איהם אַרויסגעבראַכט פאַר'ן אידישען עולם: אין אָנהויב אַלס „יגלי איש הרוח", בעת זיין לשון איז געווען העברעאיש, די שפּראַך פון דער השכלה פון די זיעבעציגער יאָהרען.

דאָס איז געווען אין דעם יאָהר 1877, גלייך נאָך דעם, ווי דעם צווייטען אַלכסנדר'ס רעגירונג האָט מיך פערבראַקירט אַלס אַ קעמפּפער פאַר די סלאַווישע קריסטען געגען דעם מוחמד'נישען טערק און האָט, אויף דעם אופן, מיר פערשפּאַרט געהרג'עט צו ווערן ביי פּלעוונאַ, וואו אָסמאַן פּאַשאַ, האָט דריימאָל צוריקגעשליידערט די רוסישע חיילים ביז ער האָט זיך אונטערגעגעבען. צוריקפאַלענדיג, זיינען די אָנגרייפער כסדר געווען א היבש ביסעל ווייניגער אין צאָהל, ווי אָנפאַלענדיג און וואו סאָלדאַטען זיינען פּשוט אין גיוועץ געבראַכט געוואָרען, האָט מען געשטעלט אויפ'ן פייער יונגוואַרג, אזוינע ווי איך בין יעמאָלט געווען, — אם ליעבסטען אידען.

אַ האַלבען וואַרשאָק האָט מיר געפעהלט אין דער בריוט, ארום ברוסט, לויט מיין לענג און דאָס האָט מיר איינגעבראַכט א „געגאָדען!" פול מיט פעראַכטונג מצד הממשלה און שעהנע עטליכע יאָהר לעבען.

עפּעס אַזוי ווי צו בעווייזען, אַז אַ מענש קען זיין א ניי־גאָדניק, מאַכט דער טייטש „אַ טויגעניכטס" פאַר'ן מלאך המות (אין א גענעראַלסקען מונדיר, מיט שליפעס און גאַלאַיינדלעך) און פאַרט זיין אַ נישקשה'דיגער סרסר צווישען דער העברעאישער ליטעראַטור און דעם מינסקער דענקער, האָב איך זיך גלייך גענומען צו די „חזיונות" (און שפּעטער צום „ילקוט") פון יגלי איש הרוח, זיי אַרויסברענגענדיג פאַר אַ בייגיעריגע וועלט, אין קעניגסבערג, אין פּרייסען.

שפעטער מיט א יאָהר צוועלף איז דער דאָזיגער יגלי איבער־געאידישט געוואָרען, און איך האָב איהם פאַרגעשאַטעלט פאַר'ן ארבייטער־עולם (פאַרוואָס דוקא פאר'ן ארבייטער־עולם — וועט איהר זעהן אין עטליכע־און־צוואנציג שורות ארום) אַלס דעם פלוני מק"ק מינסק און דער עולם האָט איהם תיכף ומיד אַ נאָמען געגעבען „משוגענער פילאָזאָף".

פאַרוואָס משוגע? מחמת זיינע געדאנקען זיינען געווען אויס־געדריקט אין צושלאָגענע רייד.

פאַרוואָס פילאָזאָף? מחמת זיינע צושלאָגענע רייד האָבען אין זיך געהאַט געדאנקען.

די נפקא־מינה צווישען איהם, דעם אידישען משוגענעם פילאָזאָף און יענעם, דעם לשון־קדש'דיגען יגלי איז בעשטאַנען אָט אין וואָס:

יענער איז געווען א בעל־חלומות, — וואָס מען רופט ביי אונז: אַ פאַנטאַזיאָר — איינער וואָס חבר'ט זיך דאָ מיט לודוויג בערנע, דאָר־טען מיט פרעה מלך מצרים און אין אַנאַנדער אָרט מיטען מלאך דיקרנוסאָ, האָבענדיג מיט זיי אינטערוויאו'ס, ווי מיט אקטיאָרען, מיניסטאָרען און אנדערע מעבטיגע סלופעס פון דער זינדיגער וועלט; דאָס הייסט, סלופעס, אויף וועלכע זי, די וועלט, האַלט זיך: ניט איינפאַך פלעקער.

דער משוגענער פילאָזאָף אָבער האָט ניט געחלומ'ט אין יענע צייטען. ער האָט גערעדט פאר'ן אידישען ארבייטער עולם און אויב זיינע געדאנקען זיינען געווען צושלאָגען, איז דאָס געקומען דורך דעם, וואָס זיין הארץ איז געווען געבראָכען. ער האָט זיך דאן אויפגעהאל־טען אין לאָנדאָן, ער און זיין אייניקעל. איך אויך.

לאָנדאָן, יעמאָלט די רייכסטע שטאָדט אין דער וועלט, האָט אין זיך געהאט דעם גרעסטען דלות. צוויי מינוט גאַנג פון „ענדזשעל קאָרט" איז געווען קראָס־קי־קאָרט. אין ענדזשעל קאָרט האָבען זיך איינגעפונען די קאָנטאָרען פון א טוץ מיליאָנערען, אין קראָס־קי־קאָרט פלעגען קינדער געהן כמעט באָרפוס אין נאָוועמבער.

און אָט אַזוי, צווישען דעם הוילען, אויסגעדארטען דלות און דעם פארפוצטען דיקבייכיגען רייכטום פלעגט זיך דער מינסקער חקרן פילאָזאָפירען מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען און אַ וועהטאָג אין האַרצען. בעת מעשה פלעגט דער אייניקעל זיינער וואקסען ווי אויף הייוועז, איך פלעג אונטערזינגען א ליעדעלע מיט אַ קרעכץ פאר אן אָנהויב און אַ זיפץ פאר אן אויסלאָז. מיר אַלע דריי צוזאמען פלעגען ווערען איין באַשעפעניס — דריי אין איינעם — ווי ער, כביכול, אין דער קריסטליכער רעליגיע און אין א געוויסען אַמעריקאנער אויל. מיר דריי פלעגען זיך פאַרשמעלצען. דעם אלטענ'ס חקירות, דעם איי־

ניקעל'ס נאַאיווע פראַגען, מיינע קרעכץ־זיפץ־קלאַג־און־וועקליעדער פלעגען ווערען פארשמאָלצען און דער עולם פלעגט אונז האַלטען פאר איין איינציגע פארשוין און... ווער ווייס? אפשר איז דער עולם ניט געווען גאָר אין גאַנצען אומגערעכט.

און שפּעטער, אין 1894, איז ער מיט מיר אַריבערגעקומען אהער קיין אמעריקאַ.

דאָ איז דער דלות ניט געווען אַזוי נאַקעט, אָפען און עפענטליך. אויב ער האָט אונטערן מלבוש געהאַט אויפען לייב טראַנטעס, אונטער די טראַנטעס וואונדען, אָרום די וואונדען גיפט און טויט־מיקראָבען, האָט זיך דאָס אלעס ניט אַזוי געוואָרפען אין די אויגען, ווי ביים לאַנדאָנער דלות.

און ביסלעכווייז איז דער פּילאָזאָף, וואָס די וועלט האלט פאר משוגע, געוואָרען א האַרעלע אַנדערס, הגם אין תוך דערזעלבער. איהם האָבען אָנגעהויבען באַשעפטיגען אנדערע ברואים חוץ די פּראָלעטאַריער; דער צווייטוויזענדיאָהריגער פּראָגעצייכען, — דער קרומער, אין דער הויך שטרעבענדער, אויף א פינטעלע שטעהענדער פראַגעצייכען, וואָס ווערט אָנגערופען איד־פּראָבלעם האָט איהם גענומען זיך עפּטער אַרומדרעהען פאר די אויגען, בעת ביי זיין אויסגעוואַקסענעם אייניקעל האָט זיך גענומען אויסבילדען אַ מעהר אידישער בליק אויפען לעבען און ביי מיר האָבען אָנגעפאַנגען זיך צו הערען נייע טענער אין די זעלטענער געוואָרענע ליעדער.

וויעדער זיינען מיר דריי געוואָרען איינס.

* * *

און די נאַטורגעשיכטע פון דעם משוגענעם פילאָזאָף איז פשוט, הגם אויפען ערסטען בליק, אַ האַרעלע קאָמפּליצירט. אַלע טראַייִצעס זיינען אַזוי.

ער איז א דענקער מיט א טרעהר אין אויג אָבער דער טרעהר לעשט ניט דעם ברען אין איהר.

ער האָט געפיהלען אין מח און געדאַנקען אין דער ברוסט, און דערפאר זיינען זיינע רייד צוטומעלט.

דאָס וואָס ער האָט וועגען זיך אליין געזאָגט אין דעם ארטיקעל: „אונהאלט איך" (אינ'ם ערסטען באַנד) מאַכט דעם עסק נאָך קלערער,— מאַכט די נאַטורגעשיכטע פון דעם אַלטען פאַרשטענדליך פאר גרויס און קליין.

אפשר וועט ער נאָך אַמאָל ענדיגען זיינע אייגענע ביאָגראַפיע, וועל איך זי ארויסגעבען.

## אינהאַלטס-פאַרצייכנים.

צווייטער טהייל

# צושלאַגענע געדאַנקען

## צייט-אַרטיקלען.



1894

## פון לאָנדאָן קיין ניו יאָרק.

## „אמת“ סעריע.

### 1895



### 1897

## 1899



## 1905

## נאָך די ערסטע רוסישע רעוואָלוציע.

## I.

## א בריעף קיין רוסלאַנד.

ביי אייך אפשר טאָקי ניט, אָבער דאָ, אין אמעריקאַ, ביי אונז, כאַפּט מען אַ ק ע ל ט.

ניט אומעטום, קינדער, כאַפּט מען די זעלביגע זאַך. אַט ביי אייך, למשל, אין מיינע צייטען פלעגט מען כאַפּען רעקרוטען אויף בוידימער, פּרייסלאַך אין שפּאַלטען, אַ מיאוס'ען סוף, אַ שול־רופער, וועלכער האָט זיך באַנאַרישט (מיט אַ שיקסע פון אַ פּרעמדען וואָלאָסט); מען פלעגט כאַפּען אַ גנב, אַ קאָזאַק, אַ מויז, אַ מצוה, אַ קדושה, אימיצען ביי אַ ליגען, אַן אַנטלאָפענעם שטאָט־באָק, אַ עילוי פאַר אַ איידעם, דעם רבי'ס שאיריים... אַ, מאַלע וואָס! יעמאָלט ביי אייך פלעגט דער טייוועל כאַפּען דעם מלמד און די חדר־אינגלאַך פלעגען כאַפּען די פייערדיגע פּעטש, ווייבער פלעגען כאַפּען מציאות, אָדער אַ העכט בעת דער פישער פלעגט זיך פאַרקוקען, הגם דאָס פלעגט ניט אָפט פּאַסירען, מחמת אַ בת־ישראל איז פּאָרט ניט אַ רוסישער קאַזנאַטשיי: זי האַלט פון לא תגנוב. אַלץ פלעגט מען יעמאָלט כאַפּען, נור ניט קיין קעלט.

און די היגע קעלט, די קעלט וואָס מען כאַפּט דאָ, איז אייגענטליך אייער קאַטער, דער רוסישער נאַסמאָרק, אַ מין ערקעלטונג וואָס באַזעצט זיך ווי די דייטשע אידישקייט, צוערשט אין נאָז און פאַרשטאָפּט איהם מיט גאָט וויים וואָס, און מאַכט איהם ניסען מיט אַזוי פיעל שטורעם און התפעלות, אַז מען וואָלט מיינען אַז ער, דער נאָז איז אַ איד, וואָס געהט אויפ'ן טערק, אָדער אויף אַ פּאַלעסטינעץ.

דאָס איז דערזועלביגער היימישער קאַטער, וועלכער קרויש־קעט זיך אַרויס פון נאָז און קלייבט זיך אַריין אינ׳ם בוידים פון קאָפּ, אונטער׳ן דאַך, אונטער׳ן סאַמע שאַרבען, ביי דעם אידען׳ס פמליא של מעלה, דאָרטען וואו עס פלעגען אַמאָל, אין די גוטע אַלטע צייטען ליגען אין זייער רוה די גאָלע שמות, די סמאַטעס הקדושים, די פאַרשטויבטע און איינגעגרויבערטע קדרות, וואָס האָ־בען זיך אָנגעקליבען אין אידישע מוחות פון מתן תורה ביז׳ן לעצ־טען באַזעלער קאָנגרעס... אָבער איך פאַרקריך.

הייסט עס, דאַכט זיך, דערזועלביגער קאַטער און דאָך וועט מען איהם ביי אייך ק ר י ג ע ן און ביי אונז כ א פ ע ן און דאָס קומט אַלץ דערפון וואָס דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז ניט מלך סאָ־ביעסקי... אין קאָוונא זאָגט מען סאָבעצקי, אָבער קאָוונא איז זעהר אַ ליטווישע שטאָדט, זי הייסט זאָגאַר נאָך אַ ליטווישען געקרוינטען בורדיוק מיט׳ן נאָמען קאָוען, וועלכער האָט געקיניגט איבער ליטאַ אין דעם עלפטען יאָהרהונדערט און וועלכען מען וואָלט אין דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט געווים אַרויסגעטרי־בען אי פון פעטערבורג אי פון קאַרמעליטע (לאַכט ניט, איך וויים וואָס איך רעד) מחמת קאָוען הערט זיך אָן ווי קאָהען... בקיצור, דער כאַפּען קומט דערפון, וואָס דאָ אין אַמעריקאַ ווערט אַלץ גע־טאָן בחפזון, נור אַרום דעם וועלען מיר רעדען אַנאַנדערס מאָל, ווייל ניט דאָס בין איך אויסען.

וואָס איז וויכטיג צו וויסען פאַר אייך און די וועלט איז אָט וואָס:

צוריק מיט אַ וואָכען זעקס האָב איך, ניט פאַר אייך גע־דאַכט, ניט פאַר די רעוואָלוציע געדאַכט, געכאַפּט אַ קעלט. דאָס איז מיר אַריין אין קרייץ... איהר פאַרשטעהט וואָס איך מיין: אינ׳ם קרייץ פון רוקען, ניט חלילה אין עפּעס אַ קרייץ אויפ׳ן האַר־צען... איך שטאַם ניט פון משה מענדעלזאָהן׳ס משפחה און אין אַמעריקאַ איז שמד אַ געבראָכענער געשעפט (אידעלאַך האָבען עס איבערגעפיהרט) און איך בייט ניט קיין אמונות, ווייל איך האָב ניט וואָס צו בייטען, און אַז איך זאָל וועלען אַריינגעהן אין אַ

קירך האָב איך דאָ ניט ווייט פון מיר א קלויז, וואָס איז שבת א שול און זונטאָג א צערקאָוו — אויב מען דאַרף... נור איך פאַר־קריך ווידער...

כסדר אַזוי... מיין קעלט האָט זיך אריינגעכאַפּט צו מיר אינ׳ם קרייץ און אַ קעלט אין קרייץ מאַכט אימער שטייף (דאָס באַווייזט די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיאָן) און פון קרייץ איז עס אריין אין די לינקע זייט און פון דאָרטען אין די לענדען און מיין פּערזענליכע באַוועגונג איז געוועזן פּאַראַליזירט און איך בין געוואָ־רען שטייף ווי א מייסטער נאָך א דורכגעפאַלענעם סטרייק, אונ־באַוועגליך ווי ביאת הגואל, ליגענדיג ווי א שטיק בליי אויפ׳ן בעט גיכער א משא ווי א זאַך, א פּשיטא שוין א מענש, א פּילאָ־זאָף!

נו, ליג איך און טראַכט... מחשבות׳ן, י ע ד ע נ י ד ע ר־ל א ג ע ברענגט צום נאָכדענקען, צום טראַכטען... רוסלאַנד נאָכ׳ן קרים־קריג, פראַנקרייך נאָך סעדאַן, און אפשר טאַקי ווי־דער רוסלאַנד היינט, נאָך א גנלע מפּלה... נור לאָמיר ניט כאַפּען די פיש פאַר׳ן נעץ... בקיצור, איך ליג און טראַכט און מיר קומט ארויף אויף די רעיונות אַז ביי אונז כאַפּט מען וואָס ביי אייך קריגט מען, און ווי איך זאָג אין געדאַנקען: „ביי אונז — ביי אייך", פּאַרקלעמט מיר די האַרץ...

הערסטו — ביי זיי, ביי אונז... אָבגעטיילט, דערווייטערט, זיי דאָרטען און מיר דאָ, א י ך דאָ! און מיך טיילט אָב פון זיי ניט דער גרויסער ים מיט די קלענערע ימים מיט די שטיק יבשה וואָס ליגט צווישען ניו יאָרק און די ליטווישע ארץ ישראל; מיך טיילט פון זיי אָב ניט די 27 יאָהר וואָס איך בין פון דער היים; מיך טיילט פון זיי אפילו ניט אָב וואָס איך בין דער אַלטער דור און זיי דער נייער, וואָס מיין בין השמשות קומט אויס ביי זיי אַרום פריהמאָרגען, וואָס זיי געהען ארויס אין דער וועלט צו דער ארבייט בשעת מיר הויבט שוין אָן צו דרעמלען... ניין, קינדער, ניט דאָס!

מיך טיילט אָב פון אייך אַנאַנדער זאַך.

בשעת איך בין ארוים אין גלות זיינען מאנכע פון אייך נאָך געווען אין ווינדעלאַך, די מייסטע נאָך ניט געבאָרען. א אידישער בעל־מלאכה איז דאַן געווען, א בעל־מלאכה׳ס פּאָדמאַסטעריע איז שוין דאַן אויך געווען, אָבער א אידישער א ר ב י י ט ע ר, א אידישער פאַבריטשנער, א אידישע „האַנד", א אידישער פּראָלע־טאַריער איז נאָך דאַן נ י ט געווען. ניין, ניט געווען — סיידען אפשר אין פּאַפּיראָסען־פאַבריקען, און דאָס מעהרסטענס מיידלעך... דעם אָרעמאַן׳ס טאָכטער איז שטענדיג די ערשטע כפרה; דער־פאר אָבער, ווען די גאולה קומט, געהט מרים פּאָראויס מיט׳ן פּויק און זי איז די ערשטע ביים זינגען אָז ישיר... מערעלע! דער אָז ישיר איז שוין דאָ און די גאולה קומט, גרייט אָן דעם פּייקעלע...

וואו האַלט איך? יע! כסדר אזוי... איז בשעת איך בין אוועק פון דער היים, איז נאָך קיין אידישער ארבייטער אזוי גוט ווי ניט געווען און אזוי איז אויך נאָך ניט געווען קיין ארבייטער לשון... פארשטעהט מיך ריכטיג. איך מיין ניט אז עס איז דאַן ניט געווען קיין ציעגעל־טרעגער, קיין וואַפּנע־מאַכער, קיין קאַנ־זאָרטניק, קיין פּאַקען־טרעגער און אנדערע אזעלכע. וואָס איך מיין איז, אז עס איז נאָך דאַן ניט געווען קיין ארבייטער־ק ל א ס, קיין אידישער פּראָלעטאַריער־קלאַס, אזוי ווי עס איז נאָך ניט גע־ווען קיין ליטעראַרישע ארבייטער־שפּראַך, הגם מיר האָבען אלע גערעדט אידיש פון וויגעלע ביז׳ן קבר.

איז וואָס מיך טיילט פון אייך אָב איז איינפאַך דאָס:

איהר זייט א דור, וועלכען איך קען מיר קאַם קאַם וואָס פאַרשטעלען. מיט אייערע טאַטעס האָבען מיר גערעדט לשון קדש און מיר האָבען זיי דערצעהלט אויף יענעם לשון מעשות ווע־גען קאַפּיטאַל און ארבייט, וועגען סאָציאַליסטען און דעם סאָציאַ־ליזם און דאָס האָט זיי אויף א וויילע א נעהם געטאָן. דאַן האָט מען זיי געזונגען שירים וועגען ארבייט און ארבייטער און זיי האָ־בען שיער ניט געגומען וויינען. פּלוצלונג האָט א שיכור׳ער פויער א געשריי געטאָן „בעייטע זשידאָוו!" און איבער׳ן גאַס האָט זיך א לאָז געטאָן די אינגעווייט פון אידישע פּערינעס, און דאָס איז

געגוג געווען אזא אימה אריינצוזיאַגען אין די דינע הויט פון די לינקע משכילים, אז דער סאָציאַליזם זייערער האָט ביסלעכ־ווייז אויסגעוועפּט, אָדער — אין אייניגע פעלע — ארויסגעפלאַצט מיט דער קאָרקע מיט אַלעמען. א ווײַלע שפּעטער האָבען זיי שוין געזאָגט רבנן קדיש נאָך זייער אָבגעשטאָרבענעם אידעאַל און האָ־בען זיך גענומען בויען זייער צוקונפט אויף די קברים פון די מערת המכפלה זינגענדיג הנותן תשועה למלכים מיט גרויס התלהבות, כדי... איך ווייס?... כדי צו ווייזען, משמעות, אז קלעפּ זיינען ניט קיין שטער ניט צום רוסישען פּאַטריאָטיזם היינט, ניט צום ארץ־ישראליזם פון לעתיד לבוא...

פון זיי איז אין רוסלאַנד היינט ניט דאָ קיין שריד ופליט אזוי פיעל ווי איך ווייס. דערפאַר אָבער זייט איהר דאָ יונגע מענער און יונגע פרויען, און אייך איז מיר שווער צו פאַרשטעהן.

א קלייניגקייט! אָט זיינען די משכילים, די שלומי אמוני ישראל, די אינטעליגענץ, די סמעטאַנקע פון׳ם יודענטום, די די־רעקטע יורשים פון די חשמונאים, די קינד׳ס קינדער פון שמשון הגבור און איבער זיי געוואַלטעוועט מען און מען וואַיעוועט, און מען שפּייט זיי אין פּנים, און זיי, די העלדען שרייען תקע בשופר גדול לחרותנו און דאָס אפילו ניט צו גאָט, ווייל זיי האָבען איי־גענטליך שוין קיין גאָט ניט מעהר, זיי שרייען צו דר. הערצל, צו מאַקס נאָרדוי און צו די אַנדערע וועלכע זיינען געוואוינט צו ענטשיידען די אידענפראַגע מיט די פּיס, דאָס הייסט אויף דעם וועג פון ויצא יעקב, פון עמיגראַציע, פון אויסוואַנדערונג — (קלייבט זיך אוים וועלכען אויסדרוק איהר ווילט. באַטראַכט די איבריגע צוויי ווי ניט געלעזען) — מענשען וואָס קענען נור לוי־פען פון׳ם שונא.

און דאָ שטעלט זיך אוועק דער אידישער ארבייטער פון׳ם נייעם דור און זאָגט: „די אידישע פראַגע איז נור א טייל פון די סאָציאַלע פראַגע, זי מוז ענטשיעדען ווערען ניט מיט די פּיס נור מיט די הענט, און ניט אזוי פיעל מיט די הענט ווי מיט די

קולאקעם — ביד חזקה ובזרוע נטויה! נידער מיט דעם קנוט, נידער מיט די ממשלת הזדון!"

וואס זיינען דאס פאר ווערטער? און ווער רעדט זיי? דער קול איז דער קול פון לאסאל און די הענט זיינען די הענט פונ'ם ארבייטער, וואס אויף איהם האט דער דאזיגער לאסאל געזאגט: „ער איז דער פעלז אויף וועלכען דער טעמפעל דער געגענווארט געבויט ווירד", נור דאס איז דערצו נאך א אידישער פעלז.

אבער ווער וואלט דאס געגלויבט? ישראל'יק אלס ארבייטער געהט ארוים אויף א מאי־פאראד אין די אידישע שטעדט, וויסענדיג וואס ער האט צו ערווארטען און ער געהט ארוים מוטיג בקומה זקופה, געהט ארוים מיט געוויסהייט אז די וועלט איז זיינע, ווייל ער און זיינע ברידער פון אלע אנדערע נאציאנען האבען אט די דאזיגע וועלט געמאכט; ער ווייס אז אפשר האט דער אויבערשטער אין דעם א חלק, אבער זיכער ניט דער פאבריקאנט, זיכער ניט דער בעל־הבית, זיכער ניט דער מאן וואס האט אין דעם עסק אריינגעלעגט ניט מעהר ווי געלד און געלד — דאס ווייס דער מאי־פאראדניק — איז ניט מעהר ווי ניט באצאהלטע ארבייט פון אנדערע לוין־ארבייטער! פון ניט אין גאנצען באצאהלטע ארבייט!

און איך, וואס ליג אזוי אונבאוועגליך ווי דער שלים־מזל אויפ'ן מלמד, און קען זיך ניט ריהרען פון ארט עפעס אזוי ווי איך וואלט געווען דער אמת ביי פאן פלעווע אין בוזעם, און קען זיך ניט א הויב טאן אהן יסורים אזוי ווי דער ראדיקאלער עלעמענט ביי די ציוניסטען, און בין אין גאנצען א לעבערליכע, לענגליכע שטיק מרה שחורה, — איך, אלזא, אט ווי איך... האב געוואלט זאגען: „אט ווי איך שטעה און געה" — איך וואס קען ניט שטעהן און געהן, אפילו ניט ליגען... איך, אלזא, זעה אייך ארויסגעהן אין די גאסען, אייך ארבייטער, אייך די קינדער פון די טאטעס, וועלכע האבען געקראכען א ווייסען נאז און א שרעק אין אלע ביינער ווען זיי האט זיך געדוכט, אז זיי האט זיך גע'חלום'ט, אז אימיצער האט געזאגט, אז איהם האט זיך געדוכט, אז ער האט גע־

הערט ווי מען האָט געזאָגט, אַז מען האָט געזעהן ערגעץ־וואו אַ „זשאַנדאַר”... איך זעה אייך אַרויסגעהן אין גאַס און אַלט ווי איך בין, פיהל איך אַז איך מאַרשיר מיט אייך מיט, אַז איך געה מיט אייך מיט, אַז איך לעב מיט אייך מיט, און קעמפּף מיט אייך מיט. און דאַן... וואַרט אַ ווייליגקע... אימיצער קומט.

ברוך הבא! מיין אייניקעל: ער איז דאָ!

ער האָט אַ פולע מויל נייעס פון דער מלחמה. ער איז אַ גאַנצער יאַפּאַנעץ...

„זיידע, די געלע קעהרען די וועלט.”—

איך ענטפער איהם און זאָג:

—„נאַרעלע, ע ר וועט קריגען זיין מפּלה ניט פון די ג ע ל ע, נור פון די ר ו י ט ע, דאָס געדענק.” —

מערעלע, גרייט אָן דיין פּייקעלע, מיין קינד.

.1904



## II.

## וואָס וועלען זיי טאָן מיט איהר?

קוים האָבען זיך מיינע אויגען צוגעמאַכט, האָב איך אָנגע־הויבען צו זעהן... איהר האָט אַ טעות. קינדער! דאָ איז קיין שום טעות ניטאָ, קיין שום דרוק־פעהלער!... מחשבות׳ן רעדענדיג וועגען דרוק פעהלערען, ביי אייך דרוק פעהלט — ברוך השם! — ניט, ניט דער, ניט יענער: ניט דער דרוק פון אונטען, וועלכער מאַכט די שוואַרצע פינטעלעך, ניט דער דרוק פון אויבען, וועלכער מאַכט די שוואַרצע חתימה׳לעך, מיט די שוואַרצע, פינסטערע, אָבגעשניטענע יאָהרען אויף די רויטע, הערליכע, אונבאַפלעקטע נשמה׳לעך; ניט, בקיצור, דער דרוק פון די ראָמס, ניט דער דרוק פון די ראָמ—ס, דאָס הייסט, ניט דער דרוק נאָכ׳ן זעצען, ניט דער דרוק פאַר׳ן זי־צען... אייך פעהלט היינט גאָר ניט, הלואי ווייטער!

איז וואָס וויל איך אויספיהרען?

בסדר אזוי: קוים, זאָג איך, האָבען זיך מיינע אויגען צוגע־מאַכט, האָב איך אָנגעהויבען צו זעהן... טאַלייראַן, דער געִ׳פגר׳־טער פראַנצויזישער דיפּלאָמאַט... אַ דיפּלאָמאַט איז איינער, וואָס האָט אַ דיפּלאָם אויף מולירען, וואָס מיר דאָ איז אַמעריקאַ רופען... ניין, וואָס מיר פּראַקטיצירען אונטער דעם נאָמען פון בלאָפען... אַלזאָ, טאַלייראַן, אייך צו לענגערע יאָהר, האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען אַ שפּראַך, אום ער זאָל קענען פאַרשטעלען זיינע געדאַנקען, פּונקט אזוי האָט דער יוצר האָדם איהם (לנקבה: איהר) געגעבען אויגען כדי ער (אָדער זי) זאָל האָבען מיט

וואָס ניט צו זעהן. דער פּועל יוצא דערפון איז... נור איך זעה איהר ווילט וויסען וואָס איך מיין מיט די ווערטער „אויגען ניט צו זעהען”. לאָמיך אייך ערקלערען:

די ארבייט — אַ שטייגער, די מענשליכע ארבייט — באַשאַפט מכל טוב סלה און קריגט אַ קרענק און גיט אַ דאַנק... יע, זי באַשאַפט אַלץ, אפילו דעם שוך פאַר די פיס, וואָס בריקעט איהר, אפילו דעם ראַפּניק פאַר די האַנד וואָס שמייסט איהר, אפילו די קייטען, מיט וועלכע מען שמידט איהר — הענד און פיס... נור איך פאַרקריך. אזוי, אַלזאָ, ווערט דאָס באַהאַנדעלט די אַרבייט פון קאַפּיטאַל, איהר אייגענעם קינד (ניש־קשה פון אַ בנ'אָק!). נו, אין פלוג איז דאָס דאָך אַ ווילדע זאַך. אין פלוג איז דאָך די קשיא, היתכן? ווי שיקט זיך דאָס? ווי זעהען דאָס מענשען ניט איין? אלא איז דער תירוץ: דאָס זעהען מענשען מיט אויגען, וואָס זעהען ניט פיעל מעהר ווי, למשל, היהנער אויגען אין ענגע שיך, אָדער שמאַלץ־אויגען אין פעטע יויך, אָדער יענע אויגען ביי די פאַרצייטיגע געטשקעס, אויף וועלכען דער תהלים זאָגט: עינים להם ולא יראו... וואָלטען די דאָזיגע מענשען געהאַט אויגען טאַקע צום זעהן, וואָלטען זיי אפשר שוין לאַנג, לאַנג אַ טראַכט געטאָן און דער וואָרט „היתכן” וואָלט דאַן אויסגעוואַקסען, ווי יעקב אבינו'ס לייטער, פון דער ערד ביז'ן הימעל, און דער מלאך גבריאל, דעם אויבערשטענס גראַף וויטע, וואָלט געמוזט ענטפערען, אָדער אַראָפּ פון ביינקעל... מחשבות'ן! וואו איז ער, אייער, דאָס הייסט, אונזער וויטע? איך זאָג „אונזער וויטע” מחמת דאָ אין פאָרטסמוט האָבען מבינים געזאָגט, אז אין דעם פּרט פון בלאָפען איז וויטע אַ גאַנצער אַמעריקאַנער, דערצו נאָך איינער, אין וועלכען עס קלאַפּט אַן אָדער פון באַראָן מינכהויזען, דער אבי־אבות השקר, וועלכער איז אַ... נור לאָז זיין; ווען איך זאָל זאָגען אַ ווילנער כאָיכע, וועלען זיך די סאַטער קיסלער געפינען באַליידיגט... עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם, איבערהויפּט ביי די בלאָפערס... וואו, זאָג איך, איז ער דער גרויסער דיפּלאָמאַט? ניט שוין געהט דאָס אויף איהם דער פּסוק:

„פארבליפט. פארבלאָפט, פארבלענט, פארבליסטשעט,
ערשט אפלאָדירט, דאן אויסגעסווישעט?"
וואָס דאָס איז האלב־טייטש, פּאָלאָווינא רייסיש, נאַטוראַלי־זירט אין אמעריקאַ.
אָבער נחזור לענינינו.
קוים, זאָג איך, האָבען זיך מיינע אויגען צוגעמאַכט, האָב איך אָנגעהויבען צו זעהן... דזשאהן מילטאָן איז אויף דעם אופן געקומען צו שרייבען זיין „פארלאָרענעם גן־עדן", אָבער ער איז פריי־הער בלינד געוואָרען, וועהרענד ביי מיר האָבען זיך די אויגען מיינע נאָר אויף א ווײלע צוגעמאַכט... אויף א קורצע ווײלע, פון הוילע מיעדקייט, אָט ווי ביי אייך, למשל, ביי דער רעוואָלוציע צייטענ־ווייז... און אַרום מיר איז געוואָרען האלב־ליכטיג, ווי עס ווערט אין דער דעמערונג, איידער די זון געהט אין גאַנצען אויף, אָדער איידער זי געהט אין גאַנצען אונטער... ווי עס זעהט אוים בשעת די פרייהייט ווערט געבאָרען, אָדער ווען זי שטאַרבט... האלב־פינס־טער, האלב ליכטיג ווי ביי אייך אין די אידישע הערצער, ווי עס האָט געלויכטען דער רמב"ם אינ'ם מיטעל־אַלטער... דער מיטעל־אַלטער דאָס איז דער חול־המועד אין דער וועלט געשיכטע, דאָס איז א טויזענד־יאָהריגער בין־השמשות פאר דער געבורט פון די נייע צייט, פאר די ענטדעקונג פון די נייע וועלט. דאָס איז... נור לאָז זיין. לאָמיך אָנהויבען פון דאָס ניי.
כסדר אזוי: קוים האָבען זיך מיינע אויגען צוגעמאַכט האָב איך גענומען זעהן, ווייל אַרום מיר איז געוואָרען... האלב־ליכטיג.... ווען עס איז זעהר ליכטיג, אָדער זעהר פינסטער איז שווער צו זעהן: שמחות און לויות, אי די אי יענע פארדונקעלען די ראיה; סיי דער גליקליכער פארליעבטער, סיי דער פאר'חושך'טער זעהט ניט קלאָר; איהר קענט פונקט אזוי וועניג אריינקוקען אין די זון אין מיטען טאָג ווי אין דער פינסטערניש אין מיטען נאַכט און צום באַטראַכטען דארפט איהר ספּאַקולען ביי דעם ליכטיגען דאָבראָליובאָוו ניט וועניגער ווי ביים פינסטערן קרושעוואַן...
הייסט עס, אז מיר איז געוואָרען ליכטיגלעך... ליכטיגלעך!

דאָס איז דער ריכטיגער וואָרט. וואָלט איך איהם געפונען פריהער, וואָלט איך איצט שוין געווען א סך ווייטער... יע, ליכטיגלעך! מחשבות'ן; די מענשהייט וואָלט אפשר שוין געווען א סך ווייטער, ווען מען וואָלט אימער אין דער צייט געפינען דעם ריכטיגען וואָרט, ווי למשל, דעם וואָרט מאַסענמאָרד, רעדענדיג וועגען מלחמה, מאַסענבעטרוג פאַר האַנדעל, מאַסענרויב פאַר אינדוסטריע, מאַסענ־בלענדונג פאַר אמונה און אזוי ווייטער, ווי — איך אליין און מאַנכע אַנדערע פילאָזאָפען האָבען דאָס אייך אָפט אויסגעטייטשט און איינגעאידישט.

* * *

יע, ליכטיגלעך איז געוואָרען אַרום מיר. און מיין צימער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגען עפּעס אזוי ווי א זייפענבלאָז, אָדער א גוזמא, אָדער א ליעבפולע האַרץ, אָדער א פאַרגליווערטע דאָגמא אין די רעוואָלוציאָנערע היץ... און מיין צימער איז אויסגעוואַקסען אי אין דער הויך, אי אין דער לענג, אי אין דער ברייט — א שטיי־גער ווי — עס וואַקסט אוים לאַסאַל, דער אידישער גלות און „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" ווען איהר באַטראַכט די דריי לאַנג גע־נוג... יא, לאַסאַל ווערט העכער, דער גלות לענגער און דער מאַניפעסט ברייטער, — ברייטער, און טיעפער, און פולער, און אינהאַלטס־רייכער ווערט ער: א גלאָבוס, אָט דאַכט זיך, טראָגט איהר איהם אַרום אין האַנד און דאָס ווייזט אייך א וועלט...

אַלזאָ, מיין צימער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגען און פון דער ערד, פון מיטען, האָט זיך אויפגעהויבען א מזבח און אַרום איהם איז געוואָרען א גרויסער גראָבען, ערטערוויייז ברייט און פלאַך ווי די אַמעריקאַנישע בילדונג.

און איבער דעם גראָבען פון ביידע זייטען מזבח האָט צום מזרח צוגעשוועבט א יאַסטרעב. און צו מערב א פּרעכטיגע, מעכ־טיגע, ווייסע טויב...

און א פייער האָט געברענט אויפ'ן מזבח, אָבער אַנשטאָט שייטלען האָלץ זיינען געלעגען איינער איבער דעם אַנדערן, מעשה־צלם, מענשליכע ביינער, — ביינער פון הענט און פון פים און פון

רוקענס, וואָס פון די מאַרך אין זיי האָט זיך געקאָרמעט דער פייער, ברענענדיג אַלץ העכער און ווילדער.

און אויף דעם מזבח, פון ביידע זייטען, זיינען געפאַלען קרבנות, און זייער בלוט האָט אַרונטערגעטריפט אונטען, אָנפילענדיג דעם גראָבען.

און איינצעלנע קרבנות האָט געבראַכט די טויב און מאַסען אַזעלכע האָט געאָפפערט דער רויב־פויגעל. און וואָס העכער עס איז געשטיגען דער פלאַם און וואָס פולער עס איז געוואָרען דער גראָבען, אַלץ מעהר האָט געשמייכעלט די טויב, אַלץ מעהר האָט געוויטעט דער יאַסטרעב.

און גרעסער, און געדיכטער, און טונקעלער איז אַלץ געוואָרען דער רויך, און העכער און העכער איז ער געשטיגען צום הימעל, ביז ער האָט זיך פאַראייניגט מיט די רעגען שוואַנגערע וואָלקענס און זיי זיינען געוואָרען איינס, ווי עס פאַראייניגען זיך און עס ווער־רען לבשר אחד דער אַבערגלויבען און די אונוויסענהייט אַרום דעם אַרבייטער־פאָלק.

און ווי עס זיינען געפאַלען, איינציגווייז, די קרבנות אונטער דער טויב און, הונדערטערווייז, אונטער'ן יאַסטרעב, האָט צום טויט באַגלייט די ליעבע די הונדערטער, און דער האַס די איינציגע. און די טויב, אַזוי ווי עפּעס טריאומפירענדיג, האָט מיט איהרע שנעע־ווייסע פליגלען אַפּלאָדירט די געאָפּפערטע מאַסען — צווי־שען זיי פיעלע, פיעלע פרייוויליגע קרבנות, וועהרענד דער יאַס־טרעב פאַרצווייפלענדיג, האָט געפּאַכט מיט אַ שרעקליכען גרים־צאָרן, דערביי מיט זיינע פליגלען פאַנאַנדעריאָגענדיג דעם רויך אין אַלע פיער עקען וועלט, כדי אז זי, די וועלט, זאָל ניט קענען זעהן זיין פאַרצווייפעלטע אָהנמאַכט.

* * *

און דאָ ערשיינט פלוצלונג פאַר מיר דער פרייהייטס־גייסט אין זיין גאַנצע הערליכקייט — אַזוי מילד ווי ער איז מעכטיג, אַזוי רוהיג און פריעדליך אויפ'ן פנים ווי שטורמיש און קאַמפף־לוס־טיג אין זיין געמיט: דער גייסט פון אַמאָל.

און ער עפּענט זיינע לעפּצען און רופט זיך אָפּ צו מיר און זאָגט:

„מענשענקינד, וואָס דענקסטו, ווען דו זעהסט אָן יענעם מזבח, און איהם באַטראַכטענדיג וואָס קלערסטו?"

און איך ענטפער אַזוי צו זאָגען:

—„איך זעה אָפּפער פאַלענדיג פון ביידע זייטען, דאָ איינצעלנע, דאָרטען מאַסענוויז און מיר דוכט, אז פון די וואָס פאַלען איינציגוויז גיסט זיך בלוט איינענע, אָבער זיי זיינען אויך איינגעטונקט און בעפאַרבען מיט פאַלקס-בלוט, זיי און די קליידער אויף זיי, וואָס דער פייער פאַרצעהרט אַצינד".

„מענשענקינד, דו האָסט גוט געזעהן, איצט ווייטער".

—„און איך זעה ווי דאָס בלוט פון ביידע זייטען גיסט זיך צונויף און דער גראָבען ווערט ערטערוויז ברייטער און ערטערוויז טיעפער".

„ווייטער, ווייטער"!

—„און איך זעה ווי דער יאַסטרעב וואַרפט פון זיינע אויגען גיפטיגע, טויטליכע שטראַהלען צו דער טויב צו, אָבער מיר דוכט, זיי טרעפען איהר ניט. און ווייט דאָרטען אין דער לופט זעה איך, דאַכט־זיך, דעם טויט, דעם שרעקליכען מלאך־המות, וועלכער שיינט צו שטרעבען צו איהר, אָבער ער האָט, משמעות, אויף איהר קיין שליטה ניט, און בשעת מעשה האַלט ער דעם מאָרד־פויגעל אויף א שטריקעל ביים פוס, אָבער איהם וויל ער ניט נעהמען. וואָרום, אָה, הייליגער גייסט?"

„מענשענקינד, דער טויט דיענט ביי איהם און ער אַרבייט פאַר'ן טויט. זיי זיינען חברים און זיי העלפען איינער דעם אַנדערן, אָבער די טעג פון דעם יאַסטרעב זיינען געצעהלטע".

—„אָבער ווי לאַנג נאָך וועט דער מזבח קריגען אַלע טאָג נייע קרבנות און ווי לאַנג נאָך וועלען די גראָבענס טרינקען מענשליכע בלוט?"

און דער גייסט טוט א שמייכעל, בליקט מיך אָן און זאָגט:

„דאָס וועט דויערען אַזוי לאַנג ביז מיין מוטער, די פרייהייט,

וועט נעהמען געוועלטיגען איבער דער גאַנצער מדינה, ווייל, מענ־שענקינד, איהר קעניגרייך... ווייסטו וואָס די פרייהייט'ס קעניגרייך באַטייט?"

—„זאָג מיר, גרויסער גייסט!"

„ווען איהר קעניגרייך קומט איז מעהר ניטאָ קיין קעניג און קיין רייכער... איך רעד אויף דיין מענשליכען לשון".

„איך פאַרשטעהע — פאַל איך איהם אריין אין די רייד — — ווייל כל־זמן עס איז נאָך ערגעץ־וואו פאַראַנען אַ קרוין אָדער אַ געלד־זאַק, אַ גילדענער סצעפּטער אָדער אַ גילדענע מטבע, אַ טראָן אָדער אַ בערזע, קען ניט זיין קיין אָרט פאַר אמת'ע פרייהייט, קען ניט אויפגעבויעט ווערען דיין מוטער'ס טעמפּעל, אָבער..."

און ווי איך רעד אויס דאָס וואָרט „אָבער" געהט מיר אריבער אַ סקרוך איבער'ן לייב, אַ שרעק ערגרייפט מיך און אַלע חדרים פון מיין הארצען ווערען אָנגעפיהלט מיט אימה.

„אָבער... וואָס?" פרעגט דער פרייהייטס־גייסט, און איך ענטפער איהם, מיט גרויס מיה אַרויסברענגענדיג די ווערטער:

—„אַט די אַלע פרייהייטען זייערע, די רעכטע... ווען... ווען זיי וועלען זיי ענדליך באַקומען... ווען דאָס פאָלק וועט ענדליך באַקומען... ווען דאָס פאָלק וועט ענדליך זיעגען און זיך עראָבערן אַט... דיעזע... אַלע רעכטע?"

„רעד אַרויס, שרעק זיך ניט!"

—„אָה, גרויסער גייסט, וואָס וועלען זיי טאָן מיט זיי?"

„ווארום, מענשענקינד, פרעגסטו אַזאַ פראַגע און ווארום קלאַפּט אַזוי דיין הארץ בעת דיינע ליפּען ברענגען אַרויס דיעזע ווערטער?"

—„ווייל איך האָב געזעהן און איך ווייס, אַז פרייהייטען און רעכטע מאַכען די פעלקער נאָך ניט גליקליך. פאַרקעהרט די שווער־ערוואָרבענע פרייהייט ווערט אָפט מיסברויכט צו שלעכטע צוועקען".

דער גייסט האָט פון דאָס ניי צו מיר צוגעשמייכעלט און דאָס געזאָגט:

„אלץ, מענשענקינד, וואָס איז גוט ווערט מיסברויכט — ביז א צייט".

„געזונדהייט ווערט מיסברויכט מעהר ווי אלץ: אמאָל צום רויבען און מאָרדען, אמאָל צום שמיעדען קייטען פאַר די שוואַכע און די קרענקליכע, אמאָל זאָגאר צו פאַרניכטען די פרייהייט, געזונדהייט און גליק. און דאָך איז געזונדהייט וויכטיג. זי איז וויכטיג פאר זיך אליין, לשמה, לשם געזונדהייט, פון איהרטוועגען אליין; וויכטיג אפילו ווען זי ווערט ניט באַנוצט. זי איז גוט און נויטיג ווי דער זונענשיין אפילו בשעת ער וואַרעמט ניט, ווי דער לעבענספּולס אפילו אין שלאָף, אפילו אין א לאַנגען שלאָף, אפילו ווען עס שיינט, אז די באַוועגונג איז אויפגעהאַלטען און די טעטיגקייט איינגעשטעלט, אז עס איז מעהר קיין לעבען ניטאָ".

„מענשענקינד, פרייהייט... וואָס? דיין הארץ איז נאָך אלץ ניט באַרוהיגט? רעד אלץ ארויס און זאָג מיר וואָס דיך שרעקט".

— „א, איך וועל רעדען, הייליגער גייסט! וואָס מיך קוועלט און שרעקט איז דער דערוויילָ. ווי וועט זיין, קלער איך, אויב זיי וועלען דערווייל אין רוסלאַנד, ווי דאָ אין אמעריקא, זייער פרייהייט פאַרשאַכערן פאַר א טאָפּ לינזען? ווען זיי וועלען זייערע רעכטע אוועקגעבען דעם שווינדלער אויף פּראָקאַט, דעם שענקער פאר א שנאַפּס, דעם גלאַטען צינגעלע פאר א חניפה, דעם גאָט'ס סטראַפּטשע פאר אן אָנווייזונג אויף א שטיקעל געפילטע (אפשר זאָגאר פוסטע) לויתן, לאחר ביאת הגואל, דעם מיליאָנער פאר א ביינדעל פון זיין טיש, דעם אדוואָקאַט פאר א דרעהדעל אין געריכט?"

—„ווי וועט זיין, פרעג איך, ווען זיי וועלען זייער פרייהייט, וועלכע איז אזוי שווער, אזוי ביטער אָנגעקומען, וועלכע האָט געקאָסט אזוי פיעל שוויים, אזוי פיעל בלוט, אזוי פיעל טרעהרען, אזוי פיעל ביינער, מאַרך און נערוון־זאַפט. וועלכע איז ערצויגען געוואָרען אין אזא אומגליקליכען קאַמפּף; וועלכע איז אויסגעוואַקסען אויף א שלאַכטפעלד, וואָס איז אימער, נאָך יעדער שלאַכט געוואָרען א בית־עולם, פול מיט יונגע קברים, פול מיט בלוט־

געפּאַרבטע מצבות, פול מיט געבראָכענע מוטער־הערצער אַרום און אַרום.

„ווי וועט זיין, ווען זיי וועלען דיעזע פרייהייט זייערע, וועלכע האָט זיך דורכגעבראָכען אַ וועג, גלייך ביים ערשטען אַריינקומען, אַ וועג דורך די פעסטונג פון טיראַניי מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דאָס האָט, אונגעריכטערהייט, געקאָסט טויזענדער לעבענס פון די אונ־טערדריקטעסטע, די פאַרשקלאַפּטעסטע, די אָרעמסטע, די רעכט־לאָזעסטע, בקיצור, די אידישע ראַסע, אויף וועלכע די טיראַניי האָט אַם מייסטען שליטה געהאַט, — ווי, פרעג איך, וועט זיין, ווען זיי וועלען דיעזע שווער ערוואָרבענע, טייער־באַצאָהלטע, כמעט מיט'ן לעבען געקויפטע פרייהייט מיסברויכען?"

„ווי וועט זיין ווען זיי וועלען מיט איהר טאָן דאָס וואָס די אַמעריקאַנער טוען מיט זייער פרייהייט, וועלכע לעגען זי אַוועק אָן אַ זייט, אינ'ם „רומפּעל־קאַמער", אונטען אין קעלער, ווי אַ זאַך וועלכע מען האָט אָבער מען באַנוצט זי ניט; וועלכע מען וואָלט אפשר אין גאַנצען אַרויסוואַרפען, ווען עס וואָלט ניט זיין אַן עבירה דאָס געלד, וואָס זי האָט געקאָסט, דאָס געלד און די מיה..."

„ווי דאַן, גרויסער גייסט? און ווי וועט זיין, טאָמער באַנו־צען זיי זייער פרייהייט צו קענען זיין אינטאָלעראַנט געגען אַנ־דערע, צו קענען אונטערדריקען פרעמדע מיינונגען, פּונקט ווי אַנ־דערע האָבען אונטערדריקט זייערע? ווי וועט זיין ווען זיי וועלען אין דיין מאַמע'ס טעמפּעל אויפשטעלען אַ מזבח פאַר זייערע אפּיקורסים, און זיי וועלען אויפבויען אַ בימה פאַר זייערע אייגענע דאָגמען און זיי וועלען איבער'ן טויער איינקריצען די ווערטער: „הערט אויף צו דענקען, איהר וועלכע קומט אהער." — ווי דאַן, גרויסער גייסט, ווי דאַן?"

און דער פרייהייטס־גייסט, אימער רוהיג מילד און געלאַסען ענטפערט און זאָגט:

„אפילו דאַן, מענשענקינד, אפילו דאַן וועט עס ניט זיין אומ־זיסט. אפילו דאַן ניט.

„די האַק און דער רידעל, דער מעסער און דער האַמער קענען

געברויכט ווערען צו צוהאַקען און באַגראָבען, צום צושניידען און אין אַ טרונע פאַרקלאַפּען די בעסטע, די אונשולדיגסטע מענשען. געוויס, אָבער דאָס הייסט ניט, אַז דערפאַר זיינען די געצייג ניט אינסטרומענטען פון ציוויליזאַציע, דאָס באַטייט ניט, אַז מען דאַרף ניט קעמפּפען זיי צו ערווערבען ווען מען האָט זיי ניט (ווי ביי זיי) אָדער זיי ניט האַלטען און באַהאַלטען ווען מען האָט זיי, (ווי אין אַמעריקאַ).

„און מענשענקינד, אפילו ביי אייך, אָט אין די נייע וועלט וועט ניט אייביג בלייבען אַזוי ווי עס איז היינט.

„די זונענשטראַהלען, וועלכע היינט בלענדען נור, וועלען באַלד לייכטען; די פרייהייט, וועלכע איז היינט אַ דיענסטמויד ביים קאַפּיטאַל, וועט אין קורצען זיין אַ ניאַנקע ביי די ניי־געבאָרע־נע צייט, די צייט פון גלייכהייט און פון רעכט.

„מענשענקינד, אַפילו ווען די נייע פרייהייט זאָל ווערען פאַר־וואַנדעלט אין אַן אינסטרומענט פון אינטאָלעראַנץ און אונטערדריי־קונג, וועט סוף־כל־סוף די פרייהייט בלייבען, וועהרענד די אונטער־דריקונג מיט די אינטאָלעראַנץ וועלען פריהער אָדער שפּעטער פאַר־שווינדען. אַזוי בלייבט אייער מאַמע־ערד אימער באַשטעהן, בלייבט אימער פרוכטבאַר, בשעת די זומפּען אויף איהר ווערען מיט דער צייט אויסגעטריקענט פון דער זון און זיי פאַרשווינדען. — מענ־שענקינד, די פרייהייט איז אייביג, אָבער אייער מענשליכער לעבען דויערט אַ שטונדע און ציהט זיך אַ שפּאַן. איהר זייט אונגע־דולדיג...”

---

איך האָב אויפגעעפענט די אויגען און אַלץ איז געווען פאַר־שוואונדען.

אָט ווי איך זאָג אייך, קינדער: צו זעהן מוז מען צומאַכען די אויגען.

ניו יאָרק, סעפּטעמבער, 1906.

## III.

### ווען די הארץ איז אָל־רייט.

„די הארץ אייערע איז אָל־רייט!" האָט ער צו מיר געזאָגט... יע, אָלרייט... נו, איהר ווייסט דאָך מסתמא אַלע, וואָס אָל־רייט הייסט: דאָס איז אַן ענגלישער שטיפשוועסטערקינד פון אונזער ליטווישען „ניש־קשה", א מין תירוץ אויף אַלע קשיות, א שטייגער ווי דער עבדים היינו, אָדער דער סאָלדאַטסקער „זנאַט־נע־ זנאַיו", אָדער ר' ירוחם'ס: „אָט זעהט איהר דאָך..." נור לאָמיך ניט פארקריכען.

„די הארץ אייערע," איז אָל־רייט..." ער, דאָס איז, פאר־שטעהט איהר מיך, דער דאָקטאָר מיינער... מיינער — נו, דאָס רעדט זיך אזוי: א דאָקטאָר איז קיינעמ'ס ניט, — ניט אייערער, ניט מיינער; ער איז ניט א „האנד" אין פאבריק, ער איז ניט אימיצענ'ס א מענש, ער גיט ניט אוועק קיין ארבייטס־קראַפט אויף פראָקאַט; ער קומט און גיט און נעהמט און געהט. אמאָל איז דאָס וואָס ער נעהמט חשוב'ער ווי דאָס, וואָס ער גיט, אמאָל פארקעהרט... ווי אמאָל; אָבער לחלוטין קענט איהר איהם ניט האָבען, ניט לחלוטין, ניט אויף פראָקאַט....

בקיצור, „די הארץ אייערע איז אָל־רייט". ער האָט איהר, לאָמיך אייך זאָגען, גוט אויסגעהאָרכט... דער בוחן־לבבות וואָלט בעסער דאָס אַליין ניט געקענט... מחשבות'ן! ער, כביכול, דער אויבערשטער אין הימעל — ניט זינדיגען זאָל מען מיט די רייד — קימערט זיך היינטיגע צייטען ניט זעהר פיעל וועגען אידישע הער־צער און קוקט אין זיי וועניג־וואָס אריין, און האָרכט זיי וועניג־

וואָס אוים, מחמת אַניט וואָלט ער עפּעס געטאָן פאַר די צובראָכע־נע, פאַרקלעמטע הערצער פון די אָרימע, אונגליקליכע מאַמעס אין רוסלאַנד, וועלכע פיהלען היינט פון וויטען די ברענענדיגע וואונ־דען פון זייערע קינדער, וואָס זייער בלוט גיסט זיך אויף דעם מזבח פון זייער שטיף־פאָטערלאַנד, אַ לאַנד, וועלכע זאָגט צו אידען:
„טערפּי זשידאָק, קאַליעקאָי בודעש” און... און טאָמער קומסטו צוריק מיט איין פוס אין פאַרט־אַרטור און מיט די אַנדערע אין ווילנאָ; טאָמער קומסטו צוריק מיט אַ לאָך אין זייט, מיט אַ ריב, מיט אַן אויג, אַן אויער ווענינער ווי פריהער, וועט מען דיר דער־פאַר געבען אַן אָסטאַווקע מיט אַ טאָרבע...

בין ווידער פאַרקראָכען.

ער, הייסט עס, דער דאָקטאָר מיינער האָט אויסגעהאָרכט מיין האַרץ.

„אייער האַרץ, זאָגט ער, איז אָל־רייט!” דאָס איז געוועזן פאַר אייער כבוד רעדענדיג, בשעת איך בין געלעגען קראַנק אויף ראַמאַטעם און די גרעסטע סכנה איז באַשטאַנען אין דעם וואָס מיין האַרץ האָט, ניט פאַר אייך גערעדט, געקענט אָנגעריהרט ווער־רען. די האַרץ... אָה, וואַרט אַ ווייליגקע, איך מוז אייך דער־צעהלען אַ שפּאַס פון יענער צייט... בשעת איך בין געלעגען קראַנק.

איין טאָג ליג איך מיר אַזוי בהרחבה... אויסגעצויגען ווי די גאווה אויף די חזנות, אָדער ווי די אמונה אויף די אונוויסענהייט... ליג איך מיר אַזוי אויפ'ן רוקען... מיין רוקען איז גראָד אָל־רייט: איך האָב איהם קיינמאָל ניט געבויגען, ניט זיך בוקענדיג, ניט אימי־צען טראָגענדיג — בין ניט קיין ארבייטער וואָס שלעפּט אויף זיך די רייכע, ניט קיין שנאָרער, וואָס בוקט זיך פאַר זיי... בקיצור, אָט ליג איך מיר אַזוי אויפ'ן רוקען און קוק ארויף־צו־צו... קוקען ארויף־צו־צו איז ביי דעם אידען אין די בלוט, אַ מין צווייטע טבע; רק ער קוקט ארויף, אין דער הויך, אמאָל צום רבונו של עולם, אמאָל צו זיינע געזאַלבטע, צום רוסישען קיסר, צום טערקישען סולטאַן, צו די וואָס האָבען צו פאַרדינגען אוגאַנדאַ, אָבער אַליץ

למעלה הימנו, ארויף־צו־צו, צו די הויך געשטעלטע, די הויכע, די העכערע, די העכסטע, די אלער־העכסטע, די אלער־אלער־העכסטע ביז אין דעם זיבעטען הימעל אריין... רק אין דער הויך קוקט דער איד, רק ארויף־צו־צו, און דערווייל קלייבען זיך אָן ארום זיינע פיס גאנצע פולקען שרצים ורמשים, דאָ אונטען, דערווייל פארקריכט ער אויף דערנער, פארזינקט ער אין זומפען, געהט ער אראָפּ פון וועג און... אָבער ניט דאָס בין איך אויסען.

נו, אָט ליג איך מיר אזוי אויפ'ן רוקען; ליג איך און קוק ארויף צום באלקען צו, קוק און זעה גאָר נישט, א חוץ א ציוויליזיר־טען, גאזאָוועו הענגלייכטער, וועלכער לייכט איצט ביי־טאָג ניט, ווייל מען דארף זיין ליכט ניט, א שטייגער ווי מען דארף ניט דעם זוהר הקדוש וואו עס איז דאָ אמת'ע אויפקלערונג... קוק ארויף און זעה גאָר נישט און קלער גאָר ניט עטוואָס צו זעהן, חוץ אפשר ערגעץ־וואו א שפין, אָדער א פליג א פאראזיט... מחשבות'ן... וואו די קליינוואָרגס, די פאראזיטען, קענען זיך דאָס ביסעל ארויפווינ־דעווען! וואו א לייב וועט ניט צוקומען, וועט אייך דערגרייכען א שפין, אָדער א פליג...

און מיט אמאָל פארבענק איך זיך אהיים! יע, דיר נישט, מיר נישט, אהיים!

אייך קומט דאָס געוויס פאָר האמאטנע, ניין? א איד, קלערט איהר, וואָס איז מגולגל געוואָרען אזוי פיעל מאָל, וואָס איז געוואָרען — אָהן גוזמאות — פון א לשון־קודש'דיגען בחור א רו־סיפיצירטער העברעער, דערפון א פארטייטשטער רוס, דערפון א פראנצויזישער טייטש, דערפון אן אנגילזירטער פראנצויז, דערפון אן אמעריקאניזירטער ענגלענדער, דערפון א אידישער אמעריקא־נער — דאָס אלץ מיט דענישע, האָלענדישע, בעלגישע, שווייצע־רישע שטויב אויף די שטיוועל; א מענש, וועלכער איז שוין פון יאָהרען און יאָהרען אן אינטערנאציאָנאלער תיקון־שבועות אויף צוויי פיס, א „פאטערלאנדסלאָזער געזעללע", ווי דער מטורף וואָס קיניגט איבער פרייסען און קייזערט איבערן גאנצען „טייטשעשען בוידעם" וואָלט מיך גערופען ווען ביסמארק וואָלט מיך ניט ארויס־

געטריבען פון דייטשלאַנד אַ לאַנגע צייט איידער ווילהעלם און איך האָבען געהאַט אַ געלעגענהייט באַקאַנט צו ווערן, מחמת ער איז נאָך דאַן אַרומגעלאָפען אין קורצע מייטקעס און פלעגט נאָך ניט האָבען אַ טבע צו שפּיעלען די ראָלע פון די מויז איבערן צימבעל אויף דעם „אייראָפּעאישען קאָנצערט”, אָדער די נאַטור טאָג־טעגליך צו באַווייזען מיט אותות ומופתים אַז ער איז אַ נאַר...

אָבער וואו האַלט איך? אָה, יאַ! אייך וואונדערט ווי אַזוי אַ מענש וואָס איז דורכגעגאַנגען אַזוי פיעל גלגולים אין אַזוי פיעל מדינות; אַ מענש וואָס האָט אין פלוג ניט קיין פאָטערלאַנד און ניט קיין מוטער־שפּראַך... ניט גענוג פאָטערלאַנד פאַר אַ גאַנצען קבר, ניט גענוג מוטערשפּראַך פאַר אַ מענה־לשון אַ גאַנצען, אַן אייגענעם... אייך וואונדערט, בקיצור, ווי אַזוי אַ מענש, וועלכער האָט ניט קיין היים, קען בענקען אַהיים?!...

מיך אויך.

און די קשיא איז אין גרונד נאָך הארבער ווי איהר מיינט. אַמאָל פלעגט מען זאָגען, אַנדערע זאָגען נאָך עד היום: ubi bene ibi patria מאַכט דער טייטש, וואו מיר איז גוט, דאָרטען איז מיין פאָטערלאַנד... דאָס איז, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אויף ליטיין. דעם לשון פאַרשטעה איך, למשל, אַזוי גוט ווי גאָר ניט, אָבער מיר ווילט זיך, איהר זאָלט מיינען, אַז איך פאַרשטעה, כדי איהר זאָלט פאַר מיר בושה האָבען... פאַר דאָקטוירים, אַפּטייקערס און געוויסע שרייבער האָט מען אפשיי צוליעב די אונפאַרשטענדליכקייט פון זייער לשון... אין שרייבען אָדער פאַרשרייבען. היינט אייגענטליך איז שוין קיין פאָטערלאַנד ניטאָ, מחמת די אייזענבאַהנען האָבען אָפּגעשאַפט דעם גרענעץ און דער טעלעגראַף מיט זיין שוואָגער דעם טעלעפאָן האָבען פאַרניכטעט דעם מהלך, און די וויסענשאַפט האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט, וועלכער האָט באַוויזען אַז ניט דער זעקס־שפּיציגער מגן־דוד און ניט דער פיער־שפּיציגער צלם זיינען ניט דאָס וואָס טיילט פאַנאַנדער מענשען און פעלקער און ראַסען...

אָבער ווי דאָס זאָל ניט זיין, עס בענקט זיך אַהיים און ווען

איך זאָג „אהיים" מיין איך דערמיט ניט דעם זעלבען אַרטיקעל ווי מיינע אָרימע ברידער, די עהרליכע, צודולטע צאַן קדשים, וועל־כע רופען זיך סאָציאַליסטען־נאַציאָנאַליסטען, דאָס הייסט, מענשען וועלכע שטעהען מיט איין פוס אין דעם קלאַסענקאַמפּף און מיט דעם אַנדערן אין דעם ראַסענקאַמפּף; דאָס הייסט, מענ־שען וואָס זאָגען מיט אַ האַלב מויל: מיר זיינען נעגען יעדען גרענעץ, נעגען יעדע צוגלידערונג, מיר זיינען וועלט־בירגער, מיר ווילען האָבען אין דער אַלטער וועלט אַ מין פּאַראייניגטע שטאַאטען פון אייראָפּא און אמת'ע ברידערליכקייט צווישען אַלע ראַסען אין די פאַראייניגטע שטאַאטען פון אמעריקא, און זיי זאָגען דאַן מיט די אַנדערע האַלב מויל: „מיר ווילען אַריינבלאָזען אַ נייעם לעַ־בענס־אָטעם אין די טויטע, טרוקענע, מאַרכלאָזע ביינער פון די אַלטע, פאַרטערקעוועטע מדינה, וועלכע פלעגט אמאָל, ווי מען זאָגט, רינען מילך מיט האָניג (אפשר וויל דאָרטען פלעגט זעלטען װען זיין רעגען־וואַסער: פאַר נויט עסט מען וויים־ברויט!), און מיר ווילען האָבען אַן אייגענע מלוכה".

אָה, יאַ, אַן אייגענע מלוכה! ביי אַ פאָלק פון אינטערנאַ־ציאָנאַלע אידען, ביי אַ נאַציאָן פון קאָסמאָפּאָליטען, ביי אַ דור־הפלגה לעולם ועד (אין פּערמאַנענץ, בלע"ז) פון מענשען, וועלכע רעדען אַלערליי לשונות, און האָבען אַלערליי זיטען און מנהגים, אַ מדינה וואָס וואָלט אויסזעהן ווי עסטרייך אין אַ טלית און תפלין, אַ מדינה מיט מדינה'לעך, מיט פעלקער מכל המינים, אַ מדינה מיט אַזאַ מין מיש־מאַש און ערב־רב אינעווייניג ווי אמאָל אין קאָוונאַ אין ר' לויבע פּאַק'ס קעשענע—פלעגען זיך רוהען פריעדליך אין איי־נעם: אַ פּושקע שמעק־טאַבאַק, מיט אַ טרוקענע גאָמעלקע פון היימישע קעז, מיט אַ פאַרשטיינערט פיש־קניידעל, מיט אַ רויטע באַיאָהרענטע פאַציילקע, מיט אַן אַלטען לוח, מיט אַן אַלאָבלע פון אויסגעדינטע שפּאַקולען, מיט אַ שטיקעל טריפ־וואַקס, מיט וועַרעמדיגע ארבעס פאַר (אָדער פון) אַ קאַלעקאָטקע, מיט אַ תפלת־הדרך'על, מיט אַ מלמד'ישע ציפּלינקע, מיט אַ פּעקעל ציצית, מיט אַ געוועזענע פּאָדניצקע, מיט ברעקלעך און די אינגעווייט פון אַ

צוברענטען המן־טאַש, אַ חוץ אפשר אויך אַ פאַרלעגענעם בריעף, וועלכען ער האָט באַדאַרפט איבערגעבען דעם ווילקאָמירער בעל־עגלה אַרום חנוכה־צייט און נאָך עפּעס אַזוינס.

אָרעמע צודולטע שעפּסעלעך! מיינט ניט, אַז איך האָב זיי פיינט... אָה, איך ווייס, מען האָט די צוטומעלטקייט אין זיי אריינגעפּראָגראַמעוועט, אריינגעקישינעוועט, אריינגעהאַמעלט; מען האָט אין זיין בידים אויפגעוועקט די אידישקייט און איינגע־שלעפערט די מענשליכקייט; און יעל געגען סיסרא לעבט ביי זיי און העסע העלפמאַן געגען סנדר השני איז פאַר זיי טויט.

און זיי מיינען אַז אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג קען זיך דרעהען — אַזוי ווי די ערד, אויף וועלכער מיר וואוינען — מיט אַ דאָפּעלטען גאַנג: אי אַרום די אינטערנאַציאָנאַלע זון, וועלכע באַלייכט אַלע פעלקער צוגלייך, אי אַרום איהר, די ערד'ס אייגענע נאַציאָנאַלע אַקס... אַקס, ברודער זעצער, אַקס מיט אַ פּתח אַלף און ניט מיט אַ קמץ אונטער איהם; טאָמער זעצט איהר דאָס אויס מיט אַ קמץ — „נאַציאָנאַלער אָקס" — ווערט מיר אַ געוויסער אידי־שער שרייבער אַן אייביגער שונא... אָבער וואו האַלט איך?

אָה, איך ווייס, דער איד איז ניט ערגער פאַר'ן פּאָליאַק, פאַר'ן אירלענדער, פאַר'ן אונגאַר, פאַר יענע אַלע נאַציאָנען און נאַ־ציאָנעכלעך, וועלכע זיצען אין עסטרייך ווי אין געהאַקטע וואונדען; דער איד האָט פּונקט אַזאַ רעכט צו זיין אַ פאָלק ווי יעדער אַנדערער, אָבער, קינדער, דער איד איז ניט אַ בוים אין דעם וועלט־גאָרטען, ער איז אַ צווייג אויף דעם בוים פון יעדער מדינה און טראָגט אָפּט די פיינסטע פרוכט (פון דעם גרויסען ברעסלויער לאַסאַל ביז דעם יונגען האָמעלער אַגראַנאָוו) און... אָה, ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַרשטעהן! דער איד איז אַלערליי אידען, מיט אַלערליי פאַר־גאַנגענהייטען, מיט אַלערליי אידען, מיט אַלערליי טראַדיציעס, מיט אַלערליי פּאָליטישע אומשטענדען... בעט אַ קלאָרען פילאָזאָף (מיר דאַכט, איך בין ווירקליך אין גאַנצען ניט ביים זינען: זיץ

אין אמעריקא און מאך ניט קיין געלד...) וועט ער אייך דאס ער־קלערען, איך ווייס נור פון ר' לייבע פאק'ס קעשענע און...

הייסט עס, יע, וואו בין איך געבליבען שטעהן... בין לא עליכם...ווארט, לאמיך נעהמען א שמעק טאבאק... איהר ניסט א טשיקאוועס, ביים שמעקען טאבאק? דאס איז דאך אויך א מין פולווער וואס שיסט ניט, א שטייגער ווי אונזערע טאטעס „שפוך חמתך” איז געווען א שטאך אין הארצען דעם פריץ, וועלכען ער האט ניט געפיהלט... נו, און איהר האט זיך, משמעות, דאך שוין צוגעוואוינט צו שמעקען פולווער... איהר ניסט שוין ניט מעהר... לאדזש, זשיטאמיר און האמעל באווייזען אז איהר ניסט שוין ניט מעהר... אמאל ניסט איהר ניט מחמת די פולווער דערגעהט ניט ביז אייער נאז ווי דאס האט פאסירט אין ביאליסטאק... יע, אין ביאליסטאק ווען זיי האבען אין וואלד אפגעהאלטען א מיטינג און אין וואלד זיינען הינטער די בוימער געלעגען באהאלטען געפאנצער־טע, באוואפענטע געלערנטע חיות בצורת אדם, וועלכע האבען אנ־געגריפען די יונגע מענער און פרויען אויף אזא'ן אופן, אז די פולווער איז צום נאז ניט צוגעקומען, ווייל מען האט זיי געמארדעט און פארוואונדעט פון הינטען און די בראווע קינדער זיינען גע־פאלען ווי געשניטענע זאנגען אין פעלד, מיט'ן פנים אראפ, מיט די פרייהייט אין הארצען, מיט א כפל־שמונה'דיגען פלוך אויף די ליפען פאר די ווילדע טיראניי, מיט א שטראם פון פרישע, ווארימע, לעבעדיגע בלוט, וועלכע איז געפלאסען פון די פרישע וואונדען אין זייערע רוקענס... יא, רוקענס, די מלאכי חבלה פון רוסלאנד האבען געשאסען אין רוקען... האלט! איצט ווייס איך וואו איך בין שטעהן געבליבען בעת איך האב לעצטעס מאל פארבלאנזשעט...

הייסט עס, ליגענדיג אויסגעצויגען אויפ'ן רוקען האב איך גע־נומען בענקען אהיים... אהין, וואו איך בין געבארען געווארען... מחשבות'ן! א גליק, כ'לעבען, וואס מען לאזט דארטען לכל הפחות געבארען ווערען! אין בערנע'ס צייטען, אין לודוויג בער־נע'ס צייטען, אין די צייטען פון דעם ערשטען גרויסען פרייהייטס־קעמפפער (מזרע היהודים) לודוויג בערנע, פלעגט מען אין פראנק־

פּאַרט אַן מאַין ניט לאָזען אידישע קינדער חתונה האָבען, יעדענ־פאַלס, ניט מעהר ווי פופצעהן פּאָר פּאַלק אַ יאָהר, כדי אידען זאָלען אַזוי ווייט ווי מעגליך ניט קענען געבאָרען ווערען.... בקיצור, איך האָב גענומען בענקען אהין, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען און וואו איך וואָלט על פּי יושר גערארפט שטאַרבען... יאָ, שטאַר־בען, ווען ניט קעמפּפענדיג צוליעב מיינע גראָהע האָר, צוליעב מיין שוואַכען גוף, אפשר טאַקע אויך ווייל מיר וואָלט געפעהלט דערצו דער מוט... ווייל אין מיינע יאָהרען האָט מען אין מינסק נאָך ניט געזעהן אַזעלכע אידישע אַרבייטער וואָס זיצען אין טורמע אַלס מיאַטעזשניקעס געגען די ממשלת הזדון פון צאַריזם און גערדיזם... וואָס זאָלען, זיצענדיג אין טורמע אָנצינדען הנרות הללו בעת די בשורה פון פלעווע'ס טויט קומט אָן, די בשורה אַז ער, פלעווע, דער פעלד מאַרשאַל פון דעם אשמדאי'ס באַטאַליאָנען איז, ווי אַמאָל אליהו הנביא ארויפגעגאַנגען אין דער הויך אין אַ פייערדיגע קאַרעטע (אָהן פערד, מחמת מיר לעבען אין פערדלאָזע צייטען) צום עולם שכולו טוב צו.

כסדר אַזוי: איך האָב געבענקט אהיים, אהין וואו איך בין געבאָרען געוואָרען און וואו איך וואָלט על פּי יושר געדאַרפט שטאַר־בען, הגם מיר וואָלט אפשר געפעהלט דער מוט צו שטאַרבען אין קאַמפּף. מיר וואָלט זיך געוואָלט אַוועקלעגען מיין אַלטע קאָפּ צווישען די געפאַלענע חשמונאים־קינדער, וועלכע די נייע צייט האָט באַשאַפען, וועלכע דער „בונד" האָט אויסגעהאָדעוועט און דער טיראַן האָט אויסגעקוילעט אין די צייטען ווען ע ר האָט געהאַט די אויבערהאַנד...

האָב שוין געהאַלטען ביים איינדרעמלען ווען די טיר האָט זיך פלוצלונג געעפענט מיט אַ גערויש אַזוי ווי אַ שטורם־ווינד וואָלט איהר איינגעבראָכען...

וואָס קען דאָס זיין? האָב איך ביי זיך געטראַכט, זיך ריי־בענדיג די אויגען.

„שרעק זיך ניט, זיידע, דאָס בין איך..." — האָט מיין אייניק־

קעל אויסגעשריען, און זיך ניט נעהמענדיג קיין צייט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם, האָט ער גערעדט מיט'ן ניגון פון די עשרת בני המן אין דער מגילה, דאָס הייסט, מיט די זעלביגע איילעניש. די ווער־טער זיינען ביי איהם געלאָפען פון מויל, שפרינגענדיג איינער אי־בער דעם אנדערן ווי ניט־יתומים צו יזכור. אָדער בערזענמעקלער ווען עס מאַכט זיך א מלחמה, אָדער פּרייסלעך ווען עס באַווייזט זיך א ברענענדיגע שוועבעלע, אָדער... גענוג!

„שרעק זיך ניט, זאָגט ער, זיידע, דאָס בין איך, און — אָה! זיידעניו! פּעטערבורג איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים און מאָסק־ווע ריהט זיך און אדעס און ווארשא און לאָדזש און האָמעל און גאַנץ ליטאַ, זיידע... עס פלאַקערט אומעטום... די פרייהייט".

—„די פרייהייט, העלף איך איהם אויס, איז ארויס פון טור־מע..."

„אום־הום, מאַכט ער, ארויס פון טורמע און גאַנץ רוסלאַנד זעהט אויס אזוי ווי אויף דער מדינה וואָלטען מיט אמאָל די שטריק געפּלאַצט, ווי אויף שמשון הגבור, ווייל זי, די מדינה, האָט זיך אויסגעטשוכעט פון איהר לאַנגען שלאָף, האָט זיך אויסגעטאָן און האָט א שטאַרקען נים געטאָן...

— און ישראל'יק? — פרעג איך איהם.

„אין פראָנט, אין די ערשטע רייהען, דער דגל מחנה יהודה איז באַפאַרבען רויט מיט ארבייטער־בלוט... אָה, זיידע! זיי ווילען ווידער מאַכען דעם אידעלע פאר'ן שעיר לעזאזל... דער רעוואָ־לוציאָנערער ים ברויזט, די גאַנצע רעגיערונג'ס־שיף האַלט ביים אונטערגעהן און זיי דאַרפען א יונה... אָבער, זיידע, ישראל'יק לאָזט מיט זיך ניט שלאָגען קיין כפּרות, ער וועהרט זיך... ער בעט זיך ניט מעהר, ער זאָגט מעהר ניט קיין תהלים, ער פאַלט ניט מעהר אריין אין ארון קדוש — ער וועהרט זיך, ער גיט א קלאַפּ פאַר א קלאַפּ און א חוץ וואָס ער העלפט אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל די טיראַניי בכלל, חוץ וואָס זיין האַנד איז דערביי יעדעסמאָל, ווען

פרעה קריגט מכות, דערקעמפפט ער זיך מענש־ליכערעכטע אין רוסלאנד..."

— נו, און... הייסט עס... וויל איך איהם פרעגען, אבער ער הערט ניט און מאהלט:

„און עס געפינען זיך רוסען, קריסטען, וועלכע העלפען איהם באקעמפפען די שווארצע באנדע, עס געפינען זיך בלינאוו'ס, וועלכע שטארבען פאר אונז, עס געפינען זיך בלעס'ס, וועלכע בענ־שען אונז היינט און געקומען זיינען זיי אונז שילטען א מעת־לעת צוריק... און מען האט אפשיי פאר ישראל'יק דעם קעמפפער, פאר אידעלע־גבר, וועלכער שטעהט היינט אויסגעגלייכט און שטאלץ — בקומה זקופה און מיט אן אויסגעשטרעקטען ארעם ווי...

— דער אויבערשטער אין דער הגדה... זאג איך.

„יע, בזרוע נטויה, ביד חזקה... דו שמייכעלסט, זיידע?"

— קינד, דאס וויים איך אלץ... עופה'לעך אין די וויגען ווייסען היינט אלץ וואס דו דערצעהלסט מיר דא... איך לאז דיך רעדען ווייל איך האב ליעב דיין הייליגע התפעלות, וועלכע איז אזוי זעלטען דא אין אמעריקא. דו ווייסט, אז דארטען, אין רוסלאנד, האט דער אנטיסעמיטיזם אויסגעהאדעוועט א פארטיי, א סעקטע... ווי דו ועסט זיי רופען, וועלכע הייסען סאציאליסטען־נאציאנא־ליסטען. דו ווייסט אז זיי האב איך אי פיינט אי האלד, אבער... דאס איז דא ניט אהין און ניט אהער. איז וואס איך וויל וויסען איז אט וואס:

ביים קאמפף געגען די שיכור'ע פינסטערניש געגען די מלאכי חבלה זיינען זיי געווען... וואו? אין ארץ ישראל, אין אוגאנדא, אין אויטאפיא, אין טרוים־לאנד, אדער אין רוסלאנד, אויף דעם קאמפף־פלאץ, אין דער שרעקליכער ווירקליכקייט לעבען זייער גרויסען ברודער — זייער גרויסען שטיעף־ברודער — דעם בונד?

„יע, יע, זיידעניו! אין קאמפף לעבען, איהם; פיעלע פון זיי קעמפפענדיג פאר די באפרייאונג פון רוסלאנד, אזוי ווי...

— זיי וואלטען זיך געריכט דארטען צו בלייבען וואוינען —

שמייכעל איך אונטער... איצט זונינקע, הער וואָס איך וועל דיר זאָגען.

— אין דער צייט ווען איך בין געלעגען אויף ראמאטעם מיט אָפּגענומענע הענט און פיס, האָט מיר דער דאָקטאָר געזאָגט: „די הארץ אייערע איז אָל־רייט, כל זמן די האַרץ איז גאַנץ איז קיין סכנה ניט”. מען קען מארשירען אָהן פיס, מען קען שלאָגען אָהן הענט כל־זמן די האַרץ איז גאַנץ.

און די הענט מעגען טאָן מעשים תעתועים און די פיס מעגען פארקריכען אין האָצע־פּלאָצע, אָבער אזוי לאַנג ווי די האַרץ איז אָל־רייט, וועט פריהער אָדער שפּעטער דער אמת קומען צו זיין רעכט און די פארפאָגראָמטע, פארבלאָנדזעטע כשר'ע שעפּסעלעך וועלען זיך אויסרייבען די אויגען און שטעלען אויף א רעאלען באָ־דען און וועלען דערלאַנגען א האנד איהם, זייער גרויסען שטארקען ברודער, וועלכען זיי האסען היינט אזוי.



## IV.

## דער דייטשער אחר.

.1906 — 5 פעברואר — 1846

זיי האָבען געוואָלט שפּילען אלישע בן אבויה.

עס איז געווען צו ענד דער צווייטער אקט. אויף דער ביהנע איז געוואָרען דונקעלער, אין דעם אוידיטאָריום ליכטיגער...

האלט! פאַלט אייך ניט איין, אז אין די טעאטערע, פונקט אזוי ווי אין קירכען (אונטער'ן צלם אָדער אונטער'ן מגן דוד, דאָס איז גאַנץ גלייך, אין אמעריקא גאַנצער און גלייכער ווי אומעטום...) דאַרף מען ווייזט אוים, דונקעלהייט ביים פּובליקום אזוי לאַנג ווי די פאָרשטעלונג געהט אָן אויף דער סצענע, אָדער אויף דער קאַנצעל אָדער אויף דער בימה? פאַלט אייך ניט איין, אז די געוועהנליכע קאָמעדיאַנטען אזוי ווי די וואָס טראָגען די שווארצע קיטלען מיט ווייסע האלזקעס שיינען אלץ מעהר און ווערען געהערט אלץ בעסער, און פאַרשטעלען זיך אלץ קונציגער און ברענגען ארוים וואָס מען רופט די „אילוזיע" אלץ פאָלקאָמענער וואָס מעהר דער עולם איז אין דער פינסטער? פאַלט אייך דאָס ווען עס איז איין? אויב ניט, לייענט דאָס וואָס איהר האָט נאָר וואָס געלייענט נאָר מיט מעהר קאָפּ נאָכאַמאָל, אויב יאָ, האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט; איך בין אלט, מיין ראיה איז אביסעלע מטושטש און מיר ווערט וואָס א יאָהר אלץ שווערער צו זעהן אייער שכל, אייער כוח־השגה, אפילו אייער אמעריקאַנישע סמאַרטקייט...

לאָמיר געהן ווייטער.

עס איז געווען צו־ענד דער צווייטער אקט. אויף דער ביהנע, מחשבות'ן! ביהנע און בימה כמעט דער זעלבער ווארט... אלזא אויף דער ביהנע איז געווארען דונקעלער, אין דעם אודיטאָריום ליכ־טיער, מען האָט אפּלאָדירט — מאַנכע אויפריכטיג, אנדערע ווייל דאָס בעט זיך עפּעס אזוי, ווידער אנדערע ווייל זיי זיינען ניט קיין אריסטאָקראטען... אריסטאָקראטען אפּלאָדירען זעלטען, מחמת זיי זיינען געווען אין פּאריז, — אלזא דער עולם האָט אפּלאָדירט, די אקטיאָרען, וועלכע האָבען זיך געמאטערט צו שפּיעלען אלישע בן אבויה, האָבען „עמפּפאנגען" די אפּלאָדיסמענטען, ווי דער ליטווי־שער פויער עמפּפאנגט ערב פּסח די אָפּגעקויפטע חמץ, האָבענדיג אין הארצען אַ חשד אז דער איד מולירט איהם, מחמת ער, דער גוי, זעהט ניט איין פאַר וואָסערע מעשים טובים איהם קומט אזא ווילדע מציאה, אלא־וואָס־דען, אז דער איד גיט נעהמט מען...

נאָך אמאָל: עס איז געווען צו־ענד דער צווייטער אקט.

איך האָב געטראכט, נו, מאי בהאי! אידישע אקטיאָרען לער־נען זיך אויס שפּיעלען זייערע ראָלען אין דער צייט וואָס זיי שפּיע־לען, דאָס הייסט אין דער ערשטער צייט, ווי מגידים לערנען זיך אויס זייערע דרשות דרשנ'דיג, און מיידלעך לערנען זיך אויס טאנצען טאנצענדיג, און געוועזענע יוניאָן־לייט לערנען זיך אויס סוועטען סוועטענדיג, וואָס דאָס קען מען זיך אלץ ערלויבען, ווייל ארבייטער צאָהלען געלט פאַר אייערע סוועטינג לעסאָנס, און יונגע לייט צאָהלען די כלי זמרים פאַר די טענץ, און דער עולם איז ניט קיין מפונק אין דעם פּרט פון דרשות. און ביי אקטיאָרען איז שפּיעלען גוט ניט קיין חיוב, ניט קיין מ ו ז. ניט קיין תנאי קודם למעשה, ווען דער טי־קעט ווערט אייך אָנגעבאָטען.

הייסט עס, געדולד! — האָב איך ביי זיך געטראכט — זיי וועלען עס פיליכט נאָך גוט שפּיעלען, איבערהויפּט די ראָלע פון אלישע בן אבויה, ווייל... אין גאנצען האָבען זיי עס ביז יענעם אָווענד געהאט געשפּיעלט אַ פּאָר מאָל...

און דאָ איז געשטאנען דער מחבר אליין אין אַ ווינקעלע אין דער לאָזשע, אין באקס (ווי מען רופט אויף ענגליש, — דאָס און

צוויי שאַק אַנדערע זאַכען: פון אַ דייטשע אָהרפייגע ביז אַן ענגלי־
שען ווייהנאַכטסגעשענקט) איז ער, הייסט עס, געשטאַנען לעבען מיר,
שטאָלץ אויף זיין ווערק — און ער האָט געמעגט זיין שטאָלץ —
אָבער אונצופריעדען מיט דער אַרט און ווייזע ווי אַזוי מען האָט עס
דעם פובליקום פאַרגעשטעלט אַ שטייגער, ווי אַ שטאָלצער פאָטער
פון אַ געראָטען קינד פיהלט זיך ווען די ניאַנקע פיהרט דעם דאָ־
זיגען געראָטענעם קינד אריין אין שטוב פול מיט געסט ניט ארומ־
געוואַשען, ניט פאַרקעמט, אין צוקורצע מייטקעס, מיט לעבער אין
די עלענבויגענס פון זיין רעקעלע, מיט שטויב אַרום די לעבער.

„פאַר וועמען האָסטו געמאַכט דיזע פיעסע?" האָב איך איהם
געפרעגט, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען זיין שטאָלץ און זיין שמערץ
און האָב געזעהן, אַז דאָס פובליקום האָט זיך גענומען צו אַנדערע
זאַכען — צווישען די אַקטען רעדט מען ביי אונז ניט וועגען דער
פיעסע, ווייל דאָס טוט מען די גאַנצע צייט בעת מען שפּיעלט;
אַפילו די קינדער וויינען וועגען אַנדערע ענינים צווישען די אַקטען
— אַז דאָס פובליקום, אַלזאָ, האָט זיך פאַרטאָן מיט אַנדערע זאַכען
און האָט פיללייכט ניט פאַרשטאַנען די וואונדערבאַרע שטיקעל אַר־
בייט, פון וועלכע זיי האָבען געזעהן די ערשטע העלפט. ניט ווילענ־
דיג האָט מען אויף דעם אופן געפרעגט: פאַר וועמען האָט ער דיזע
פיעסע געמאַכט.

— „פאַר זיך" — האָט ער געענטפערט.

* * *

הערסטו? פאַר זיך! אַזוי וואָלט געענטפערט אלישע אַליין;
און אַזוי וואָלט געענטפערט יעדער איינציגער פון די גרויסע פיגורען
אין דער וועלט־געשיכטע וואָס האָבען ניט באַלאַנגט צו די מאַסען
נאָכשלעפּערס, נאָר צו די ווענינגע פאָרגעהערס; אַזוי
וואָלט געענטפערט יעדער באַקאַנטער רעבעל אין דער וועלט, יעדער
מיאַטעזשניק גענען די אָפּגעשטאָרבענע אָבער נאָך ניט באַגראָבענע
אַלטע אמונות, אידעען און אינסטיטוציעס, וואָס זייערע נבלות,
זייערע זעלענלאָזע טויטע קערפּערס ליגען אין וועג, שטערען דעם
פּראָגרעס, גיבען פון זיך אָפּ אַ פאַרפּעסטענדען גערוך און — וואָס

איז שרעקליכער, ערגער פון אלץ געפינען פאר זיך פיעלע מאמינים, אנהענגער און אונטערשטיצער, ניט אכטענדיג אויף דעם וואס זיי זיינען ניט מעהר ווי טויטע ניט באגראבענע נבלות...

פאר זיך! אבער ניט אויף טרייטעל׳ס שטייגער, ניט מחמת איהם קימערט ניט פאר אלע אנדערע מענשען, ניט מחמת ער לעבט פאר זיך, פאר זיין בויך פאר זיין מאגען אליין. אה, ניין! זיין פאר זיך האט צו באטייטען, די זון׳ס פאר־זיך ווען זי געהט אויף און הויבט אן צו לייכטען ניט אכטענדיג אויף דעם וואס אלע מענשען שלאפען נאך, און ניט געהנוג וואס זייערע פארמאכטע אויגען באדארפען דאן ניט קיין ליכט, איז דער זונען־שיין זאגאר א שטער פאר זיי; ער לאזט זיי ניט שלאפען און וואלט זיי אין גאנצען אויפגעוועקט ווען ניט די שווערע רעליגיעזע גארדינען, די שווארצע, די פיין־געוועבטע גארדי־נען; ווען ניט די געזעצליכע גראבע לאדענס מיט׳ן אייזערנעם שטאנג אויף זייערע רוקענס מיט די לאך, וואס זעהט אויס ווי א הארץ — אין דעם פעקעל קארטען — אין מיטען, אריינצולאזען אין דער פריה אזוי פיעל ליכט ווי פיעל דער הייליגער שלאף קען פאר־טראגען.

פאר זיך! קאלאמבוס קלערט אז עס איז דא ערגעץ א נייע וועלט, ער לאזט זיך אוועק דיעזע וועלט צו געפינען, ער טוט דאס מיט לעבענס־געפאהר, ער טוט דאס געגען די „עטאבלירטע" עפענט־ליכע מיינונג, ער טוט דאס פאר זיך אליין, ווייל ער פיהלט אין זיין מוח און אין זיין הארצען איז פאראן א דראנג דערצו, ווייל דאס פארלאנגט זיין געפיהל פון זעלבסט־באפרידיגונג, ווייל ער האט ניט די געדולד צו ווארטען ביז טעמעני־האל ועט אמאל נאך איהם שיקען א שיף קיין שפאניען...

און איך אלטער בין אוועק אהיים און האב געטראכט, פיעל גע־טראכט, דאנקענדיג גאט וואס עס איז שוין זעהר שפעט און א פאר־טראכטער אלטער מאן, מיט א ראיה וואס איז שוין מטושטש, דארף זיך ניט מעהר היטען פאר קארס, פאר אויטאמאבילס, פאר פערד, פאר בייסיקעלס, פאר קינדער אויף רעדלעך; קען געהן און ניט ניזק ווערען אין גאס.

און שלאָפען האָב איך זיך געלעגט מיט דיעזע געדאַנקען:

אלישע בן אבויה, דאָס איז דער אמת'ער, דער גרויסער, דער אייבינגער רעבעל, דאָס איז ער, וואָס רעבעלירט ניט נאָר געגען אלץ וואָס האָט זיך איבערגעלעבט און דאַרף צוריק ווערען שטויב, נאָר אויך געגען דאָס ניי־געבאָרענע, ווען איהם דוכט זיך, אז דאָס קינד איז געראָטען אין זיינע עלטערן, אז דאָס, וואָס קומט, זעהט אוים כמעט פונקט ווי דאָס וואָס עס געהט אוועק צו זיין אייביגע רוה; אז דער מאָרגען איז ניט בעסער ווי דער נעכטען.

אלישע מעג זיך זיין אין טעות, אָבער ער ווערט זיך געגען די אלטע אידישקייט און געגען דאָס נייע קריסטענטום; געגען יענע, ווייל זי זאָגט צום שכל, ווי אמאָל יהושע צו דער זון: שטעל זיך אָפּ און בלייב שטעהן דאָ אין גבעון; און ער ווערט זיך אויך געגען די גוי'אישקייט, ווייל איהם שיינט, אז ווען זי וועט אויסוואקסען וועט זי ניט זיין בעסער ווי די מאַמע; וועט אויך וועלען אָפּשטעלען דעם פרייען לויף פון דעם פרייען גייסט, דעם פרייען געדאַנק, די פרייע מענשענווירדיגע שפּראַך.

און מיט דיעזע געדאַנקען האָב איך איינגעדרעמעלט.

* * *

און פאַר מיינע אויגען איז פאָרגעגאַנגען אַ וואונדערבאַרע זאַך.

גאָרדין האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אלישע בן אבויה און אלישע בן אבויה איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

און ווי פון דער ערד האָט זיך אויפגעהויבען אַ באַקאַנטע אלטע פיגור, מיט שנעע ווייסע האָר, אין שוואַרצע קליידער.

שטאָלץ, בקומה זקופה, איז ער געשטאַנען אין מיין צימער, קיין זאַך ניט בעטענדיג, גאָרנישט זאָגענדיג, אָבער מיט טראָץ אין זיין פּנים, מיט אַ בליק אין די אויגען, וועלכער פאַראַכטעט די פורכט; וועלכער קימערט זיך ניט וועגען די צאָהל און מאַכט פון זיינע שונאים, וועלכער רופט אַרוים אויף אַ דועל די פיהרער פון די גאַנצע פאַרשקלאַפּטע, פאַרדומטע, פאַרפיהרטע מענשהייט — ער איינער געגען אַ וועלט.

און אין דעם פינסטערן צימער איז מיט אמאָל ליכטיג געוואָרען אין איין אָרט, דאָרטען וואו ער איז געשטאַנען.

און איבער מיין קאָפּ האָט זיך אימיצער איינגעבויגען און האָט געזאָגט:

זעהסטו דעם גרייז־גרויען יונגען מאַן?

דאָס איז די רעבעליאָן מגולגל געוואָרען אין א מאַנסביל א טייטש.

דו האָסט געהערט פון פאַרשיעדענע פּערזאָנען, וועלכע די נייע גאולה האָט אין צייט פון הונדערט יאָהר ארויסגעבראַכט. ער איז עטוואָס פון זיי אַלעמען, אָבער ניט ווי קיינער פון זיי. ער איז אַנאַנ־דערער. פאַר פיעלע איז ער א נייער א ח ר.

סען סימאָן איז געווען א נביא, ראָבערט אָוען איז געווען א „באַהנברעכער", קאַרל מאַרקס איז געווען א גרויסער לעהרער, לאַ־סאַל דער גרויסער אַגיטאַטאָר און פיעלע אַנדערע לעבען נאָך און קעמפּפען פאַר פרייהייט און ליכט.

ער איז ניט ווי זיי: ער איז אַנאַנדערער.

ער איז א רעבעליאָן בצורת אדם, אָבער ניט דאָס אַליין.

ער איז אויך מסירת נפש בצורת אדם, ער איז דער העלדענ־מוטה, וועלכע איז ווי די רעבעליאָן, מגוגל געוואָרען אָט אין דעם זעלביגען שנעע־ווייסען יונגען מאַן.

הער וואָס איך וועל דיר זאָגען:

פיעלע האָבען פאַר דער פרייהייט מקריב געווען זייער לעבען אין די לעצטע פופציג יאָהר.

פיעלע — מענער און פרויען, ערטערווייז זאָגאַר קינדער — האָ־בען אוועקגעגעבען זייער פרייהייט, זייער וואוילטאָג, זייער פאַמיליע, זייער קאַריערע, זייער ליעב און זייער לעבען פאַר זייער אידעאַל.

מענשען וועלען עהרען זייער אַנדענקען אזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירען א מענשהייט.

אָבער די וועגען, וועלכע פיהרען צו דער תליה, צום עשאַפאָט, צום לעבעדיגען קבר אין דעם קאַזעמאָט, אין סיביר — דיעזע וועגען זיינען פאַרשיעדען.

דער ארויסגאנג פון דעם גרעסטען העלד האָט געקענט זיין אמ־אמביציע, פרויען־ליעבע, א היציגע מינוט, לייכטזיניגקייט, זאָגאר שוואכקייט וואָס צוליעב איהר ווערט מען אמאָל מיטגעשלעפּט אין דעם אלגעמיינעם שטראָם און ארויפגעשלעפּט אויף די באריקאדע, אליין ניט וויסענדיג ווי אזוי מען איז אהין געקומען. אויף די אלע אופנים האָט זיך געקענט אָנהויבען די גלאָררייכסטע העלדענראָלע אין דער וועלט געשיכטע.

וואָלט דיעזער העלד, וואָלט יענער העלד ארויסגעגאנגען אויף זיין רעוואָלוציאָנערען וועג ווען ער וואָלט געקענט פאָראויסזעהן דעם סוף? ווען איהם וואָלט גלייך ביים ערשטען ארויספאָהר מעגליך געווען צו זעהן — באספּקלריה המאירה — דעם סוף און די תליה צום סוף? וואָלט ער געגאנגען צו דער תליה א צווייטען מאָל.

אין פיעלע פעלע ווייס מען אויף זיכער אז דאָס וואָלט אזוי געווען. אין די מייסטע ווייסט מען דאָס ניט.

אָבער וואָלט דער וואָס איז געשטאָרבען א העלדישען טויט גע־האַט דעם מוטה צו שטאַרבען ביסלעכווייז?

וואָלט ער געהאַט דעם מוט ארויסצוגעהן פון איין טורמע און, גלייך שטעלענדיג זיין פרייהייט, זיין קאָמפאָרט, זיין געזונדהייט אין קאָן, נעהמען אזוי ארבייטען אז ער זאָל באלד פון דאָס נייע געהן אין געפענגנים?

און אָבער אמאָל און ווידער אמאָל ביז אין די צעהנדליגע אריין, ביז א טייל פון זיין לעבען ווערט אָפּגעלעבט אין טורמעס הינטערען שלאָס און ריעגעל; ביז ער און די ליכטיגע זון ווערען ווייטע באַ־קאנטע; ביז ער און זיין פאמיליע ווערען פרעמדע; ביז ער הערט אויף אונטערשיידען די ענגע צעלע פון די ווייטע וועלט; ביז ער ווערט צוגעוואוינט צו זיין ביי דער פרייהייט עפּעס נור אזוי ווי אויף אָפּגעלעגער, ווייל זיין אמת'ע דירה איז אין אסטראָג.

אָט דאָס איז א טייל פון דער לעבענס־געשיכטע פון דעם שטאָלצען, שנעע־ווייסען, גרייז־גרויליכען יונגלינג לעבען דיר.

אָבער ניט דער וויכטיגסטער טייל.

ער איז די רעבעליאָן.

ער האָט רעבעלירט ניט אַליין געגען זיינע אונטערדריקער, געגען די מאַכטהאָבער, געגען די פיינדע פון ליכט און פרייהייט, פון בילדונג און גערעכטיגקייט.

ער האָט אויך רעבעלירט געגען זיינע חברים, ווייל איהם האָט זיך געדאכט אז זיי געהן אין פאלשע וועגען.

האָט מען איהם אריינגעלעגט אין חרם, האָט מען איהם ארויסגעוואָרפען פונ׳ם כלל, האָט מען זיך פון איהם אָפּגעזאָגט, האָט מען פון איהם אוועקגענומען דעם טיטעל „רבי״, איז ער געוואָרען פאר אַלעמען, אחר, אנאנדערער, אן אָפּטריניגער, א כופר בעיקר, א פארשאָלטענער.

און דער רעבעלגייסט איז פּאָרט געבליבען דער פריהערדיגער.

האָט ער פאָרטגעזעצט דעם קרוישקען זיך פון טורמע צו טורמע, פון איין מדינה צו דער אנדערער ביז ארום איהם האָט זיך געבילדעט א נייע פּארטיי, א נייע גרופּע מענשען, וועלכע האָבען זיך געהאלטען פאר פרייע, פאַראורטיילס־פרייע, פריידענקענדע מענשען.

האָבען אפילו פיעלע פון זיי איהם ניט פארשטאנען.

* * *

אחר אין זיין פאָטערלאנד, אחר אין זיין אמאָליגע פּארטיי, אחר אפילו ביי פיעלע פון זיין איצטיגע.

און אזוי, אין פארלויף פון 40 יאָהר, איז ער זיך צוועלף יאָהר אָפּגעזעסען אין אַלערליי טורמעס; האָט מען איהם פארפאָלגט און געטריבען; האָט מען אויף איהם גערייצט אַלערליי הינט; האָט מען איהם געזידעלט אין אַלע שפּראכען; האָט מען איהם באליידיגט דער מיט ניעדערטרעכטיגע באשולדיגונגען, יענער מיט נאָך ניעדערטרעכטיגערע ענטשולדיגונגען — א שטייגער ער, נעבעך, איהר ווייסט דאָך... פון צרות, נו, פּאסירט עס... מען דארף האָבען איינזעהעניש...

יעדער לומפּיגער זשורנאַליסט האָט געהאלטען זיין נאָמען פאר א הפקר־נאָמען, זיין כאראקטער פאר א געזעצליכען ציעל פון שמוץ־קאָילען, זיין האַרץ פאר די האַרץ פון א בעסטיע, וועלכע מען מעג דורכלעכערען אויף טויט פארוואונדען מיט גיפטיגע פיילען.

און ער האָט זיך ניט אַרומגעקוקט ניט רעכטס, ניט לינקס; ער איז געגאַנגען זיין וועג, — ער, דער רעבעל, דער אייביגער רעבעל!

און אַזוי איז ער היינט אַלט געוואָרען 60 יאָהר, דער אָרימער — רייכער; געפאַלענער — שטאָלצער; אַלטער — יונגער; אונ־פארשטאַנענער — פּאָפּולערער; שנעע־ווייסער — בלוט־רויטער; דייטשער — אינטערנאַציאָנאַלער; שוועכליכער — מעכטיגער מאַן!

* * *

די שטימע איז שטיל געוואָרען.

איך האָב איהם געוואָלט דערלאַנגען די האַנד. ער איז געווען פאַרשוואונדען.

אויף זיין אָרט איז פאַר מיר ווידער געוועזען אלישע בן אבויה, דער אַנדער אַנדערער.

אָבער הייליג בלייבט דער פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען דער ד י י ט ש ע ר א ח ר — יאָהאַן מאָסט.



V

## א צוטומעלטער טאָג.

איך האָב געהאַט אַ מורא'דיג צוטומעלטען טאָג...

און מיינט ניט, אַז איך רעד דאָ וועגען וועטער: אַזוי ציוויליזירט בין איך נאָך ניט. איך לייען נאָך אַמאָל אַ ספר און לעב נאָך ניט דוקא עסענדיג, טרינקענדיג און — ווי מען רופט דאָס דאָ — „טווייטענדיג צייט". חוץ דעם, איז פונ'ם וועטער־שטאַנדפונקט אַ צוטומעלטער טאָג אין ניו יארק ניט קיין נאָווינע אַ גאַנץ יאָהר, אַ פשיטא שוין אין מאַי... דאָ אַ מאַי טאָג קען זיך אָנהויבען מיט אַ ברייטען שמייכעל אויף אַ שטראַהלענדען פריהלינגס־פנים, ווערען תמוז'דיג אַרום האַלבען טאָג און זיך ענדיגען מיט האַגעל, שניי און דעם אויסזעהן פון לוט'ס ווייב נאָכ'ן אַרומקוקען זיך אין סדום, איידער דער ערשטער האָן קרעהט.

אַ ניו יארקער טאָג איז כמעט שטענדיג צוטומעלט, ווי דאָס איז אַ ניו יארקער גאַס, וואָס ווייסט קיינמאָל ניט, צי זי וועט בלייבען גאַנץ אַ גאַנצען מעת־לעת; ווי דאָס איז אַ ניו יארקער צייטונג פאַר אַ פּרעזידענטען־וואַהל, וועלכע ווייסט ניט אין דער פריה צו וועלכער פּאַרטיי זי וועט געהערען פאַר נאַכט; ווי דאָס איז... נאַר גענוג שוין! וואָס איך בין אויסען, איז אייך צו זאָגען, אַז איך רעד דאָ ניט וועגען וועטער און ניט וועגען פּאָליטיק און ניט וועגען אַנדערע אַזעלכע אונבעשטענדיגע זאַכען.

ווען איך זאָג: איך האָב געהאַט אַ מורא'דיג צוטומעלטען טאָג, מיין איך דערמיט פשוט אָט וואָס:

גלייך אין דער פריה, כלחוך השור, קומט אין גרוים איילעניש, ווי זיין שטייגער איז פון קינדווייז אויף, מיין אייניקעל, שיחיה.

וואס איז? מה יום מיומים?... (איך וואָרף בכיון אריין לשון־קודש׳דיגע ווערטער, ווייל איך וויל ניט פארגעסען מיין גירסא דינקותא, און אגב ווער איך ביסלעכווייז עלטער און דאָס באגעגנען דעם מלאך הדומה קומט אָלץ נעהנטער, און ער, ווייס איך, רעדט נור העברעאיש, ווי א גימנאזיסט פון יפו און א געוויסער סאָרט אמעריקאנישע דרשנים, וואָס זיי טוען דאָס, כדי אז זייער עולם זאָל זיי וואָס ווייניגער פארשטעהן, ווייל דער עולם האָט א טבע צו באוואונדערען דוקא דאָס, וואס ער פארשטעהט ניט, והא־ראיה... נאָר דאָס קען מיך פארפיהרען צו־ווייט. לאָמיך ארויסקריכען פון די האלבע לבנות, אָט אזוי:) און אָנהויבען פון אָנהויב.

— וואָס איז? — פרעג איך מיין אייניקעל.

— הער, זיידע, — מאכט ער, — איך וויל דיר עפּעס ווייזען. האָב עפּעס אויפגעשריבען.

— דו... אויפגעשריבען? הערסטו? גוט, כ׳לעבען! לאָמיך הערען! טראָג מיר נאָר פריהער אריין א גלאָז טיי.

— אזוי גיך, ווי עס קאָכט אויף. טיי איז שוין פארשאָטען — זאָגט ער.

— גוט — זאָג איך — לאָמיך הערען.

ער נעהמט לייענען.

— מחשבות׳ן! — שלאָג איך איהם איבער — וועגען וואָס שרייבסטו, א שטייגער?

— הער מיך אוים, ועסטו וויסען.

— גוט, גוט, לייען — האָב איך מיט א שמייכעל צוגעגעבען — מיט דעמזעלבען שמייכעל, וואָס א מאמע וואָלט דערביי האָבען, ווען זי וואָלט נאָכגעגעבען איהר צולאָזענעם מיזיניק, אָדער וואָס דער רבונו של עולם, שטעל איך מיר פאָר, האָט געהאָט, בעת ער האָט אויסגערופען „נצחוני בני, נצחוני בני!" לגבי ר׳ יהושע אין דער פראגע פון דעם באריהמטען אויוון פון וועלכען איהר

האָט אודאי קיין שום ידיעה ניט, און וואָס איך האָב געמעגט אייך ניט דערצעהלען אויך, נאָר עס איז שוין פארפאלען.

מיין אייניקעל האָט פון קעשענע ארויסגענומען צוויי שטיקלעך פאפיר. „גוט, כ'לעבען! — האָב איך ביי זיך געטראַכט: ער שרייבט לכל הפחות קורץ. אפשר טאקע גוט אויך. אָט וועלען מיר באלד זעהן."

ער האָט גענומען לייענען:

„ביי מיר, ווי ביי א שכור..."

— ווארט, — האָב איך איהם ווידער אָבגעשטעלט, — די טיי מוז שוין זיין אויפגעקאָכט, טראָג אריין.

ער האָט אוועקגעלעגט דעם כתב־יד. מיר האָט זיך געוואָלט א קוק טאָן אינעווייניג אריין. כאפ איך זיך, אז איך האָב די שפאקולען ניט ביי זיך.

אין א מינוט פינף ארום האָב איך שוין מיין ווארימס פאר זיך און ער לייענט. א אידישער מאָגען אָהן טיי איז עפּעס ווי אַן ארון קודש אָהן א ריינינגקייט אינעווייניג (דאָס פאסירט דאָ אין אַמעריקא, ווען די „ברידער" פון א חברה צורייסען זיך) אָדער ווי א רוסישער טאָג אָהן א נייער גזרה אויף אידען, אָדער... נאָר איהר ווילט דאָך הערען, וואס ער שרייבט, דער קדיש מיינער, איך אויך. הערט זשע:

„ביי מיר — לייענט ער פון זיין כתב־יד — ווי ביי א שכור, זיינען קיין סודות ניטאָ: וואס אויפ'ן לונג, דאָס אויפ'ן צונג. מיין לעזער מעג אלץ וויסען. ניט נאָר דאָס, וואס איך שרייב — און דאָס איז גאָר ניט אזוי זעלבסטפארשטענדליך ווי א קליין־שטעדטילדיגער לעזער קען מיינען — נאָר אפילו דאָס, וואס איך שרייב נ י ט: ער מוז וויסען, דער לעזער מיינער, וואָס איך האָב געוואָלט שרייבען, און האָב באשלאָסען ניט צו שרייבען. — אויך באנוגען..."

— ניט קיין שלעכטער ארויספאָהר, — פאל איך איהם אריין אין די רייד. גאָרניט שלעכט. פאָהר ווייטער.

ער לייענט ווייטער:

„אויך באַנוגען איז זיך ניט דערמיט, וואָס איך דערלאַנג דעם לעזער גייסטיגע מאכלים, פּאַרטיגע, ווי אַנדערע שרייבער טוען, ווי איינער זאָגט: נאַ, עס און ווערג זיך! איך פיהר איהם אָפּט אַריין אין קיך צו זיך, בשעת מיינע פּאַטראַוועס קאָכען זיך אויפ'ן פייער — אויף דעם דאָזיגען פייער וועלכען פּראָמעטעאוס האָט אויף אונגעזעצליכען וועג אַראָפּגעבראַכט צו אונז פון די עולמות העליונים... („מליצה'וואַטע!" באמערק איך. ער לייענט ווייטער.) און ווייז איהם (דעם לעזער, פאַרשטעהט איהר) די פאַרשיעדענע אינגרעדיענצען („אַי, אַי, אַי! אינגרעדיענצען! לייען ווייטער"!) דערצעהל איהם, הייסט דאָס, ווען איך האָב חשק דערצו, פון וואַנען זיי (די אינגרעדיענצען) קומען, ווייל קיין מענש האָט ניט אַליין געמאַכט די מערען, מיט די וואַסער, מיט די זאַלץ, מיט די פעפער, מיט די שמאַלץ, מיט די ביינער („אהא! דאָס זיינען עס די אינגרעדיענצען! גוט, גוט, ווייטער, ווייטער!") הגם דער צימעס איז זיינער, דעם מענשענ'ס, זיין יצירה, הגם אין דעם דאָזיגען צימעס מעג זיך אָפּשפּיגלען זיין אידיווידואַליטעט, זיין, אַזוי צו זאָגען, קאָך־קינסטלערישער פּרצוף פּנים. אָפטמאָל, ווען עס פּאַסירט, אַז פון איין מאכל איז געוואָרען גאָר אַנאַנדערער — דער „ווי" און דער „פּאַרוואָס" זיינען דאָ ניט וויכטיג — גיב איך איהם אַ מעגליכקייט צו פאַרשטעהן, אַז פאַרקאָכט איז געוואָרען ניט דאָס, וואָס ער וועט קריגען צו פאַרזוכען. לאָז ער וויסען, דאָס מאַכט איהם אַפּעטיט, און אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך ניט דוקא פאַר'ן עסער, נאָר טאַקע פאַר'ן קאָכער אויך. גייסטיגע, אַזוי גוט ווי קערפּערליכע שפּייז, ווערט איבערגעפּיהרט עפּטער אין עסען ווי אין קאָכען. וועגען דאָס אַלץ, איבערהויפּט וועגען די צרות, וואָס די שרייבער האָבען פון די לעזער, וועלכע זיינען נאָך גרעסער ווי די ענויים, וואָס די לעזער האָבען פון די שרייבער, וועל איך זיך ניט פאַרברייטען..."

— האַלט, ברודערקע! וואָס איז דאָס? אַ הקדמה? און אַ הקדמה צו וואָס?

— ווּעסט זעהן! — זאָגט ער, האָבענדיג א ביס געטאָן די אויבערשטע ליפּ אויף דער לינקער זייט.

— מיין קינד, — זאָג איך — געשריבען איז דאָס סקלאַד־נע, אָבער וואָס ווילסטו אויספיהרען? אויב דאָס איז נור די פּתיחה, טאָ ווי גרויס מוז זיין דער מאמר? אזוי פיעל געדולד האָב איך היינט ניט.

מיין אייניקעל האָט על פּי יושר זיך געדאַרפט געפינען באַ־לייִדיגט: וואָס איך האָב איהם געזאָגט, איז געווען דער אמת און, לאָמיך אייך זאָגען, אז אויב פאַר'ן אמת שמייסט מען, איז דאָס נאָר ווייל דער אמת גיט צוערשט שמיץ, און אזוינע, וואָס לאָזען איבער א רויטקייט אויפ'ן פּנים, ווען ניט רויטע פּאַסען אויפ'ן קערפּער.

ער האָט זיך ניט נאָר ניט געפונען באַלייִדיגט, ער האָט זאָ־גאַר אויף א קאַלוואַריער אופן א לאַך געטאָן, און מיר האָט זיך געדאַכט, אז ער מאַכט פון אימיצען חוזק. „עפּעס איז דאָ ניט גלאַט" — האָב איך ביי זיך געטראַכט.

בדעה האָב איך געהאַט איהם גלייך דאָ אויפ'ן שטעל צו באַ־ווייזען ווי אינגעלש און נאַריש די גאַנצע שרייבעריי זיינע איז, נאָר אין דעם אוינגענבליק האָט מען א קלאַפּ געטאָן אין טיר, מיין אייניקעל איז געגאַנגען עפענען.

א קלאַפּ אין טיר מאַכט ביי א מענשען אין מיינע יאָהרען, ווי ביי אן אויסגעשפּיעלטען אַקטיאָר און ביי א פּרוֹויִנציִמער, א רושם. עס גיט מיט אמאָל א קלאַפּ אין אן אנדער אָרט אויך: אין הארצען. פאַר וואָס דאָס איז אזוי, ווייסט דער בוחן לבבות אליין. מילא, אן אקטיאָר און א פרוי זיינען בטבע אזוי שרעקע־דיג (די ציוויליזירטע זאָגען: אזוי נערוועז), אז ביי זיי פאַרלאַנגט אן ערקלערונג א קלאַפּ אין הארצען נאָר ווען ער פּאַסירט על פּי סיבה נ י ט. אָבער ביי מיר... מחמת, ווי איך האָב נאָר־וואָס גע־נעגעבען אַנצוהערענס, איך בין שוין לא עליכם, אַלט? ניין, ביי מיר, דעם אמת רעדענדיג, קומט עס פון אן אנדער סבה. כדאי איהר זאָלט דאָס וויסען.

א קלאַפּ אין טיר, דערמאָנט מיר שטענדיג אַ זאַך, וואָס איך האָב געלעזען מיט יאָהרען צוריק. דאָס איז געוועזען דעם אַלטען הוגאָ'ס מעשה „די אונגליקליכע", וואו צום סוף ווערט דערצעהלט, ווי אַזוי דער גבור זשאַן־וואַלזשאַן שטאַרבט, ווייל ער וויל מעהר ניט לעבען. און לעבען וויל ער ניט מעהר, ווייל זיין „קינד", זיין קאָזעטע, איז פון איהם אוועקגענומען געוואָרען. און ער געהט אוים, געהט פּשוט אוים מיט די כחות, און זיין נשמה געזעגענט זיך שוין מיט'ן גוף — די מארטיריזירטע נשמה מיט'ן אויסגע־הונגערטען גוף, — ווען עס דערהערט זיך פּלוצלונג אַ קלאַפּ אין טיר. זשאַן־וואַלזשאַן מיינט, פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס קומט מען נאָך זיין נשמה, אָבער ער האָט אַ טעות: דאָס קומט דאָס „קינד" זיינס, זי, צוליעב וועלכער ער האָט זיך געהאַט פער'משפּט צום טויט, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער וועט זי שוין מעהר ניט זעהן.

„צו־שפּעט!" — זאָגט ער. אַ ווײַלע שפּעטער הויכט ער אוים זיין לעצטען אָטעם אונטער דעם קוס פון זיין באַשעפער וויקטאָר הוגאָ, ווי משה רבינו איז אוועק פון אונזער וועלט מיט אַ קוס פון ז י י ן באַשעפער.

אָט דער „צו־שפּעט!" קומט מיר אריין אין די געדאַנקען יעד־דעם מאָל, ווען איך דערהער אַזאַ קלאַפּ.

און מורא האָב איך אויך, ניט אַזוי שטאַרק פאַר'ן סוף, ווי פאַר דער ערפילונג פון מאַנכע פון מיינע הייליגסטע וואונשען, וועלכע קאָנען אריינקומען דורך די געעפענטע טיר אַ רגע פאַר יציאת הנפש, דאַן, ווען עס וועט שוין זיין צו שפּעט.

וועט איהר גלויבען, אָדער ניט? אָט די אַלע געדאַנקען זיי־נען דורכגעגאַנגען דורך מיין מח אין דער צייט פון דער דריטעל מינוט, אפשר ווייניגער, צווישען דעם קלאַפּ און מיין אייניקעל'ס עפענען די טיר. דער מענשליכער געדאַנק בלייבט אַלץ דער שנעלסטער פליה־אַפּאַראַט אין דער וועלט. מאַרקאָני און אַנ־דערע מכשפים מעגען טאָן, וואָס זיי ווילען. פאַר אַ געדאַנק צו דערלאַנגען אַ פליה דורך דריי טויזענד יאָהר וועלט־געשיכטע, דורך אַ צעהן־טויזענד מייליגען מהלך, פון אברהם אין אור כשדים

ביז'ן שמד אין מאָסקווע אָדער וויען, איז א קינדער־שפּיעל. איך ווייס פון א געדאנק, וועלכער איז ארויס פון א פּאריזער באַריקאַ־דע, האָט געשפּרייזט איבער קברים און קרובעס גאָלד און, האַ־בענדיג אַרומגערינגעלט עטליכע מאָל די ערד און א סך אַנדערע פּלאַנעטען, איז ער פּארקראָכען אין האָצע־פּלאָצע און איז געשטאָר־בען א מיאוס'ען טויט אין א פּארזומפּטען הארץ פון אזא מאַן, ווי העברי ראָשפּאָר (אויב ער לעבט נאָך, זאָל ער לעבען און מורא האָבען פאר'ן טויט, אָדער פאר זיינע קרעדיטאָרען, רבונו של עולם!) און האָט דורכגעמאכט אלע זיינע רייזען אין ווענינגער צייט, ווי עס נעהמט דעם עלעקטרישען שטראָם צו דערגעהן פון מיין הויז ביז ארם־נהרים.

אָי, בין איך פּארקראָכען!

מיין אייניקעל האָט אריינגעלאָזען א מאַן, פאר וועמען איך האָב זיך אמת דערשראָקען. דאָס איז געווען א מין בעל־חוב. איך בין איהם שולדיג געווען א מיינונג איבער א לאַנגען שיר, וואָס ער האָט ביי מיר איבערגעלאָזען מיט א וואָך פינף צוריק. אזא חוב איז ערגער ווי א געלד־חוב. געלד וויל מען באַצאָהלען און מען קאָן ניט, דאָס װ ו י ל מען ניט!

משמעות, ער האָט געפּיהלט, אז איך פּיהל זיך שולדיג, ווייל ער האָט מיט א טאָן, אין וועלכען עס זיינען געווען ניין חלקים חוצפּה, און א צעהנט־חלק בושה פאר אַן עלטערען, צו מיר גע־זאָגט:

— זיידע, איהר וועט מיר היינט מ ו ז ע ן לייענען, אָדער הערען לייענען מיין געדיכט!

די נגינה האָט ער געשטעלט אויפ'ן „מוזען", און איך האָב געזעהן, אז איך וועל זיך דאָ ניט אַרויסדרעהען.

„נאָך א פּאַרלעזונג!" — האָב איך אין זיך געטראכט, און א שוידער איז מיר אריבער איבער'ן גאַנצען לייב. מילא! פּאַר־פאַלען! שוין א טאָג אזעלכער.

— לעזט! — האָב איך געזאָגט צום דיכטער.

— איך לעז זעהר שלעכט מיינע אייגענע זאכען, — האָט ער זיך פאַרענטפערט, זיך אויסהוסטענדיג און אָפּשפּילענדיג צוויי־דריי קנעפּלעך פון זיין וועסטעל, וואָס האָט, חוץ א כלומר׳שט־גילדערן קייטעל, אויך זיך געטראָגען סמנים פון באַריהרונג מיט טינט, זיסע טיי, קאַפּע, אַפּעלסין־איינגעווייד, א קינדערשען גאַ־ווער פון מיילכעל און שטויב פון א בליישטיפט, משמעות — פאַר־שניצט און געשאָבען געגען דער ברוסט.

— איהר זיינט ניט דער איינציגער, — האָב איך איהם גע־טרייסט — וואָס לעזט שלעכט זיינע שריפטען. מאנכע שריי־בען זיי זאָגאר שלעכט. לייענט.

— איך מוז אייך פריהער ערקלערען, וועגען וואָס דאָ האנ־דעלט זיך.

דאָ בין איך שוין געוואָרען הארט.

— ר׳ קרוב, אָהן הקדמות ! — האָב איך געזאָגט.

— אָבער...

— קיין אָבער ! אויב אייער שיר אליין וועט ניט ערקלערען, וועגען וואָס דאָ האנדעלט זיך, האָט איהר געמעגט פאַרשפּאָרען צו שרייבען, און איך קען פאַרשפּאָרען עס צו הערען. לייענט.

— דאָס איז א מין פּראָטעסט, פאַרשטעהט איהר, זיידע ?

— גוט, גוט, — האָב איך געזאָגט, — לייענט, — און ארויס־נעהמענדיג מיין טאַבאַק־פּושקע פון בוזעם און אָנשטעלענדיג דעם קניפּ געגען די הונגעריגע נאָזלעכער פון מיין אידישלעך־קאָרפּור־לענטען שמעק־אָרגאַן. האָב איך זיך אָנגעגרייט צו הערען, דאָס הייסט אָבצוקומען.

מיין אייניקעל אויך.

אָט איז זיין שיר. ער רופט איהם „מיין גזר־דין". צי מיט רעכט, צי ניט, וועט איהר שוין מוחל זיין אליין ענטשיידען.

* * *

זיי זיצען און קלערען
און קנייטשען דעם שטערען,
עס גיסט זיך פון פּנים דער שוויים;
זיי קלערען, די ריכטער,
צי בין איך אַ דיכטער,
אַן אמת'ער דיכטער, ווער ווייס.

זיי פּיהלען, אַז וויכטיג
איז, קלאָר זאָל און ריכטיג
אַרויסקומען דער פּריגאָוואָר:
וואָס דאָ ווערט ענטשידען,
בלייבט תורה פאַר אידען, —
מסיני — פון קינפטיגען דור.

און קודם כל דבר
באַטראַכט מען מיין עבר,
אַ שטייגער, וואָס זעהט מען ביי מיר...
הערסטו לויטער דבורים
פון נויט, פון יסורים,
רק זיפצעט, רק קרעכצעט מיין שיר!

וואו רויזען און ליליען,
און ליעבעס-אידילען
ערפילען דאָס לעבען מיט לוסט;
וואו מיידעלעך זיסע,
נשמות אין תפיסה
פאַרנעהמען צו זיך אין דער ברוסט;

וואו אַמור אין וועלדער,
אין גערטנער און פעלדער,
שיסט פיילען פון בויגען אַרום,
און ס׳יאָגען זיך נאָך איהם
פאַרוואונדעטע מלאכים,
פאַר פרויען פאַרשטעלט אומעטום,

וואו חיה׳לעך ברומען,
און פליגעלעך זשומען
און ס׳קייכען זיך קינדער אין כאָר ;
וואו ווינטעלעך בלאָזען,
ס׳טרייסלען זיך האָזען,
און וואו ערגיץ צוויי — ווערט אַ פּאָר ;

וואו בערגלעך און טאָלען,
אַ לאַנדשאַפט צו מאָלען,
פאַרלאַנגען אַ קינסטלער־טאַלאַנט,
און ס׳גרינט פאַר די ביימער
אַן אייביג ל״ג בעומר,
רייסט ממש אַ שיר פון דער האַנד ;

וואו פייגעלעך אויף צווייגען,
צו פייגעלעך אין שטייגען,
אַ פרייהייטס־גרוס פּיפּצענען צו,
און קינדער אין וויגען
צופריעדענע ליגען
און לאַבען זיך מיט זיסער רוה, —

אַ זיפץ זאָל באַזינגען
אין פערזען, וואָס קלינגען
ווי איכה, אַן אויך־מיר־פּאָעט !
זאָל צרות באַקלאָגען,
רק טראַכטען פון מאָגען,
דערפאַר, ווייל נאָר צרות ער זעהט.

* * *

בעת ליעבע און לעבען
כסדר נאָר וועבען
גאַרדינען פאַר לוסטיגע זינד,
קומט ער מיט'ן דלות,
פון אָרימע כלות,
פון ווייבלעך, וואָס גערען צו קינד.

פון גאַנץ פּרשה נח
איהם קריכט נאָר אין מח
דער מבול, וואָס גיסט און פאַרוויסט;
ער זעהט ניט דעם עיקר,
ווי נח ווערט שכור
פון וויין, וואָס דאָס לעבען פאַרזיסט.

אויף פּיסלעך, וואָס טאַנצען,
א לעבען א גאַנצען,
זיין אויג זעהט א הינער אויג בלויז,
און הענד פול מיט רינגען
איהם מאַכען נאָר זינגען
פון דיענסט־הענד אין גאַס און אין הויז.

ער זינגט אנעים זמירות
פאַר ארבייט און שכירות,
פאַרגעטערט א הובעל, א שער...
רק שירים, תשבחות,
גיט ער בעל־מלאכות,
ווער וויים, וואָס מיט איהם איז דער מעהר!

---

אלץ האָט דאָך אַ גרעניץ,
ווי שטערט ניט אַ געניץ
אַמאָל דעם אביונים־געזאַנג!
ווי ווערט דאָס ניט נודנע,
אין אלץ, וואָס פאַסקודנע,
צו פאָרקענען זיך אַזוי לאַנג?

אָהן אויפהער ווערט נמאס
אפילו אַ צימעס,
אַ פשיטא שוין שיטערע יויך:
דעם איידעלען מענשען
באַשעפּטיגט דאָס בענשען
פיעל מעהר, ווי דאָס שטאָפּען דעם בויך.

* * *

היינט פרעגט איהם בחרם,
ווי ס'קלינגען מזמורים
מיט פאַרבען, וואָס זינגען ווי טענץ...
ווי היינטיגע צייטען
רעיונימלעך רייטען
אויף קליאַטשקעלעך פון דעקאַדענץ;

ווי ווייבערשע מענער
און הינערשע הענער
און ציגעלעך — אמת'ע בעק,
אויף שטאָלצעם מאַרשירען
דורך פערזען, וואָס פיהרען
פון אלץ אייך, צו אלץ אייך אַוועק.

ווי היציגע שטראַהלען
אַ וואָלקען בעפאַלען
דערפאַר וואָס ער זופּט אוים דעם ים,
בעת בלאָסע סאָראָקעס,
וואָס פאַסטען הפסקות
דאָס טוען, ווייל ס'בעט זיך צום גראַם.

איהם פעהלט די מאָדערנע,
קאָלירטע לאַמטערנע,
וואָס לייכט און מאַכט בולט דאָס אַלץ,
וואָס פינקעלט אָהן פייער;
ווער גיט . אָ אַ דרייער
פאר עברי, מיט פעפער, מיט זאַלץ!

מען ווירקט אויף די חושים,
אָהן טראָפּ, אָהן דגושים,
לאו־דוקא איז לאָגיקע היינט;
אָט גראַד דורך אַ קרימונג
באַשאַפט מען אַ שטימונג,
וואָס גלייך איז, דאָס האָט מען איצט פיינט.

* * *

בקיצור הדבר,
ווי ווייט אונז זיין עבר
בעווייזט, וואָס זיין דיכטונג באַטייט,
איז קלאָר, אַז זיין פּלאַץ איז
מעהר צווישען פּאַרטאַצעס,
ווי צווישען פּאָעטישע לייט.

— גוט! גוט, בנאמנות! — האָט מיין אייניקעל אויסגע־רופען אין גרוים התלהבות. — אָט דאָס רוף איך אריינגעפּאָהרען אויף אַ שטייגער! שוין לאַנג צייט געוועזן... דערהויפּט לגבי

די שווארץ־קינסטלער, וואָס דיכטען... ווי זאָגט איהר? „מיט פארבען, וואָס זינגען ווי טענץ!" גוט, זעהר גוט!

אונזער פריינד האָט אָנגענומען מיין אייניקעל'ס קאָמפּלי־מענטען ווי א רייכער זוהן נעהמט אָן ערב יום כפור א ברכה פון אן אָרימען פאָטער: א שטייגער, א ברכה קען ניט שאַדען, אָבער ער איז געווען געבענטשט... עס איז גוט אַזוי צו פיהלען, צו זיין מיט זיך צופריעדען, צו פיהלען דעם אייגענעם ווערט. ער האָט צוריק צונויפגעשפּילעט זיין וועסטעל, איז געוואָרען א ביסעל שטייפער... עפּעס אַזוי ווי שטייפער טאַקע ביי זיך. דאָס וועס־טעל גופא האָט אויך געקראָגען עפּעס מעהר פּנים און די פלעקען מכל המינים אויף איהם האָבען ארויסגעקוקט ווי א שטיק מאָ־זאאיק אין א קונסט־ווערק.

איך האָב געווישט די שפּאַקולען. שפּאַקולען ביי קורצזיכ־טיגע מענשען דאַרפען זיין ריין, ביי א קריטיקער מיט א שוואַכער ראיה מעהר ווי ביי אַלעמען. „מען דאַרף זעהן, וואָס מען הערט, כדי צו דערשמעקען, וואָס מען פּיהלט — ווי מען זאָגט געוויס היינט... וואָס זאָגט מען היינט ניט?

יא, איך האָב געווישט די שפּאַקולען... אגב, האָב איך גע־וואָלט פאַרדייען דאָס, וואָס מען האָט מיר דאָ געגעבען צו געני־סען... אנדערע מענשען איילען זיך, איך האָב צייט... אויף דער עלטער האָט מען צייט. יונגע לייט האָבען נור פאָר זיך עטליכע געצעהלטע צעהנדליג יאָהר, מיר, אַלטע — די אייביגקייט, איהר, וואָס דאַרף זיך באַלד אָנהויבען און קיינמאָל ניט אויסלאָזען. ניטאָ זיך וואָס צו איילען. פון אייליגניש קומט קיין גוטס ניט ארויס: פון די מצה, וואָס אונזערע אבות אבותינו האָבען גע־באַקט בחפזון, אַזוי ארויסגעהענדיג פון מצרים, ווי מען שפּרייזט היינט איבער דער יורבעריגער גרעניץ, טוט אונז נאָך עד היום וועה דער בויך... עס מאַכט ניט אויס... געלוינט זיך האָט עס. לאָז אפילו אין לייב בורענען, אָבער פון קנעכטשאַפט מוז מען ארויסגעהן. בעסער זיך דרעהען אין דרייען פון בויך־וועהטאָג, איידער זיך אַזוי בוקען צוליעב א נאָסילקע ציגעל אויפ'ן רוקען

פאר א פרעמדען, פאר א מצרי, וואָס וואָיעוועט איבער אייך.

איך האָב געווישט די שפּאַקולען... ביסלעכווייז הויב איך אָן אלץ פארגעסען. די וועלט ארום מיר איז געווארען פארשלונגען אין א נעבעל א געדיכטען. אלץ איז געווארען אויסגעמעקט... מיינע געדאנקען האָבען זיך געשטויסען איינער דעם צווייטען, זיך צוקלאַפּענדיג די נעזער... היינטיגע צייטען האָבען געדאנקען נעזער און אידישע רעיונות — געווים בכבוד'ע נעזער.

מיט אַמאָל א נייער קלאַפּ אין טיר.

סקאַצעל קומט! מעהר האָט ניט געפעהלט! דעם אייניקעל'ס פּלונית'טע.

— נו, האָסט עס איהם געוויזען? — האָט זי איהם געפרעגט, ווייזענדיג אויף מיר.

ער האָט איהר א וואונק געטון...

— וואָס איז דאָס? — האָב איך געפרעגט.

— אָ, זי וויל וויסען, צי איך האָב דיר געוויזען דעם אָנגעהויבענעם ארטיקעל, — האָט ער געזאָגט.

— געוויזען! געוויזען! ניט שלעכט געשריבען, אָבער אונזין... איין גאָט אין הימעל ווייסט, וואָס דו האָסט געוואָלט אויספיהרען... ווען מען ווייסט ניט, וואָס מען וויל זאָגען, הויבט מען ניט אָן. און זאָגען, אז מען וויל עפּעס ניט זאָגען, איז אויך א נאַרישקייט.

— זיידעניו! — איז זי מיר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז — דאָס איז דאָך דיינער אַן אַלטער מאַנוסקריפּט...

און זי האָט געלאַכט, ווי נאָר א געזונד ווייבעל קען לאַכען.

דער דיכטער האָט דערוויילע פארלאָרען די געדולד.

— נו, און אייער מיינונג? — האָט ער האַלב אין כעס אויסגערופען.

— ניט היינט, ר' קרוב! ניט היינט! — האָב איך געזאָגט, קוקענדיג אויף מיין אייניקעל'ס ארטיקעל, וואָס איך האָב אַליין געהאַט געשריבען צוריק מיט א יאָהר צעהן.

— ניט היינט. היינט איז ביי מיר א צוטומעלטער טאָג. האָט אייך א גוטען...

VI

## א צוטומעלטער לשון.

זיידע, ער איז שוין ווידער דאָ!

ער, דאָס איז דער איד, וואָס וויל וויסען מיין מיינונג וועגען זיין שיר... דער איד, וואָס וואַרט אויף מיין גזר־דין פאַר זיין „גזר־דין". ער זאָגט — הער איך פון מיין אייניקעל — אז ער וועט ניט אוועקגעהן, וואו איך וועל איהם ניט זאָגען, וואָס איך דענק.

ניש־קשה פון א פאַרלאַנג! זאָגען וואָס איך דענק! אכטצעהן יאָהר אין אמעריקא, זיעבעצעהן יאָהר אין א סך אנדערע ציוויליזירטע מדינות, און גער זיי זאָגען וואָס מען דענקט. דאָס קען קיין ציוויליזירטער מענש אין קיין ציוויליזירטען לאַנד ניט. דאָס קען נור א ווילדער, און אפילו ער ניט, מחמת ער האָט ניט קיין לשון, און קען ניט זאָגען, וואָס ער קען זאָגען, פאַר א געבילדעטען (איין־אָדער אויס־געבילדעטען) מענשען איז גענוג, ווען ער דענקט וואָס ער זאָגט, נאָטע גענוג... אין ליטאָ, פוילען און רייסען פלעגט אין די אַלטע צייטען דאָס זיין נאָך צופיעל... אין די אלטע צייטען... דאָס איז, איידער די מדינה איז געוואָרען א פרייע און מענשען האָבען זיך אוועקגעלאָזען זוכען גאָט, מיט דעקאַדענטען פאַר פיהרער און ארציבאשעוו פאַר א באַגלייטער... איידער דער מענשליכער גייסט איז דאָרטען אריין אין חורבות (ווי גייסטער בכלל) און דער מענשליכער געדאַנק איז פאַרקראָכען צווישען בלוזקעס און ספּאָדניצעס... איידער קופּרין'ס „גרוב" מיט דעם זומפּ ארום איהר איז געוואָרען א מוזען־טעמפּעל.

זאָגען וואָס מען דענקט! מעהר פעהלט מיר נים! אונזער גאַנ־

צער לעבען איז נור מעגליך בתנאי אז מיר זאָלען דאָס  ג י ט  טאָן. איהר קענט נור האָבען פריינט — (מיט א טית, הער זעצער, דוקא מיט א טית! פריינד מיט א דלת איז לשון יחיד, פריינט מיט א טית איז לשון רבים. אזוי אויך: וואנד — וועגט, האנד — הענט, פיינד — פיינט. איהר קריגט די שטיקעל תורה אומזיסט, חנם, אין כסף, און אזוי ווי די שרייבער זיינען אין אייער האנד, קען דערפון ארויס־קומען א נוץ פאר די אידישע ליטעראַטור.— ...מחשבות'ן ! ווי וואויל און ווי גוט איז דעם אידישען שרייבער! יעדער איינציגער — ווי ער פארשטעהט. איש הישר בעיניו יעשׂה. יעדער איינציגער א סאָלאָן אין עניני אויסלייגען, א ליקורג אין סינטאקס, א משה אין וואָס די טייטשען רופען שפראך־געברויך, און טאָמער גיט איהר (דער מזוזה, פארשטעהט זיך) א קוש און איך א קוס, איז גאָר נישט — אלה ואלה דברי אלהים חיים. אָבער איך מוז ארויסקריכען פון די האלבע לבנות. הער זעצער, זייט מוחל, אָט, אָט..).

כסדר אזוי. איהר קענט נור האָבען פריינט בתנאי, אז איהר זאָלט אייערע געדאנקען האלטען אונטער א דעכעלע, אפשר אונטער א שלאָס; בתנאי אז אייער צונג זאָל ביי אייך זיין אונטער פאָלי־ציי־השגחה און איבער אייער פעדער זאָל אייער שכל האלטען א שטרענגע צענזור ; פרובירט זאָגען וואָס איהר דענקט, אפילו — דענקען וואָס איהר זאָגט און...

„זיידע, ער ווארט דאָך !"

—ווער? דער דיכטער? אן עולה, כלעבען! מען דארף קיינעם ניט לאָזען ווארטען... מענשען ווארטען אזוי אויך געגוג... איבער־הויפט אידען. איי, ווארטען זיי! פון דעם ערשטען חורבן ביז די פיערטע דומע, פון עזרא הסופר ביז זאנגוויל דעם שרייבער, פון דניאל'ן אין לייבענגרוב ביז חיים־יאנקל'ען אין דער בערלאָגע, פון הריסת ביתר ביז הריגת אדעס. א קלייניגקייט ווארטען זיי! וואו איז ערגעץ אין גאָט'ס ווייסער וועלט ווען עס איז געווען אן אומה, וואָס האָט דורך טויזענדער יאָהרען אזוי געווארט: אויף אליהו הנביא יעדע סדר־נאכט, אויף משיח בן דוד יעדען טאָג, אויף בע־סערע צייטען, מענשליכערע פריצים; אויף טשינאָווניקעס וואָס

נעהמען, אויף ווייסע צעטלעך פון אויבען, לאָטעריע־צעטלעך פון ברוינשווייג און אַנדערש־וואו, וואָס זיינען אריין אין אַ מזל'דיגע שעה און ארוים מיט אַ געווינס. און, וואָס איז דאָ צו ריידען, לאָזען ווארטען אומזיסט איז געווים אַן עולה. מען דארף קיינעם ניט לאָזען ווארטען, אפילו ניט...

„זיידע ! !"

—גוט, לאָז ער אריינגעהן.

—גוט מאָרגען — גוט יאָהר! דאָס קען אויך נור אַ איד ! פאַר איין גוט מאָרגען גיט ער אַ גאַנצען יאָהר...

„דערפון נעהמט זיך טאַקי אזוי פיעל גוטע יאָהרען ביי אונז!" — ווארפט אריין מיין איניקעל אַ ווערטעל.

יע, דער איד גיט פיעל. דערפאַר פארלאַנגט ער אָבער אויך פיעל. פאַר איין תפילין־לעגען וויל ער שכר פאַר אַלע תרי"ג מצוות מיט אַלע זייערע כללים, פרטים און דקדוקים. פאַר איין ביסעל פרומקייט, פאַר לערנען תורה, פאַר'ן ניט כאַפּען בייגעל פון טיש־לעך — אפשר פאַר'ן ניט עסען די לעבער פון די בייגעל — קור־מען איהם 310 וועלטען לאחר מאה שנה. אַ יושר, כלעבען!

„זיידע ! ! ! "

גוט, גוט ! איהר, זעהט גוט אויס, רבי קרוב, קומט משמעות פון דער קאָונטרי, איהר האָט זיך געמוזט באַקען אויף'ן זון, וויקען אין ים, לופטערען צווישען ביימער און גרינס, אייער פנים, איז, אָהן עין־הרע, רויטליך עפּעס גאָר ניט מעשה איד... מיר דאָ, אין ניו־יאָרק, דערהויפּט אין'ם אידישען ניו־יאָרק, באַקען זיך אויף ברענ־נענדיגע ברוק־שטיינער, ווייקען זיך אין טייכען שוויים, וואָס גיסען זיך פון אונז, לופטערען זיך מיט צייטונגס־בלעטער און זעהען ניט קיין גרינס, סיידען עס קומט אראָפּ אַ קאָנוואָיי גרינע פון עלים איילאַנד — אידען, פּאַליאַקען און שאר ירקות.

„וואָס מכח מיין שיר?"

—אייער שיר? וואָס זאָל איך אייך זאָגען... אסור, אויב איך וויים. מיט וועמען משפּט איהר זיך? ווער זיינען די שופטים, מיט וועלכע איהר משפּט זיך? וואָס פארלאַנגט איהר פון זיי ?

נאַרישער מענש!? ביי די אומות העולם זיינען דאָ שרייבער און לעזער. פון שרייבער וואָס לעזן, פון לעזער וואָס שרייבן „אַר־בייטען זיך אויס" קריטיקער.. ארבייטען זיך אויס — איז טייטש, מיר האָבען אזא וואָרט ניט... ניט אין דעם דאָזיגען זין... אויף אונ־זער לשון ארבייטען זיך נור אויס מענשען, וואָס ארבייטען זיך איי־בער, און רייסען זיך אונטער, און דעראַרבייטען זיך צו א פאַרדער־צייטיגען עלטער, בשעת די מענשען, וואָס ארבייטען  מ י ט  זיי — אמאָל סחורה, אמאָל מעשים — ארבייטען זיך ארויף און ווערען גאנצע לייט, מיט א דעה אין קהל־שטיבעל, און א פערטעל אין גאס; מיט אן אויג ביי גאָט און א קאָנטא אין באנק; מיט א חלק לעולם הבא און חלקים, פיעל חלקים, די חלקים פון א סך מענשען, פאַר'ן עולם הזה.

אָבער וואו האלט איך?

יע, ביי די קריטיקער, וואָס ארבייטען זיך אויס פון לעזער וואָס שרייבען, פון שרייבער וואָס לעזען.

אָבער דאָס איז ביי די אומות העולם, בלויז ביי זיי, ביניהם.

ביי זיי לייענט איין שרייבער דעם אנדערען, ביי זיי לייענט מען, למשל, אנדערע לשונות אויך, אָבער זיכער דעם אייגענעם לשון פריהער ווי אַלץ. זיי האָבען, חוץ א מוטער־שפּראַך און א פאָטער־לאנד, א חשק צו וויסען וואָס אַנ'אַנדערער פון זייער אומה האָט גע־שריבען, וואָס ער שרייבט.

אָבער מיר! מיר שרייבען פאַר די לעזער, ניט פאַר שרייבער. אין ציוויליזירטע לענדער שרייבט מען אפילו ניט פאַר באשטימטע לעזער די ביכער און ארטיקלען, ווי מען נעהט ניט פאַר געוויסע קונדען קאָפּאָטקעס מיט וועסטלעך. מען שרייבט ווי מען נעהט פאַר'ן מארק, פאַר'ן קליידער־מארק, ווי פאַר'ן ביכער־מארק אָדער פאַר'ן צייטונגס־מארק. דער עיקר איז אָבער, אז אונזער אנדרעיעוו כאַפּט אייך אָן, ווייס גאַנץ גוט אז אונזער גאָרקי לעזט איהם ניט, און פאַרקעהרט אויך אזוי. ווען אונזער געטהע קומט צונויף מיט אונזער שילער, רעדען זיי ניט וועגען זיך און זייערע שריפטען,

מחמת דער אידישער שילער האָט קיינמאָל ניט געהערט פון „ווער־טהער׳ס ליידען״ און דער אידישער געטהע האָט קיינמאָל ניט גע־הערט ניט פון דעם „גלאָק״, ניט פון אנדערע, אפשר וועניגער קלינ־גענדע זאכען. ביי אונז ריידען זייביידע וועגען מאָליער און ראסין, וועגען בייראָן און סקאָט, וועגען דאַנטע, סערוואַנטעס, אָמאַר קהאייאם, אלהאפיז, אמאָל אפשר אפילו, יע... אפילו וועגען יהודה הלוי, בקיצור, וועגען אלץ, און אלעמען, אין אלע לשונות, פון אלע צייטען, חוץ פון זיך.

אידישע ביעלינסקי׳ס ! אידישע מאקאָליי׳ס, אידישע בער־נע׳ס ! א גוטער שפּאס, כ׳לעבען !

אונזערע קריטיקער הויבען אן צו לעזען אונזערע שרייבער ערשט ווען זיי ווערען איבערזעצט אין א פרעמדע שפּראך. זייער משה׳לע ווערט פאר זיי א מענשעלע, ווען ער שלעפּט אויף זיך ארויף א גוי׳אישע קאפּאָטקעלע מיט א טייטש׳עשען שפּאלט און אן ענגלישען שניט. כל־זמן ווי משה׳לע האָט אויף׳ן גוף א אידישען מלבוש, אויף דער נשמה א חשד של אָפּגלאַנץ פון׳ם כסא הכבוד, אויפ׳ן פּנים דעם צלם אלקים און אין זיין לשון א זכר למקדש, שטעלט ער, דער קריטיקער אונזערער, זיך גאָר ניט אָפּ אויף דעם דאָזיגען משה׳לען, ווייס ער פון איהם ניט, און וויל ניט וויסען.

ערשט ווען א גוי האָט על פּי סיבה געקראָגען צו וויסען פון א אידישען שרייבער און איז נתפּעל געוואָרען פון זיין ענטדעקונג (נוסח פּוילען: ענטפּלעקונג...) און איז נתפעל געוואָרען, מחמת ביי איהם איז א נס בתוך נס, א איד וואָס שרייבט אַנשטאַט צו האנד־לען מיט אלטע קליידער און געבען געלד אויף פּראָצענט; וואָס מאכט שירים אַנשטאט צו מאכען באַנקראָט און האָט משא־ומתן מיט די מוזען אנשטאָט צו זינגען מה־יפית פאַר פריצים ; וואָס קלעטערט אויף׳ן פּארנאַס אַנשטאט זיך צו שטופּען צו דער בערזע און זינגט די „צוויי גרענאַדעריע״ אנשטאט צו קלאָגען „אנקת מסלדיך״ — דער גוי, זאָג איך, וואָס דערזעהט אזא׳ן עולם הפוך און ווערט פון איהם אזוי נתפּעל, שרייבט אויף א „דיסקוויזיציע״. כדרך הטבע, איז ער שרעקליך מגזם, זעהט ער דאָפּעלט, ריהמט ער

מיט כפול־שמונה'דיגע שבחים די נייע ערשיינונג, וואָס ער האָט געקראָגען צו זעהן.

ערשט דאַן כאַפּען זיך אויף די אידישע קריטיקער, רייבען זיך אויס די אויגען, קראַצען זיך אויס די פּאַטילניצע, הוסטען זיך אויס, שנייצען אויס דעם שמעק־אָרגאַן און זעצען זיך, מיט דער טייטעל אין דער האַנד, לייענען וואָס אַן אייגענער מענש האָט אָנגעשריבען. דאַן פּאַסירט עס, אַז אַנדערע שרייבער, וואָס „שאַפען" אַליין, אָבער זיינען ניט קיין קריטיקער (חוץ אפשר אין די אייגענע ד' אמות) הויבען אַן צו לייענען וואָס אין זייער לשון איז געשריבען געוואָרען אַזוינס, אַז גוים האָבען עס אַזוי איבערזעצט, אַז טייטשען האָבען עס אַזוי פּאַרטייטשט, אַז רוסען האָבען עס אַזוי רוסיפּיצירט, אַז עס איז ניט געבליבען קיין סליאַד פון אידישקייט דאַרויף.

און עס איז גענוג, אַז, נאָכדעם ווי מען האָט אַרויפגעהויבען דעם אייגענעם שרייבער אין'ם זיבעטען הימעל, זאָל מען מיט אַמאָל איהם אַרונטערוואַרפען, אַרונטערשלעפּען אין סאַמע זומפּ אַריין, אויב ערגעץ אַן אַנדער גוי זאָל פאַרקרימען דעם נאָז אַ שטייגער: פון וואָס האָט מען דאָ געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם! און תוך כדי דיבור עפענען זיך די אויגען ביי טויזענדער „פּאַרבלענדעטע" מענ־שען און זיי פאַרשטעהען מיט אַמאָל, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי דאָס, וואָס טאָלסטאָי (כנגד שעקספּיער) רופט היפּנאָטישע סוג'געסציע", דאָס הייסט, אַז איינער זאָגט „נאָט!" און אַלע פאַלען כורעים, און עס פאַרשפּרייט זיך אַן אמונה ווייט און ברייט, אַן אמונה, וואָס האָט זיך אפילו, ווי אַלע אמונות, איהרע אפּיקורסים, אָבער אויך חסידים, הייסע, ברענענדיגע חסידים, חוץ אַ גרויסע מאַסע אונשולדיגע מאמינים, וואָס ווייסען פון קיין קונצען ניט, און געהען מיט'ן עולם, וועלכער שווימט מיט'ן שטראָם, ניט קוקענדיג ניט לינקס און ניט רעכטס, ניט קלעהרענדיג און ניט איבערקלעה־רענדיג.

איז יענע טויזענדער „פּאַרבלענדעטע" זעהען פּלוצים איין, אַז זייער בר־כוכבא איז אימער געווען אַ בר־כוזבא, אַז מען האָט גע־לעבט אין טעות. איז וואָס איבערצייגט זיי מיט אַמאָל? וואָס

עפענט דאָס מיט אַמאָל זייערע אויגען ? נישט מעהר און נישט ווענינגער ווי דאָס, וואָס א נייער גוי איז געקומען און האָט אָפּגע־לייקענט דאָס וואָס דער ערשטער גוי האָט געזאָגט.

שרעקליך איז דער גלות אונזערער ביי'ן גוי ! אָבער שרעק־ליך איז עס דערהויפּט מיט דעם, וואָס מיר פארדינען שוין ניט מעהר פון'ם גלות אויסגעלייזט צו ווערען.

„זיידע! ! ! דער מאן ווארט דאָך ! ”

—משמעות קען ער דאָך ווארטען. דאָס איז, אגב אורחא, וועל איך דיר זאָגען, אויך א גלות־ערשיינונג... ווי איך רעד הייגט ! גלות־ערשיינונגען ! „טאָלסטאָי, שעקספּיער, געטהע, שילער, סער־וואנטעס, ראסין מאָליער”! מינסק — וואָס פון דיין חקרן איז דאָס אביסעל געוואָרען אין ענגלאנד און אמעריקא ! אָבער נחזור לענייננו.

איך זאָג דאָס איז אויך א גלות־ערשיינונג. דער וואָס איז אין גלות האָט געדולד. פּלאצען פּלאצט זי ביי'ן גואל, ביי'ן אויסלייזער. דער עולם מאכט זיך וואפנע, קנעט ליים, קלייבט שטרוי, באקט ציי־געל, בויט פּתום און רעמסס און... גאָר נישט. אמאָל טרעפט זיך, אמת, אז ער דערפיהלט דעם דרוק, דעם לחץ פון די נוגשים און די לוחצים, אָבער דאָס טרעפט נור ווען ווען ניט ווען. געוועגליך זיצט מען אויף דעם סיר הבשר פון מצרים, מען רייבט און מען שוויינט, דאָס הייסט ווען אין סיר איז דאָ בשר. דאָס איז אזוי אומטום אין יעדען גלות, פאר יעדער גאולה, אין אלע לענדער, צו אלע צייטען ! אנט־קעגען וואָס זאָג איך דאָס? אָט קעגען דיין ארויספּלאצען, בעת אונ־זער גאסט ווארט געדולדיג. ווען ער שרייט ניט, וואָס שרייסט דו, ליעבער אייניקעל ?

איך האָב אייך פריהער געזאָגט, אז מיר שרייבען פאר די לע־זער, ניט פאר די שרייבער. דאָס איז שלעכט געווג. ערגער, אָבער, איז וואָס מיר שרייבען ניט פאר זיך. ערגער איז, וואָס מיר אליין קענען זיך בעגעהן אָהן אונזער לשון און אין אן ערך פון דריי פיער־טעל פון אונזער לעבען בעגעהן מיר זיך טאקע אָהן איהם, און ניט

נור דאָ, אין אמעריקא, נור אויך אין פוילען, גאַליציען, אין דער ליי־טא און אין מערב־רוסלאַנד.

— איך ווייס ניט צו וואָס איהר ציעלט, אָבער איך פיהל דאָס, וואָס איך מיין, אז איהר מיינט, נאָך שטארקער ווי איהר, — האָט זיך דער גאסט אָפּגערופען.

„זיידע, לאָז איהם אויסריידען", האָט פאר איהם צו מיר תפלה געטאָן זיין גואל, מיין אייניקעל, מורא האָבענדיג, אז איך וועל איהם ביי'ן דריטען וואָרט אריינפאַלען אין די רייד.

איך האָב איהם געלאָזען און ער האָט גערעדט.

—דער אמת איז דאָך, האָט ער געזאָגט, אז בשעת מיר האָ־בען אָנגעהויבען צו שרייבען, האָבען מיר דאָס בלויז געטאָן, ווייל מיר האָבען געהאט וואָס צו זאָגען דעם פאָלק און האָבען עס גע־מזוט זאָגען אין דעם פאָלק'ס אייגענעם לשון. מיר האָבען צו איהם גערעדט אידיש, ניט ווייל אונז האָט זיך געוואָלט רעדען דוקא אויף דעם לשון, וועלכען מיר האָבען אין גרונד הארצען אייגענטליך גאָר ניט געהאלטען פאר א לשון, נור פשוט דערפאר, ווייל אונזער עולם האָט קיין אנדערען ניט פארשטאנען.

„מיר זיינען צו איהם געקומען , כאָפּ איך איהם אונטער, ווי די מיסיאָנערען קומען צו די ווילדע פעלקער און מוזען צו זיי ריידען אין זייער אייגענעם לשון".

—„דאָס וואָלט נאָך געוועזען א האלבע צרה, מאכט ער, ערגער ווי אלץ איז, וואָס די ווילדע האָבען אין זייער לשון א גאנץ קליינע צאָהל ווערטער, אָפּט גאָר קיין ווערטער ניט פאר אלץ וואָס זיי זעהען ניט, הערען ניט און בעגרייפען ניט מיט די אנדערע דריי חושים."

„איהר אַליין, שלאָג איך איהם ניט ווילענדיג איבער, האָט נאָר וואָס געוויזען מיט אייערע אייגענע ווערטער ווי אזוי מען רעדט צו א פאָלק אָהן ווערטער. א שרייבער אין ערגעץ אן אייראָפּעאישען לשון וואָלט, אנשטאט צו זאָגען, ווי איהר האָט אקארשט געזאָגט : „גאָר קיין ווערטער ניט פאר אלץ וואָס זיי זעהען ניט, הערען ניט און בעגרייפען ניט מיט די אנדערע דריי חושים", איינפאך גע־

זאָגט, אז די ווילדע האָבען אין זייער לשון ניט קיין „ווערטער פאר אבסטראקטע בעגריפע". אָבער רעדט, רעדט.

—„מיר האָבען, בקיצור, זיך צוגעפּאסט, אָדער געפּרופט זיך צופּאסען צום פאָלק און האָבען אלץ וואולגאריזירט, בכדי צו ווערען פארשטאנען פון „אלעמען". אונזער לשון איז אויף דעם אופן געווען דער לשון פון דעם אונוויסענדסטען, פון'ם גרעבסטען טייל פון'ם פאָלק, ווייל „אלעמען" טייטשט דער מצודת־דוד : „ועמי־ארצים בכלל".

„אבער, זיידע, איך זעה נאָך אלץ ניט, ווי אזוי מיר וועלען קו־מען צו אייער מיינונג וועגען מיין שיר".

„געַרעכט, גערעכט ! " האָט מיין אייניקעל אונטערגעכאפּט.

איך האָב גענומען א גרויסען שמעק־טאבאק פון מיין אלטע הילצערנע פּושקע... זי שטאמט פון סטויבץ און איז, צווישען פּוש־קעס א גרויסע יחסן'טע. איהרע בעלי־בתים ביז מיר זיינען געווען — האָב איך מיין פּאָעטישען גאסט ערקלעהרט — דורות פון רבנים איינער גרעסער פאר'ן אנדערען, און זי האָט אין איהר לעבען אין זיך געהאט פּודען טאבאק. אייך וואונדערט אפשר וואָס איך געה אריין אין איהר יחוס. טאָקע צו וואָס ? זאָל איך אזוי פון קיין צער ניט וויסען, ווי איך ווייס אליין ניט. אויף די עלטערע יאָהרען טומ־לען זיך די רעיונות און... נאָר אזוי ווי מיר האלטען שוין דערביי, זאָגט זיך די גמרא, נימא בה מלתא, לאָמיר וועגען דעם א וואָרט זאָגען... איהר איילט זיך דאָך ניט, ניין ? „פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס", איז דאָ א ווערטעל. איך גלויב אין דעם. אויב ערגעץ־וואו איז ריכטיג, וואָס די אלטע האָבען געזאָגט: „פּאָלקס־שטים איז גאָט'ס שטים".

„וואָקס פּאָפּולי — וואָקס דעי", האָט מיין אייניקעל אונטער־געכאפּט.

„דאָס איז ניט נויטיג געווען — האָב איך צו איהם א האָרעלע אין כעס געזאָגט — מען וועט מיינען, אז דו פארשטעהסט ניט קיין ליטיין: מענשען, וואָס פארשטעהען א פרעמדען לשון (פון די חשוב'ע) ווארפען זיך ניט ארום מיט פראַזען, דערהויפּט מיט אזעל־

כע, וואָס די גרעסטע עמי־הארצים, אפילו גאזעטשיקעס, האָבען זיי כסדר אויף׳ן שפּיץ פעדער; פּראזען, וואָס געפינען זיך אין אלע ווערטער־ביכער אין פיהר־הויז, אָדער אין געהעפטע הינטען... האָסט מיר שוין גאָר צעטומעלט די רעיונות. וואָס האָב איך גע־וואָלט זאָגען?

—איהר האָט גערעדט וועגען אייער טאַבאַקערקע׳ס יחוס, האָט דער גאסט אונטערגעכאַפּט.

—יע, יע! — האָב איך זיך אָפּגערופען — וואָס איך מיין ארויסצוברענגען איז, אז נאָך אלע מעשות, איז דער יחוס בכלל — איך מיין ביי ניט טאַבאַקערקעס אויך — א זאַך וואָס שטיצט זיך ניט מעהר ווי אויף איהר אָפּשטאַמונג, אויף דעם וואָס דער שלשלת היוחסין איז באַקאַנט; מען איז צופרידען עס צו וויסען, און דאַן מאַכט שוין ניט אויס וואָס דער יחסן גופא איז פּוסט. וואָס איז די נפקא מינה? איז ער אליין פּוסט, האָט מען איהם שטענדיג גע־האַלטען אָנגעפילט, זיינען די פיינסטע פינגער צו איהם געקראָכען, איז ער אויף די הענד ארומגעטראָגען געוואָרען דורך דורות און דורות...

— הערט די היינטיגע אידישיסטען — האָט ער מיר אונ־טערבראָכען — איז לשון קודש אזא מיוחס...

„אָבער האַלט! וואָס איז דאָס אזוינס „אידישיסטען”? וואָס זיינען דאָס פאַר איסטען?

—זיי האַלטען, האָט ער מיר ערקלעהרט, אז די אמת׳ע אידי־שע שפּראַך איז ניט לשון קודש נור אידיש, אונזער אידיש, וואָס מיר רעדען און שרייבען.

„ביי זיי קומט אויס, האָט ער פאָרטגעזעצט, אז העברעאיש, דאָס הייסט לשון קודש איז שוין לאַנג ניט מעהר ווי א פּוסטער יחסן, וואָס געוויסע אַלט־מאָדישע טאַבאַק־שמעקער פילען אָן מיט עפּעס פון צייט צו צייט, מיט עפּעס אזוינס וואָס מעהר ווי בטלנים דאַרפען עס ניט....

—בקיצור! — בין איך אונגעדולדיג געוואָרען.

„בקיצור, האָט ער, א ביסעלע צודרומשקעט געזאָגט, זיי האַל־

טען אז די העברעאישע שפּראך איז ניט מעהר ווי א מיוחסת א טאַ־
באַק־פּושקע מימות עולם ושנים קדמוניות.

—דאָס הייסט, שטעל איך ווידער אריין א וואָרט, אז צום היינטיגען לעבען טויגען ניט פארצייטיגע חפצים, סאַי אין דעם פּרט פון לשונות, סאַי אין אנדערע זאכען. אָבער די וואָס זאָגען דאָס, זיינען אין טעות. זיי ווייסען ניט וואָס זיי רעדען. נור וועגען דעם איז היינט ניט די צייט צו רעדען.

„און מכח מיין שיר ?״

—וועגען דעם וועלען מיר אויך שפּעטער רעדען... שפּעטער... אנ׳אנדערם מאָל. עס איז צו הייס — צום ארבייטען היינט, און מיר מוזען אייער שיר גוט באטראכטען.

ער איז אוועק. מיין אייניקעל האָט אויף איהם שטארק רחמנות געהאט. פאר וואָס ווייס איך ניט. וואָס איז די איילעניש ?



# VII.

## אַ בריעף קיין לאָנדאָן.

**אַ לאַנגע צייט האָט מיר אַמעריקאַ ניט פּאָליובעט. ווען היינע,** וועלכער האָט אָנגעזאָגט די טייטשען אַז זיי זאָלען ניט שיקען קיין פּאָעטען נאָך ענגלאַנד, וואָלט געהאַט אַ שטיקעלע ידיעה וואָס פאַר אַ מדינה אַמעריקאַ איז, וואָלט ער געוויס איבערגעניצעוועט דעם פּסוק פאַר די אידען און וואָלט געזאָגט: שיקט ניט קיין פילאָזאָפען נאָך אַמעריקאַ. דאָס לאַנד איז אַזוי גרויס, אַז די מענשען אין איהר זעהן זיך אָן אַזוי שיטערלעך ווי די פערעלגרויפּען אין אַן אָרימאַנ'ס וועטשערע יויך; אָדער ווי די וויצען אין דעם לאָנ־דאָנער „פּאָנטש"; אָדער ווי אַן אַרבייטער פּאַרטערער אין דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט; אָדער ווי די אייגענע ציינער ביי אַן אַלטע הולטאַיקע; אָדער ווי די גאַנצע עברי אין סליחות; אָדער ווי די אידען וועלכע האָבען העלטער ארץ־ישראל ערד ווי זיבערע אַקציען צווישען די חובבי־ציון; אָדער ווי עהרליכע לייט און מענשען מיט הערצער צווישען די אַמעריקאַנער פּאָליטיקער; אָדער ווי צייטונגען וועלכע קומען אויס אָהן שנאָרען אין די סאָציאַליס־טישע ליטעראַטור; אָדער ווי ניט גע'אָדער'טע אַרטיקלען צווי־שען מיינע אונשטערבליכע ווערק...

„אַהאַ! כ'לעבען, דער אַלטער האָט זיך אויסגעלערנט בלאָ־פען אין אַמעריקאַ!!"

שאַ! שרייט ניט, ר' קרוב, דאָס איז גאָר ניט קיין עקסטראַ באַריהמעריי. מיינע ווערק זיינען אונשטערבליך, דאָס וויים איך **אַזוי זיכער, ווי איך וויים אַז איהר זייט אַ נאַר. שטערבליך איז דאָס**

וואָס לעבט און פאַרגעהט אָהן אַ שפּור און אָהן אַ ווירקונג. מיינט איהר אַז איך, אַ מענש, אַ פילאָזאָף און אַ מינסקער בטבע, וואָלט אין גיוועץ געבראַכט אַזוי פיעל יאָהרען, אַזוי פיעל 66־דיגע, לוס־טיגע אָוועגטען, אַזוי פיעל פּאַפּיר, טינט און פעדערען, אַזוי פיעל געדולד און פּאָסט־מאַרקען, אַזוי פיעל רוקען־בויגעריי און אויגען־בלענדעריי, אַזוי פיעל שלאָף־שטונדען און וואַך־שטונדען, ווען איך וואָלט מיין אַרבייט געהאַלטען פאַר שטערבליך, פאַר אַ „בין לילה היה ובין לילה אבד" ווי יונה'ס קיקיון, ווי די מאָדע פון גע־שוואָלענע אַרבעל, ווי די אַרבייט פון אַ סאַלוויישאָן־אַרמי־באַראַ־באַנטשיק, ווי די גדולה פון דעם אפיקומן און דער יחוס פון יום כפּור? מיינט איהר אַז איך וואָלט אויף די אַלטע יאָהרען ניט גע־האַט דעם שכל צו מאַכען אָפּ־חבר מיט אייך, ווען איך וואָלט ניט געגלויבט, אַז דעם קלענסטען, דעם שוואַכסטען, דעם אונפּעהיג־סטען מענשען'ס טעטיגקייט פאַר אַ בעסערע צוקונפט, פאַר אַ גליק־ליכערע וועלט, פאַר זאַטערע מאָגענס, פאַר בעסער געקליידעטע ליי־בער, פאַר ריינערע ליעבע, פאַר אויפגעקלערטערע מוחות, פאַר מעהר פרייהייט און ווייניגער אויסגעלאַסענהייט, פאַר אַנגענעהמע אַרבייט, וואָס הויבט זיך ניט אָן מיט דאגות און ענדיגט זיך ניט מיט אויסצעה־רונג, בקיצור פאַר אַ מענשליכערען לעבען, — מיינט איהר, זאָג איך, איך וואָלט זיך מיט אייך פאַרדרעהט אַ מח ווען איך וואָלט ניט געוואוסט אַז יעדען איינציגענס טעטיגקייט פאַר דאָס אַלעס איז אַן אונשטערבליכע טעטיגקייט? ניט דערלעבען זאָלען דאָס מיינע שונאים! מיינט איהר... הערט, עס איז דאָ אַ פראַנצויזישער קליי־נינקער פּיזמון'דעל, וועלכער וואָלט ביי דעם וואַנדזינגאָלער בדחן אויסגעקומען אונגעפעהר אַזוי:

מען קומט,
מען ברומט,
מען ווערט געבאָרען;
מען ברומט,
מען שטומט,
מען ווערט פאַרלאָרען.

אי, וועט איהר פרעגען, ווי קומט א פּאַטש צו גוט־שבת? זאָל איך אַזוי ניט וויסען פון קיין בייז, ווי איך ווייס אַליין ניט.

איצט, קינדער טוט מיר א טובה און זאָגט מיר וואו איך האַלט. אַמאָל, אין די גוטע אַלטע צייטען, ווען איך בין געווען א לאַנדאָנער אַביוואַטעל, מיט'ן פּאָג אין די אויגען, די געפּרייטע פיש אין נאָז, די ניט־טויט־און־ניט־לעבעדיגע אידישע יוניאָנס אין מח, די אונ־טער־ערד אייזענבאַהן מיט איהר לופט אויף די לונגען, מיט גאַ־לאָפּ'ען אין קבר און מיט ליעבע און האָפנונג אין הארצען, דאַן פלעג איך האָבען מיין אייניקעל ביי דער האנד, וועלכער פלעגט מיך צוריק ארויפברענגען אויף א דרך, ווען מיינע געדאַנקען פלעגען פאַרבלאָנדזשען אין האָצע־פּלאָצע און איך פלעג שטעהן, ווי אייזשען ריכטער פאַר די סאָציאַלע פראַגע, ניט וויסענדיג, וואו איין און וואו — אויס.

וואו איז מיין אייניקעל? ווייס איהם דער גוטער יאָהר. ער דרעהט זיך דאָ ערגעץ־וואו ארום עפּעס אַזוי ווי א וואָלקאַנאָק, אָדער ווי א זיפּץ אין א פּאָון־בראָוקער שאָפּ, אָבער וואו ער איז ווייס איך ניט. עס קען זיין אַז ער לערנט אין באָסטאָן, אָדער שלאָפט אין פילאַדעלפיא, אָדער ער האַנדעלט אין שיקאַגאָ, אָדער ער שטודירט שלמה המלך'ס צרות ביי די מאָרמאָנען אין יוטאַ, אָדער ער דיענט ביי א גנזעץ־פאַבריקאַנט אין וואַשינגטאָן, אָדער ער שפּרינגט קדוש ערגעץ־וואו אין די היגע סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי, אָדער ער קלייבט לאָדזשעס זייענדיג א דאָקטאָר, אָדער ער לעגט די ציינער אויפ'ן פּאָליצע, זייענדיג א דענטיסט אָהן פּאַציענטען, אָדער ער טרייבט זיך אַזוי גלאַט וואו עס איז ארום. נאָך אַלע מעשות איז די מדינה אַזוי גרויס... האַלט! איך ווייס וואו איך האַלט!

ריכטיג. די מדינה איז אַזוי גרויס, אַז די מענשען אין איהר זעהען זיך אָן אַזוי שיטערלעך ווי... הויבט אָן פון די פערעלגרויפּען און דערגעהט ביז מיינע אונשטערבליכע ווערק און היפּט איבער דאָס איבעריגע און מיר וועלען רעדען ווייטער.

די גרויסע שטעדט, דאָס איז אמת, זיינען געדיכט געפּאַקט מיט מענשען. דאָ אין ניו יאָרק, אין דעם אידישען קוואַרטאַל,

וואוינען מענשען ווי סאַרדינקעס אין אַ קעסטעלע. און ווען איהר געהט אַרוים אויף עסעקס סטריט אַ זומעריגען אָוועגד, דוכט זיך אייך, אַז איהר זעהט פאַר זיך אַן אַלטען בית־עולם, וואו עס זיינען מיט אַמאָל אויפגעשטאַנען תחית המתים טויזענדער מענשען, אַל־טע און יונגע, זכרים און נקבות פון פיעלע, פיעלע דורות, אַלץ לעבעדיג־געוואָרענע מתים, וועלכע ריהרען און באַוועגען זיך און איהר וואונדערט זיך ווי אַזוי פיעל צוויי־פיסיגע ברואים פאַמיעס־טשען זיך אויף אַזאַ שמאָל שטיקעל פּלאַץ. און די ווייבער רעדען, און די קינדער שרייען, און די מענער שטופּען זיך, און אַ קאַטערינ־קע שפּיעלט, און בייסיקלעך פאַלען, און נעזער זיינען טועם דעם טעם פון ברוקשטיינער, און אַ איד מיט אַ שוואַרצע באָרד, שוואַר־צער ווי זיין מזל, געדיכטער ווי אַ מאָד־פּודינג, אַ באָרד וואָס באַ־דעקט זיין גאַנצען פנים חוץ דעם נאָז און צוויי שטיקלעך באַקען, — דער איד פאַרקויפט היימישע ציבעלע און מאַכט קולות אַזוי ווי ער וואָלט פאַרקויפט זיין חלק שור־הבר.

און אַזוי איז אומעטום, אין דעם גאַנצען קוואַרטאַל, וואו ווילנער זעמעלעך, און קאָוונער דאַרע קישקע, און מינסקער אוגערקעס, און בערדיטשעווער קללות, און וויטעבסקער אידיש און גראָדנער טייטש, און וואַרשאַווער באַקען, און אַדעסער גאוה, און מאָסקאָ־ווער מי־שברך׳ס און מאָהליווער תורה, און סובאַלקער דרך ארץ טרעפען זיך אַלע צוזאַמען און שטעלען פאָר איין „גרויסע קאָמ־פּאַקטע מאַסע״, ווי דער טייטש זאָגט ווען ער רעדט מיט פרעמדע ווערטער.

אָבער אַזוי איז דער עולם אין דער מדינה כמעט ניט ניכר, און די מדינה איז רייך, פול פון כל טוב סלה חוץ אידעען; מיט געגוג אייזען צו פאַרזאָרגען דעם רוסישען קיסר מיט קייטען פאַר פריי־הייטס־קעמפּפער אויף אַ פּאָר טויזענד יאָהר; מיט גענוג גאָלד און זילבער צו מאַכען אַלע טאָג אַ נייע גילדערנע קאַלב און אַלע שעה אַ זילבערנעם קאָך־לעפעל אַזוי גרוים ווי שמעון גאָנץ עליו השלום, דער קאָך־לעפעל פון קאָוונע; מיט גענוג קופער צו פאַר־זאָרגען אַלע רוסישע פּראָקוראָרען, אַלע דייטשע אָפיצירען, אַלע

פראַנצויזישע אַנטיסעמיטען, אַלע הוליגאַנעס און אַלע געוועזענע סאָציאַליסטען מיט קופּערנע שטערענס; געגנוג בראָנז צו פאַר־זאָרגען גאַנץ אייראָפּא מיט אַמעריקאַנישע „גילדערנע“ זייגערס; גענוג האָלץ פאַר אַלע מענשען צו האָבען בעטען מיט אַ דירה אָהן רענט פאַר די וואַנצען אינעווייניג; גענוג פּרוכט... נאָר לאָז זיין גענוג גענוגענען.

ווארום, אָבער, וועט איהר פרעגען, איז דאָס ניט קיין מדינה פאַר פילאָזאָפען?

אויב איך וועל האָבען צייט און חשק וועל איך אייך אין קורצען ענטפערען.



## VIII.

### פרץ און זרח.

„זיידע, מען שפּיעלט..."

איך האָב איהם ניט געלאָזט אויסרעדען. ניט מחמת איך בין אַ שטיקעל רעדנער, אָדער, חלילה, אַ רוסישער צענזאָר, אָדער אַ ציוסקער אידענע, אָדער אַ טשערמאַן, ביי וועלכען דער לענד־לאָרד איז שוין געווען דריי מאָל נאָך רענט, אָדער אַזוי גלאַט אַ שליח־צבור פאַר אַלע וואָס האָבען אַ צונג אין מויל, אַ מענש, וואָס האַלט, אַז וואָס איינער זאָל ניט האָבען צו זאָגען קען ער, דער מענש, דאָס אויסדריקען בעסער, דייטליכער, געהובעלטער. נײן. איך האָב איהם איבערגעהאַקט אין מיטען, דאָס הייסט אין אָנהויב, איינפאַך דערפאַר, ווייל ער איז אַריינגעלאָפען צו מיר מיט אַזאַ האַסט אַזוי ווי די הויז וואָלט געברענט, אָדער ער וואָלט פּלוצלונג דערהערט שופר משיח.

אין מיינע יאָהרען האָט אפילו אַ געוועהנליכער מענש פיינט איילענים, אַ פשיטא שוין אַ פילאָזאָף און דערצו נאָך אַ מינסקער, און דערצו נאָך אַ מענש וואָס איז גרוי און אַלט געוואָרען אַרום אידישע אַרבייטער, געדולדיגע אידישע אַרבייטער, וועלכע לעבען אויף דעם פּרינציפּ אַז דעם שלימזל פאַרזאַמט מען ניט און נאָך גליקען יאָגט זיך אַ סוחר. איבערהויפּט הערט מען זיך אויף צו איילען אויף דער עלטער, ווען צום לויפען פעהלען געזונדע פיס, און צום עסען גיך — אַלע ציינער, און צום צונויפברענגען אַ באַרג מיט אַ באַרג — די איינבילדונגסקראַפט פון דעם תרגום שני, אָדער פון אַן אַמעריקאַנישען רעפּאָרטער, אָדער פון די גריכישע

מיטאָלאָגיע, אָדער פון שלומיאל דעם ליגנער, אָדער פון דעם קעלמער מגיד, בקיצור מען איילט זיך ניט מעהר, און מען דער־לעבט די לעצטע עטליכע יאָהר לאנגזאם ווי אַן אָרעם בחור דער־עסט די לעצטע שטיקעל פאנקוכען, ווי מען דערלעזט די לעצטע ציילען פון אַ בריעף, וועלכען מען קריגט פון אַ געליעבטע, ווי מען לייענט דעם לעצטען קאפּיטעל פון אַן אמת גוטען ראָמאַן, בשעת מען פיהלט אַז באַלד קומט דער סוף פון דער מעשה, פון דעם בריעף, פון דעם פאַנקוכען, פון דעם לעבען, פון אַלץ. און מען לעבט לאַנגזאַם און מען שלאָפט וועניגער ווייל עס ווילט זיך וואָס מעהר פיהלען דעם לעבען, די וועלט, די באַוועגונג ארום און ארום, און מען לעבט צעהלענדיג די סעקונדען, צעהלענדיג יעדען האַרץ־שלאָג, און די סעקונדען מיט דעם קליפּ־קלאַפּ פון דעם הארצען. זיי זיינען פיעל אין צאָהל, זעהר פיעל, און די טעג זעהען אויס לענגער, און די עטליכע איבערגעבליבענע יאָהרען שטעלען פאָר אַ גרויסע לאַנגע צוקונפט אויף דער וועלט און דער מלאך המות איז נאָך זעהר, זעהר ווייט, און לאַנגזאַם געניסט מען דעם לע־בען און לעבענדיג לאַכט מען פון טויט.

אנטקעגען וואָס זאָג איך דאָס? יא, געגען דעם, וואָס מיין אייניקעל איז אריינגעלאָפען אין אַזאַ איילעניש, וואָס דערפאַר האָט איך איהם אָבגעשטעלט איידער ער האָט געהאַט צייט צו ענדיגען זיין מאמר.

מיר זיינען אין קאָפּ ארומגעגאַנגען אַלערליי רעיונות. צייי־טענווייז האָב איך צופיעל געדאַנקען אין מוח, און איך קען זיי קיינמאָל ניט האַלטען אין אָרדנונג; זיי שפּרינגען ארום ווי חסידים ביים דאַוונען, שטויסענדיג איינער דעם אַנדערען, און איין געדאַנק פאַלט אריבער איבער דעם צווייטען ווי די כוואַליעס אין אַ שטורמישען ים, וועלכע פאַרפלייצען איינע די צווייטע, אַזוי ווי קעמפּפענדיג פאַר'ן פּלאַץ פּונקט ווי פּושקאַר־לייטע אין העסטער טריט. אָה, ווי אָפט האָט זיך מיר געוועלט מאַכען מיי־נע געדאַנקען פאַר פּרייסישע אונטערטאַנען, און זיי אָבגעבען אויף דריי יאָהר פאַר סאָלדאַטען, און זיי לאָזען דיסציפּלינירען אין

סלוזשבע, און זיי אויסלערנען צו מארשירען מיט א טאָלק, און זיי איינגעוואוינען ארויסצוקומען אויף קאָמאנדע פון א געדריל־טען פעלדפעבעל־שכל און צוריקגעהן אין קאזארמע ווען מען דארף זיי, די געדאנקען, ניט מעהר: ווען עס קומט, א שטייגער, די צייט צו דאוונען אָדער צו לערנען א שונדראָמאן, אָדער צו זעהן „בליה־מעלע" אין אידישען טעאטער — אלץ זאכען צו וועלכע מען דארף וואָס ווייניגער דענקען און וואָס מעהר זיין א דראגון, אָדער א דעמב, אדער אזוי גלאט א נאר.

„זיידע, מען שפּיעלט..."

ווער שפּיעלט? וואָס שפּיעלט? ווער האָט געטראכט פון שפּיעלען? מיר האָט געדרעהט דער מוח וועגען אנאנדער זאך.

איך האָב פילאָזאָפירט. דאָס וואָלט געווען א נאטירליכע זאך: א בארבער בארבירט, א ראבי ראבירט און א פילאָזאָף פילאָזאָפירט. ארום דעם וואָלט ניט געווען וואָס צו רעדען. דאָס איז פון די זאכען, אויף וועלכע דער טייטש זאָגט זעלבסטפער־שטענדליך און דער איד: פּטור־נו. וואונדערבאר איז נור דערביי געווען, וואָס איך האָב גע'פשט'עלט ווי אַן איינוואוינער פון ראַ־מאילע'ס ישיבה אין ווילנא, וועלכער האָט צו ווענינ טעג צום עסען און צו פיעל נעכט צום שלאָפען; וועלכער קלערט מיט א ניגון און דערזינגט וואָס ער קלערט ניט; וועלכער הרג'עט פסוקים אום זיי ווידער צו מאכען לעבעדיג און מאטערט ווערטער אום זיי נאָכהער פריש און געזונד צו מאכען.

איך האָב פילאָזאָפירט. מיך האָט געקוועלט א שטיקעלע חומש. מיר איז געווען קשה די מעשה מיט יהודה און תמר און זייער זיווג און זייער צווילינג. מיר איז די מעשה געוועזען הארב אפילו אינגעלוויז, ווען איך האָב דעם ערשטען מאָל וועגען איהר געהערט אין חדר. בשעת דער רבי האָט וועגען דעם געקווענקעלט, זיך ווערגענדיג מיט די ווערטער און ארבייטענדיג מיט אלע קרעפ־טען אז איך זאָל דעם עסק וואָס דייטליכער ניט פארשטעהן. וואָס איז דאָס פאר א מין כאנדריאָנע? האָב איך ביי זיך געפרעגט, און וואָלט וואהרשיינליך געפרעגט דעם רבי'ן אויך ווען זיין ראפּ־

ניק וואָלט ניט געלעיגן אויפ'ן טיש און זיין האנד נאָהענט צום ראפניק, און מיין רוקען נאָהענט צו זיין האנד, און מיין מויל א גוטער פריינד פון מיין רוקען. וואָס האָט דאָס צו באטייטען? א איד א בעל הבית, מיט א פערטעל אין גאס, מיט דערוואקסע־נע קינדער, מיט א טאטען, וועלכער האָט אָבגענארט א שווער און גובר געווען א מלאך, מיט א ברודער אין מצרים אין די הויכע נאַ־טשאלסטווא, זאָל חתונה האָבען (אָהן א רב און אָהן א מסדר קדושין) מיט א שנור און זאָל מיט איהר האָבען א צווילינג. וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? און דאָס זאָל פּאָרקומען ניט אין א פראנצויזישען ראָמאן (אי, איך האָב דאמאָלס פון אזא קלאָג ניט געוואוסט? נו, אויף א מעשה פרעגט מען קיין קשיא ניט: דאָס איז דער פונדאמענט פון יעדער אמונה, — אלזאָ, ניט אין א פראנ־צויזישען ראָמאן) נאָר אין די הייליגע תורה! ניין, דאָס שיקט זיך ניט.

מיט יאָהרען שפּעטער האָב איך געפונען שעהנע עטליכע אנ־דערע זאכען, וועלכע האָבען זיך ניט געשיקט, אָבער ארום דעם וועל איך איצט ניט רעדען. וואָס איך בין דאָ אויסען, איז צו זאָגען, אז אין דער צייט ווען מיין אייניקעל איז אריינגעקומען, איז מיר יענע שטיקעל חומש ארומגעגאנגען אין מוח און ביי מיר האָט זיך אויפגעלעגט אזא פּלאן:

אפשר איז די מעשה מיט יהודה'ן און זיין שנור־ווייב תמר און זיינע צווילינגס־קינדער פרץ און זרח אין גאנצען א משל? אזוי ווי איוב, וועלכער, לויט ווי אימיצער אין דער גמרא וויל האָבען, האָט גאָר ניט עקזיסטירט, (איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה).

אפשר איז דאָס געווען א משל געגען דעם, וואָס מען רופט היינטיגע צייטען דעם נייעם גייסט, דעם גייסט פון רעוואָלוציע און אויפקלעהרונג, וועלכער איז א צווילינגס־ערשיינונג פון פ ר ץ, דעם פּורץ־גדר, דעם רעוואָלוציאָנער, דעם באהנברעכער, ווי די טייטשען זאָגען, און ז ר ח, דעם שיין, דאָס אויפגעהענדע ליכט, דעם מזרח השמש, די אויפקלעהרונג?

אפשר... אפשר איז יהודה גאָר ניט יהודה זאָנדערן דער יהודי, דער איד, און תמר ניט קיין יונגע ווייבעל, נאָר די יו־גענד, די פרישע, בליהענדע יוגענד, און זייער אונגעזעצליכער זיווג, א מין אלעגאָרישע פאָרשטעלונג פון דעם אלטען יודענטום (אלעגאָרישע... יודענטום — מינסק, לאָז מיר רעדען! גם עליך יעבר כוס, דו וועסט אמאָל אויך פאַרטייטשט ווערען, אלזאָ, פון דעם אלטען יודענטום) וועלכער ווערט „איין פלייש" מיט די נייע צייט און פון דעם זיווג קומט ארויס א צווילינג... א. ז. וו.

געמאטערט, זאָגט מיין אייניקעל.

אפשר איז ער גערעכט. אָבער וואָס איז דער גאַנצער אידי־שער לעבען ווען ניט איין לאַנגער, געמאַטערטער פשט'ל? וואָס איז דער לעבען פון א אידישען שרייבער ווען ניט א „בתמיה", וועלכער זינגט זיך אוים אָט אזוי:

אין פלוג איז דאָך א קשיא, צו וואָס טויג איהם דער שריי־בען? ז ע ל ט־עם אַנדערש זיין אז וואָס? אז ער וויל געלט? אז ער וויל גע־ע־עלט? טו פאַר וואָס מאַכט ער ניט א קרעמעל פון ביינער און קאָדרעס? פון ביי־איי־איי־נער או־ון קאָ־אָ־אָ־דרעס? אלא וואָס־זשע דען? איהם גלוסט זיך צו האָבען כבוד? כ־אָ־אָ־בוד? טו קען ער דאָך ווערען א גבאי אין א שול, אין א שו־ו־ו־ו־ל! מוז איך דאָך זאָגען . . . אז וואָס? אז ער וויל האָ־בען עולם הבא? טו וואָס זשע שרייבט ער ניט ספרים, שאלות־ותשובות, פלפולים, הדרן'ס, דרוש און פטפוטי דאורייתא אנ־שטאט זיך צו ברעכען דעם מוח איבער ביכלעך און צייטונגען, וואָס אין זיי איז ניטאָ ניט קיין עולם הזה און ניט קיין עולם הבא?

דאָ וואָלט א גוי, להבדיל, גענומען א שטריק, וואָלט איהם ארומגעדרעהט ארום האלז, וואָלט ארויסגעשטעקט דעם צונג און וואָלט געשטאָרבען אָהן ווידוי. א איד אָבער נעהמט דעם גראָבען פינגער, דרעהט איהם אוים ווי א כפרה־הינדעל, פאַרקאַרטשעט דעם שטערן און ענדיגט מיט דער נחמה אז ו י ש ל י ש ב

ב ד ו ח ק ; דאָס הייסט, מען קען געפינען אַ ג ע מ א ט ע ר ־ ט ע ן תירוץ.

און טו איהם וואָס !

אַ אידישער שרייבער ! פרעגט דעם מלאך דומה, ווי אזוי־נער קומט אריין אין קבר ; פרעגט די ווערים וואָס פאַר אַ מאָל־צייט זיי האָבען פון זיין גוף ; פרעגט די חברה קדישא וואָס פאַר שנאַפּס זיי טרינקען נאָך זיין לויה ; פרעגט די קברנים ווי ברייט זיי מאַכען זיין אייביגע בעט ; פרעגט דעם רובעל, דעם שילינג, דעם דאָלאר ווי לאַנג האָט געוועהנליך אָנגעהאַלטען זייער אינטי־מע בעקאַנטשאפט מיט איהם ; פרעגט דעם גביר ווי ער האָט איהם אויפגענומען און דעם אָרעמאַן און ווי ער האָט איהם אָנגעזעהן ; פרעגט זיין אלמנה צי ער איז געווען פיעל בעסער ווי אַ האָלץ־האַקער ; פרעגט זיינע יתומים, צי פאַר זיי וואָלט ניט געווען גלייכער ווען דער טאַטע וואָלט געהיט פּלוצערן ; פרעגט וועמען איהר ווילט און מען וועט אייך אויסלאַכען.

פרעגט אָבער איהם אליין, וועט ער זיך אַ קראַץ טאָן הינ־טער די לינקע פאה און וועט זאָגען : קשה, אמת עס איז טאַקי אַ הארבע קשיא, אַ קלאָץ קשיא, אָבער... ו י ש ל י ש ב ב ד ו ח ק .

וואָס זאָגסטו, מיין אייניקעל, געמאַטערט ? נו, יע, און דאָ פאַלט מיר איין אז... קאָפּ גיב שכל, מען דאַרף דאָ רעדען מיט אַ טאָלק !

אין וואַרשוי, וואו מען מאַכט אָפט אַ שעהנעם לחיים, ווען אימיצער שטאַרבט און עפּטער אַ זויערע מינע ווען אימיצער ווערט געבאָרען ; וואו דער אָרימער איד איז אין גלות ביים רייכען, און דער רייכער ביים פּאָלאַק, און דער פּאָלאַק ביים פּאָניע, און דער פּאָניע ביי נאַטשאַלסטוואָ ; וואו די מיידלעך זיינען שעהן און די חסידים האָבען אויגען און דער רבונו של עולם איז ניט אַזאַ מקפּיד ווי אין דער ליטאַ ; וואו . . . וואו אַ שרייבער, וועל־כער קריכט אראָב פון וועג, דערלאַנגט אַ קירעווע צוריק און הויבט אָן פון דאָס נייע און זאָגט :

אין ווארשוי האָבען זיך מענשען דאָ ניט לאַנג דערמאָנט, אז צווישען זיי געפינט זיך אַ מענשליכער שפּרודעל־ברונעם, אַ אידישער היינע, אַ מכשף וואָס קען מאַכען גאָלד פון זאמד, און פּערל פון שטיינדלעך, און מוזיק פון ווערטער, און בילדער פון אַלץ וואָס שפּיגעלט זיך אָב אין זיין אויג.

זיי האָבען זיך דערמאָנט, אז צווישען זיי לעבט און שרייבט שוין אַ פּערטעל יאָהר־הונדערט אַ מאַן, וועלכער לאַכט פון זיי מיט טרערען אין די אויגען און וויינט פאַר זיי מיט האָפנונג אין הארצען; וועלכער פארטייטשט זייער זיפץ, און דיסטילירט זיי־ערע טרערען, און פאַרעדעלט זייער שפּראַך, און דריקט אויס זיי־ערע געדאַנקען; אַ מאַן, וועלכער איז זייער שפּיגעל אין זיינע סקיצען, זייער טרייסט אין זיינע געדיכטען, זייער געוויסען, זייער מוח און זייער הארץ; זייער צירונג אין דערהיים און זייער עהרע אין דער פרעמד.

זיי האָבען זיך דערמאָנט אָן די טויזענדער גליקליכע מינו־טען, וועלכע דער מאַן האָט זיי פאַרשאַפט. ער, דער מחבר פון „באָנטשע שווייג", דער דיכטער פון „מאָניש", דער פאַרפאַסער פון אזעלכע קונציגע און דאָך אונגעקינסטעלטע פּאָעזיען ווי „פּע־טער עשו", פּאָעזיען, וועלכע זיינען אזוי פּראָסט, אזוי ווייניג פּאָלירט, אזוי משה־חיים'דיג, אז יעדער מיינט אז ער וואָלט דאָס אויך געקענט, אפשר זאָגאַר בעסער געקענט, אָבער וועלכע מען קען אזוי ווייניג נאָכמאַכען ווי מען קען מיט די העכסטע קונסט אין דער וועלט נאָכמאַכען די איינפאַכע מענשליכע שטימע אָדער די פּראָסטע, אָבער נאַטירליכע גראָז אויף דער ערד.

זיי האָבען זיך דערמאָנט אָן איהם און זיי פייערן זיין זיל־בערנע האָכצייט, דאָס הייסט דעם טאָג ווען זיין טאַלאַנט האָט חתונה געהאַט מיט די אידישע ליטעראַטור, די אָרימע, פאַראַכ־טעטע, פאַרוואָרלאָזטע אידישע ליטעראַטור.

זיי האָבען זיך דערמאָנט און זיי פייערן דעם 25 יעהריגען י. ל. פּרץ...

פּרץ... פּרץ... פּרץ! אָה, איצט ווערט מיר דער גאַנצער

עסק קלאָר. איצט פאַרשטעה איך וואָרום מיר האָט זיך אַרומגע־דרעהט אין מוח די גאַנצע וואָך די מעשה מיט יהודה'ס צווי־לינג.

פּרץ דאָס איז פּרץ, און זרח דאָס איז אויך פּרץ און דער צווילינג איז אַ צוויי־איינציגקייט (ווי אַ צוויי־דריטעלדיגער קריסט וואָלט געזאָגט) ווייל פּרץ און זרח דאָס איז איין מענש, — איין מענש מיט אַ דאָפּעלטע עובדא פאַר זיך: דורכצוברעכען אַ נייעם וועג און צו ברענגען ליכט און שיין אין דער וועלט.

און פיליייכט אליין ניט ריכטיג פאַרשטעהענדיג וואָס זיי טוען; פיליייכט ניט פאַרשטעהענדיג אַז די זריעה וואָס ער האָט געזעעט וועט טראָגען פיעל פיעל פיינערע, פיעל עדעלערע פרוכט ווי די אויף וועלכע זיי האָבען ווען עס איז געמאַכט שהחינו; פיי־ליייכט ניט באַגרייפענדיג פול און גאַנץ, וואָס פאַר אַ באַדייטונג דער מאַן האָט פאַר די צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק — פייערן זיי זיין יובילעאום, זיי, וועלכע וואָלטען גאָר ניט געמערקט אַז ער איז אַוועק פון דער וועלט ווען ער וואָלט אונטער זייערע נעזער געשטאָרבען פאַר הונגער מיט 10 יאָהר צוריק.

כמעט ווי דער וועלט אויף להכעיס האָט ער דערלעבט צו האָבען אַ זילבערנע האָכצייט און איצט קומען אַלע צום מזל־טוב.

ווייסט איהר, קינדער, ווען איך וואָלט געווען אין וואַרשוי, וואָלט איך דאָרטען אויך געווען, אַלט ווי איך בין.

„זיידע, מען שפּיעלט אין אידישען טהעאַ — ...“

— אַנאַנדערם מאָל, מיין קינד.

IX.

## אויף דעם שיידוועג.

ווען אַ מענטש האָט אָפּגעלעבט אַזוי פיעל יאָהרען... האַלט אַ
ווייליקע! האָט איהר ווען עס איז אַ טראַכט געטאָן וועגען דעם
וואָרט „אָפּגעלעבט״? אויב ניט, זייט איהר ניט קיין פילאָזאָפען.
אין דעם וואָרט, קינדער, ליגט דער שליסעל צו דעם גרויסען רע־
טעניש, וועלכען מען רופט די סאָציאַלע פראַגע. אָפּגעלעבט, פאַר־
שטעהט איהר, ניט געלעבט, ניט דורכגעלעבט, ניט אויסגעלעבט,
ניט פאַרלעבט ווערט איצט דער לעבען נור אָפּגע׳פטר׳ט, אָפּגע־
לעבט. מענשען ווערען געבאָרען אויף דער וועלט ווי גרייזען אין
אַ דרוק, סתם אַזוי, דורך נאַכלעסיגקייט, דעם אייגענטימער אויף
להכעיס, זיך אַליין ניט צום פאַרגינגען. אַזוי ווערען ניין פון יעדע
צעהן געבאָרען, און דאַן וואַקסען זיי ווי די בייזע גזירה, אָדער ווי
אַן אָרים־בחור׳שער געשוויר, און דאַן קרענקען זיי אום צו האָבען
אַן אָפּוועקסלונג און מאַטערען זיך אַזוי פיעל ביים לעבען, אַז ווען
עס קומט צו דער גסיסה, האָבען זיי שוין קיין כח ניט מעהר זיך
צו מאַטערען, און שטאַרבען האָבענדיג אָ פּ ג ע ל ע ב ט
זייערע יאָהרען — אָ פּ ג ע ל ע ב ט . . . זינגט דאָס אַרוים מיט
אַ פּזר אָדער, נאָך בעסער, מיט אַ שלשלת, ליעבער לעזער, בלאָזט
דעם וואָרט אַרוים מיט אַ תקיעה גדולה און גיט זיך צייט איהם קלאָר
צו פאַרשטעהן. דער עיקר איז דער „אָפּ״, ווייל דער לעבען ווערט
אָפּגעלעבט, ווי אַ קאַפּיטעל תהילים (אָדער אַן אָרימאַן) ווערט אָפּ־
געזאָגט, ווי גלות ווערט אָפּגעריכט, ווי שלוש־סעודות ווערט
אָפּגעגעסען: אָהן אַ טעם אין עסען, אָהן יושר אין געבען, אָהן אַ

טאָלק אין ריכטען, אָהן א ניגון אין זאָגען, נור גלאַט אזוי, עפּעס דורכגעשלעפּט זיך דורך די וועלט, ווי א דראַטווע דורך א פּייכטע פּאָדעשווע, מיט געוואַלט, מיט אָנשטרענגונג, אָפּט פּלאַצענדיג אין מיטען ציהען און זיך ציהענדיג ווי א דראַטווע, דאָס הייסט, פאַר־שוואַרצטערהייד. פאַרשטעהט איהר נאָך אַלץ ניט וואָס איך מיין? געוואַלט, הענט — וואו זיינען אייערע קעפּ? איז דאָס אמת וואָס מיין פריינד האָט אין א מרה־שחורה'דיגע בייזע שעה געזאָגט, אַז —

> אַרבייטער האָבען ניט קעפּ אום צו דענקען!
> הענט צום דערלאַנגען נור, ניט אום צו נעהמען.
> פיס ניט צום געהן, נור דעם פאָרטשריט צו דעממען,
> קעפּ נור צום דאגה'ן, ברעכען און קרענקען.

איז דאָס אמת? נור איך בין פאַרקראָכען אָן א זייט, ווי מיין שטייגער איז. וואָס איך האָב געוועלט זאָגען איז דאָס:

וועז א מענש האָט אָפּגעלעבט א צייט אין לאָנדאָן... אין לאָנדאָן, וואו דער ווינט בייט זיך אַלע פאָר שעה, די רעגירונג אַלע זעקס יאָהר און די יאָהרעסצייטען עטליכע מאָל א וואָך; וואו עס זיינען פאַראַנען הונדערט קריסטליכע רעליגיאָנען, אַלערליי איִ־דישע אמונות, מעהר קאָפּע־הייזער ווי קאָפּע־טרינקער, מעהר שענ־קערס ווי געבערס, דריי באַרבירער אויף יעדען באָרד, דריי מיסיאָ־נערען אויף יעדען משומד, אָן ערך פון דרייסיג טויזענד צדקה־חברות וועלכע ערנעהרען א מאַסע סעקרעטערע און אינטערשטי־צען די פּנקס־פאַבריקאַנטען, א חוץ וואָס זיי גיבען צו לייזען דער רעגירונג פאַר מאַרקען.

וואו מענשען וואָהנען (און וויינען צייטענווייז) יעדע פאַמיליע אָפּגעזונדערט אין הייזלעך, ווי די חיות אין נח'ס תיבה, ווי די וואונדען אין די הערצער, ווי די פּאָליטישע פאַרברעכער אין די רוסישע טורמעס.

וואו די רעוואָלוציע און די רעאַקציע, דער גאָלד־בייטעל און די טאָרבע טרעפען זיך אויף יעדער גאָס.

וואו די קאַלוואַריער קאַלעקאַטקע און דער קריסטליכער גלאָק פאַרטויבען איינער דעם אַנדערען, און די יאַרמולקע ווינקט שלום עליכם צום טערקישען פעז, באַגריסענדיג אָן אַ זייט דעם כינעזישען צאָפּ; וואו די בריעף־קאַסטענס זיינען רויט און די בריעף־טרע־גער זיינען בלייך, די איינגעבאָרענע בלאַס און די אָנגעפּאָהרענע גרין, דער הימעל ניט בלוי און די טעמזע ניט קלאָר; וואו יעדע הויז האָט אַ באַזונדערען קוימען פּאַר יעדען קאַמין און דער לעבען געהט אַוועק מיט'ן רויך דורך אַ מיליאָן קליינע אָפּ־געזונ־ערטע קוימענס, פון וועלכע יעדער זעהט אויס ווי אַן איבערגעוואַקסענער קוגעל־טאָפּ; וואו די פּאָליצייסקע טראָגען זייערע מאָרדעס אין רימענדלעך, די דאַמען זייער קאַפּיטאַל אין די הענט, די סאָלדאַטען רויטע צוואַנגס־יאַקען, די שוואַרצע גלחים ווייסע שלייפלעך, די מיידלעך פּעלצענע בועס אין תמוז און גע־שוואָלענע אַרבעל אַ גאַנץ יאָהר; וואו מען טרינקט שפּיריטים מיט וואַסער ביודעים און מילך מיט וואַסער בלאָ יודעים; וואו דער פונט סטערלינג איז אַ סאַווערין און דער סאַווערין — אַן אָפּגע־נוצטע אַלטע מטבעה אָהן אַ שום ווערט; וואו יעדע קירכע האָט ארום זיך עטליכע שענקען און יעדע שענק אַ האַלב־טוץ ניט־דער־געסענע און איבערגעזופטע אַרבייטער מיט גיפּסענע פּיפּקעס אין מויל, וועלכע זיינען געוועהנליך אַזוי פּוסט און קאַלט ווי זייערע בעלי־בתים'ס לעבען; וואו דער מיניסטער, וועלכער גלויבט ניט, זעצט איין אַן ערץ־בישאָף וועלכער גלויבט אויך ניט, און ער, דער ערץ־בישאָף זעצט ווידער אַ נאָטאַריוס איין, וועלכען אַנדערע גלויבען; וואו דער זונטאַג איז אַ אידישער שבת און דער אידישער שבת אַ טאָג ווען די פעטע מייסטערס צאָהלען אויס די מאָגערע ווײדזשעס; וואו מען האַלט אין איין פאַרזאַמען אַ צוג, און איין קור־רירען ☉ קאַטאַר, וועלכען מען קריגט ניט, נור מען כאַפּט, וואָס דאָס באַווייזט אַז דער „קאָלד" איז אַ וויכטיגער טייל פון דעם היגען קאַ־פּיטאַליסטישען סיסטעם; וואו עס ערשיינען יעדע וואָך דריי ראָמאַ־נען און פינף ערשינענע פאַרשווינדען.

וואו... נאָר איך בין ווידער פאַרקראָכען. ווען דאָס שטיקעל

פאפיער וואָלט ניט געווען פול געוואָרען וואָלט איך וואַרשיינליך אוועקגע׳וואו׳ט ביז איך וואָלט פארקראָכען אויפ׳ן פלאַנעט יופי־טער... מחשבות׳ן! רעדענדיג פון פלאַנעטען... אַן ענגלישער גע־לערנטער וויל האָבען, אַז אויף דעם פלאַנעט מארס, וועלכען מיר אידען רופען מאדים, און וועלכער זאָל האָבען געמאַכט דוד המלך פאַר אַזאַ הולטאי, אַז אויף דעם דאָזיגען מארס, וועלכער איז אַי־בעריגענס געווען ביי די גריכען דער גאָט פון מלחמות און איז ביי אונז אידען דער מלאך פון מחלוקות, אין שולען און אַנדערש וואו, — בקיצור, אַז אויף דעם זעלביגען פלאַנעט מארס, פון וועלכען אַלס גאָט, לאָמיר אייך פארבייגעהענדיג זאָגען, אַז האָמער דער־צעהלט אַ מיאוס׳ע מעשה מיט די געטין ווענוס, וואָס דאָס בעווייזט אַז גאָט איז אויך ניט מעהר ווי אַ מענש, ווי אַ שדכן האָט אַמאָל גע־זאָגט, ווען מען האָט איהם געכאַפּט ביי אַן אמת... בקיצור, אַז אויף דעם זעלביגען מארס איז דאָ אי וואסער אי שניי, דאָס הייסט, פלי־סיגע און פארגליווערטע וואסער, ווייל שניי איז אייגענטליך וואסער אביסעלע פארהאַרטעוועט דורך קעלט, אַן ערך ווי די פילאַנטראָפּיע איז פארגליווערטע צדקה, אפשר וועלען מיר נאָך דערלעבען צו האָבען לופט־באַלאָנען, וועלכע מען קען האַלטען אין צוויק, — פּריסישע נאַציאָנאַל־ליבעראַלע באַלאָנען, — און דאַן וואָלט איך זיך פארגינען אַ יאַזדע צום פלאַנעט מארס צו זעהן... ניט אויב דאָרטען איז דאָ וואסער, נור צו זעהן אויב מען קנעט דאָרטען אויך ברויט און בלוט, שוויים און טרעהרען; אויב דאָרטען איז אויך יעדע שטאָדט אַ זווערינעץ פון געקרוינטע טיגערס, פון געלד־זוכטיגע וועלף, פון קאַפּיטאַליסטישע היענאַס, דיפּלאָמאַטישע פוק־סען, רעליגיעזע פלעדער־מייז, קאָסמאָפּאָליטישע שפּאַנישע פליגען, און געקרוינטע פּיאַווקעס. צו זעהן, אויב דאָרטען איז אויך פאַראַ־נען איינגעמאַכטס פון ארבייטער געשווירען, געפּרעגעלט אין ביב־לישען האָניג און בעשאָטען מיט צוקער, וועלכער איז ראַפינירט געוואָרען אויף מענשליכע ביינער... נור איך קום אַלץ ניט ווייטער, אַ בייזער מזל דאָס איז אביסעל! לאָמיר אָנהויבען פון דאָס־ניי:

וועז אַ מענש האָט אָפּגעלעבט אַ צייט מיט יאָהרען אין אַ

שטאָדט ווי לאָנדאָן און עס קומט דער טאָג ווען ער דאַרף נעהמען דעם אייניקעל, דעם העקעל, דעם שטעקעל און דעם פּעקעל און זיך אַוועקלאָזען אין מרחקים, דאַן דערמאָהנט ער זיך ניט ווילענדיג אָן... אָן דאָס וואָס איהר וועט לייגען ווייטער.



X.

## מיט'ן פעקעל אויפ'ן רוקען.

**כסדר אזוי:** ווען א מענש (א מענש? געוויס, וואָס הערט איהר בייזע צינגער; ווען, אלזאָ, א מענש) לאָזט זיך מיט אמאָל אוועק אין מרחקים, אין לענדער מעבר לים, געהענדיג קיין אמעריקא, וועלכע קאָלומבוס האָט ענטדעקט און וועלכע וואנדערבילט, אסטאָר און זייערע שפּאנישע, פּאָרטוגעזישע און אַנדערע ברידער בענוצען; ווען מען קלייבט זיך אהין... ליעבע קינדער, עפּענט די מיילער און הוסט זיך גוט אויס און מאכט זיך פריי דעם אָטעם, ווייל איך מיין צו שרייבען א זאַץ לענגער ווי א זאַץ פון העגעל, אום צו באווייזען, אז א אידישער פילאָזאָף קען זיין אזוי לאַנג (כאָטש ניט אזוי לאנגווייליג) אין זיינע שריפטען ווי יענער טייטש להבדיל... ווען, זאָג איך, א מענש קלייבט זיך צו פאָהרען קיין אמעריקא, —

וואו דער בלייכער לוין־ארבייטער האָט ארויסגעשטופּט דעם רויטען אינדיאנער; וואו די אייראָפּעאישע פּראָסטיטוציע האָט פארדרענגט די ווייבערגעמיינשאפט פון די אמאָליגע איינוואָהנער פון פּערו און אנדערע מקומות; וואו די האבונעס האָבען ניט קיין צייט צו לעבען און טוערס האָבען ניט קיין לעבען פאר זייער צייט; וואו די הייזער הויבען זיך צו די וואָלקענס און די מולערס, וועלכע האָבען זיי געבויט זינקען צעהן קלאפטער טיעף אין ד'ערד; וואו די וויסענשאפט איז א דיענסטמויד ביים האנדעל און די קונסט פּוצט ביי איהם די שטיוועל; וואו די ווייבער זיינען מענער און די מענער ענטוועדער אלטע ווייבער, אָדער ווילדע רויב־חיות; וואו

קינדער פארשטעהען א בערזען־באריכט און אלטע לייט די וויכטיג־
קייט פון גוטע פאָליציי מיט לאנגע קלעפּיגע פינגער; וואו ווים־
קי שטימט פאר א דעמאָקראט און בייערישע ביער פאר א רעפּוב־
ליקאנער און ביידע שטיצען זיך אויף „גרינע רוקענס” פון ווייסע
פאפּיר; וואו מען גיט אויס א מיליאָן אום אויסצוגעבען א טאָכ־
טער פאר א דיוק (הערצאָג) זיך ניט קימערענדיג וועגען דעם, וואָס
מארק טוויין לאכט, אָדער וואָס דער אלטער האָלמס מאָראליזירט;
וואו דער דאָלאר איז אלמעכטיג און דער אלמעכטיגער — דער
באשיצער פון די דאָלאריאנער; וואו די פרייהייט שטעהט אונטער
פאָליציי־שוץ און די גלייכהייט אויף פּאפּיר, באגראָבען אין אר־
כיוועז; וואו מען האָט צוערשט געקויפט פון פאָניע־גנב אלאסקא
און דאן גענומען במתנה זיין קנוט, איהם שענקענדיג און ניט פאר־
קויפענדיג וואשינגטאָנ'ס נשמה; וואו דיכטער שרייבען אָביאָוור־
לעניעס און זייערע מוזען געהען נאָך די פּראָפּאָגאנדיסטען פון זינ־
גער'ס נעה־מאשינען; וואו מען פארשפּארט פלייש אין בלע־
כענע קעסטעלעך, אום דער אמעריקאנער ארבייטער זאָל עס ניט קע־
נען עסען און דער אייראָפּעאישער זאָל עס ניט קענען פארדייען;
וואו דער אָרימער אירלענדער פויער ווערט א סאלון־האלטער, און
דער „סאלון־קיפּער” א געזעץ־געבער; וואו א שטאָדט ווערט אויס־
געבויט אין א טאָג און האָט גלייך אויף מאָרגען א צייטונג וועל־
כע פארשפּרייט אין איהר ליגענס; וואו איין סאָרט אָקסען שטערט
דעם פּראָגרעס און אנאנדערער — דעם צוג אויף דער אייזענבאהן;
וואו מען פארגעסט אז בנימין פראנקלין האָט ערפונדען דעם בליץ־
אָפּלייטער און מען געדענקט, אז ער איז געווען א קלוגער
מוכר ספרים'ניק; וואו פינקערטאָן פּאסט אויף אויף די ווייסע
און ריכטער לינטש אויף די שווארצע; וואו דער אויבערשטער
זאָרגט פאר אלעמען און פולמאן פאר די רייכע; וואו דער סוחר
איז א קאָפּ־מענש און דער געלערנטער א סוחר — אין וויסענ־
שאפט; וואו דער באנקראָט איז אין דער היים, די עהרליכקייט א
לוקסוס־זאך, ליעבע — קאָנטראָבאנד און פילאָזאָפיע א שטער צו
ביזנעס; וואו העסטער סטריט לאכט פון אונזער פעטי־קאוט ליין

און דער גאַנצער דאָון־טאַון זאָגט, אַז ווייטשעפּעל איז אַ הונד לגבי איהם.

ווען, אַלזאָ, אַ מענש אויף דער עלטער קלייבט זיך צו פאָהרען (און פאָהרט ניט צו קלייבען, ווי אַ אידישער מחבר) אין אַזאַ מדינה, דאַן קומען ניט ווילענדיג אויפ'ן מח אַלערליי געדאַנקען. דאַן דער־מאָהנט מען זיך, אַז דאָס לאַנד, וועלכעס מען לאָזט הינטער זיך, איז ניט נור אַ מעהר איינגעפונדעוועטע מדינה, אַן עהרליכערע, אַ ציוויליזירטערע, אַ געפיהלפולערע, אַ פרייערע און מיט אַלע איהרע פעהלערען אַ בעסערע ווי דאָס לאַנד וואוהין מען געהט, אַז זי איז אויך אַ לאַנד וואו מען האָט אַמאָל גערעדט וועגען די גאולה ווען די רעדנער זיינען געוועזען זעקס נפשות און די צוהערער עטליכע און דרייסיג מיליאָנען, וועלכע האָבען אָבער ניט צוגעהערט און ניט אויסגעהערט און היינט זיינען די רעדנער צעהנדליגע טויזענ־דער און די צוהערער דאָס גאַנצע פאָלק; אַז דער אַמאָל איז געוועזען אין גאַנצען מיט פופצעהן יאָהר צוריק און דער היינט איז היינט.

דאַן דערמאָהנט מען זיך אַז מען איז געשטאַנען ביי דער ווינעלע ווען די נייע צייט איז געבאָרען געוואָרען; אַז מען האָט איהר איינ־געשטילט ווען דער ערשטער וויקעלשנור האָט איהר עפּעס ניט גע־פּאַסט און זי האָט זיך געוואָרפען מיט קולות; אַז מען האָט גע־שריען: „צו לאַנגע לעבעדיגע יאָהר”, ווען די דייטשע הייבאַם האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט געבורבעלט אַ פאַרצווייפעלטען „גאָט־ווייס”; אַז מען האָט איהם צייטענווייז צוגעזונגען, צייטענ־ווייז אונטערגעוויעגט, צייטענווייז אויך אונטערגעהאַטשקעט (דאָס איז אַ מינסקער גלאַגאָל) און צייטענווייז זי איינגעשטילט ווען עס האָבען זיך גענומען שניידען די ערשטע ציינדעלעך.

דאַן דערמאָהנט מען זיך אָן דעם רעדאַקטאָר פון „האמת” וועל־כער האָט איינגעפלאַנצט די רויטע פאָהן אויפ'ן שוהל־הויף און האָט זיך ארויסגעגנב'ט פון דער וועלט; אָן די עטליכע אידישע אַר־בייטער וועלכע האָבען געלייענט אַ אידישע בראָשורע אין כתב־יד מיט 15 יאָהר צוריק און האָבען איהר אין 6 יאָהר ארום אָפּגעדרוקט, אָן די גרופּע יונגע ענטוזיאַסטען וועלכע האָבען זיך צונויפגע־

קליבען אין א קליינעם צימער אין א אידישען רעסטאוראן און האָ־
בען בעשלאָסען צו האָבען א צייטונג וועלכע זאָל פארברייטען
דאָס נייעסטע ברית חדשה; אָן די קעמפּפע, די פריידען און די
ליידען פון די אלדד'ס און מידד'ס וועלכע האָבען מיט אמאָל גע־
נומען זאָגען נביאות.

דאָן דערמאָנט מען זיך אָן די פיעלע ליעבע, ליעבע געזיכטער,
וועלכע האָבען מיט זייער פריינדליכען בליק, מיט זייער ווארימען
האנד־דרוק, זייער הערצליכקייט און זייער מיטגעפיהל פארזיסט
פיעלע ביטערע שטונדען פון... וועמען מאכט ניט אוים; אָן די
עדעלע געשטאַלט פון דעם הערליכען כאראקטער פון דעם וויכטיג־
סטען אָפּפער צו די שווינדזוכט — אָן ק. גאַלאָפּ; דאָן דערמאָהנט
מען זיך אָן די זיסע שטונדען, וועלכע מען האָט פארבראכט מיט
מענשען, וועלכע האָבען אפשר ניט קיין גרויסע בילדונג, ניט קיין
באזונדערע העלדען־טאטען אין זייער לעבען, אָבער ליעבע, אונ־
ענדליכע ליעבע, ניט פארביטערט און ניט פארדאָלארט, ניט פאר־
פוצט און ניט פארשמוצט, ניט דורך געלד און ניט דורך אייגעננוץ,
אזעלכע ווי עס האָט בעדארפט דער אָרימער אלטער פילאָזאָף,
וועלכער האָט אפשר ניט אימער גערעדט זעהר סקלאדנע, וועלכער
האָט פילייכט פיעל געזינדיגט, אָבער וועלכען מען וועט (ווי א רו־
סישער דיכטער זאָגט) פיעל פארציילען, ווייל ער האָט פיעל גע־
ליעבט...

XI.

## קוילען און רויך.

קוילען? ניין, ביי אונז אין דער היים ברענט מען ניט קיין קוילען, וועניגסטענס ניט קיין שטיין־קוילען.

רוסלאנד איז א מדינה פון האָלץ, כמעט א הילצערנע מדינה. דאָרטען איז דער גביר אן אונגעהובעלטער, אָפט זאָנאר אן אונגע־צעשעטער דעמב, און דער אביון — א דארער, דינער, איינגעשמיר־טער, אונגעאכטעטער שפּאָן. דאָרטען איז דער פארצייטיגער מענש א גראָבער פלאָקען, פול מיט הארטע רעליגיעזע סוקעס, וועלכער לאָזט זיך האקען אין קאָפּ, בויערען אין זייט און טרעטען אונטער די פיס, וועהרענד דער היינטיגער איז א שוואכע קינעלע, וועלכע צינט זיך גיך אָן און ברענט גיך איבער. דאָרטען איז דער קיסר אן אונגעלומפּערטער הויכער סלופּ מיט א צוויי קעפּיגען אָדלער, — א סלופּ וועלכער איז ניט קיין וועג־ווייזער, ניט קיין לאָמפּ צום לייכטען, ניט קיין זייל אום עטוואָס אויפצוהאלטען, ניט קיין מאסט אין דער רעגירונגס־שיף, אפילו ניט קיין שלאָגס־בוים (הגם ער לייגט זיך אין דער קווער, ווי א ביין אין האלז, און הייסט געבען אָפּצאָהלונג), נור איינפאך א שטער אין וועג, אן איינ־געשטעלטע פארשטעלעניש, העסליך ווי א סטראשידלע, דום ווי א חעלעמער פלאָקען, גראָב ווי א פארשטיינערטער סבאָרשציק און שרעקליך ווי א תליה, וועהרענד זיינע טשינאָווניקעס זיינען ווילד־געוואקסענע שטעכעדיגע דערנער, שטעכעדיג, ווען ניט „בעשטאָ־כען" און ווי דער דאָרן וואָס משה רבינו האָט געזעהן (און ווייטער

קיינער ניט) ברענענדיג און ניט ווערענדיג פארברענט, ווייל זיי צינדען זיך אָן מיט יין־שרף.

דאָרטען אין דערהיים, דאָרטען אין רייסען־לאנד, אין רייסען־כאפען־צופען־בייסענלאנד, — דאָרטען לעבען אויך מענשען אין וואלד, דאָס הייסט שטום, אָהן א דעה, אָהן א טאָלק, אונטערגראָ־בענדיג איינער דעם אנדערען ביז אין וואָרצעל אריין, איבער זיך א שכור׳ער ליעסניטשי, ארום זיך בייזע הונגעריגע וועלף, פאר־וואקסען מיט א גראָבע קאָרע און אזוי פארפלאָנצט, אז דער שיין פון דער ליכטיגער זון זאָל צו זיי ניט צוקומען.

דאָרטען מעג זיך איינער זיין א באלקען, דער צווייטער א ברעט, דער דריטער אן אוסאק, דער פערטער א שינדעל, דער פינפ־טען א שוועל, דער זעקסטער א געזימס, אָבער אלע צוזאמען זיינען זיי עפּעס ניט קיין בנין, ניט קיין געזעלשאפטליכע געביידע. זיי זיינען א סך און ניט קיין כלל, א פולע און ניט קיין ציבור, יעדער פאר זיך און דער שווארץ־יאָהר פאר אלעמען. זיי זיינען צעהן און ניט קיין צעהנדליג, צוועלף און ניט קיין טוץ — ווי פרעה׳ס מכות, ווי יעקב׳ס זיהן: מכות אָהן א שייכות איינע צו די אנדערע, זיהן, וועלכע זיינען ניט קיין ריכטיגע ברידער. זיי זיינען ווי דעם באנדיקעווער חזן׳ס זייגער, וועלכער האָט אין זיך געהאַט אלץ וואָס מען בעדאַרף און איז פון דעסטוועגען ניט געגאנגען, ווייל די גע־וויכט איז געווען ביי ציפה־גרונען אין שיכעל־קראָם, דער געשטעל — אין שטוב אויפ׳ן אויווען, דער ציפער־בלאט — אלס דעקעל אויפ׳ן קוגעל טאָפּ און די ווייזערס — א תכשיט אין דעם אינגעל׳ס המן־קלעפּעל. זיי זיינען, ווי איהר זעהט, אָרגאַנען, פיער־פּערטעל און ניט קיין גאנצע זאך.

— נו, פּעטער, דאָס איז, ערשטענס, אביסעלע איבערגעטריי־בען און צווייטענס ניט דוקא אין רוסלאנד אליין.

אזוי זאָגט איהר? מיר דאכט זיך אז איהר זייט גערעכט, אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס? איין סאָרט ווערטער איז אזוי גוט ווי אנאנדערער, און די דומסטע, ווילדסטע נוזמא אין רייד איז נאָך אלץ בעסער ווי געווישע טאָטען. ווען איך, למשל,

איבערטרייב, טו איך נור זיך אָן אַ שאָדען און מיין אייניקעל אַ שטיקעל עגמת־נפש. ווען אָבער אָן עהרליכער נאָר איבערטרייבט מיט ניטראָגליצערין און וואַרפט באָמבעס גלאַט אין דער וועלט אריין, זיך פארלאָזענדיג אויף „טאָמער דאָך", און הרג'ט מענשען לשם שמים, און קלערט אויף די וועלט מיט רויך, און פרעדיגט מענ־שענליעבע מיט פייער און בלוט, און האַלט זיך פאַר ענערגיש, ווייל זיין פולס קלאַפּט 150 מאָל אַ מינוט, — אַזעלכער שאַדעט ווירקליך מיט זיין איבערטרייבונג, ניט נור זיך אַליין, נאָר זיין אייגענעם אידעאַל, אַזעלכער איז מעכב די גאולה.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסען. אַרום דעם איז דאָ פיעל צו רעדען. איך וואָלט נור וועלען זאָגען איין זאַך:

דער וואָס זעהט אָט די אַלע ווילדע דינאַמיט גוזמאות און שוויינט, איז אַ פאַרברעכער געגען זיין אידעאַל, געגען זיינע ברי־דער. דער סאָציאַליסט, וואָס גלויבט אין אַ געמיינזאַמען לעבען, און וויס, אַז דאָס קען עררייכט ווערען נור דורך אַ געמיינזאַמען קאַמפף; דער וואָס איז איבערציינט, אַז ר' פייטעל פאַר־זיך'ס סיסטעם איז געפעהרליך אין דער געזעלשאַפט און שעדליך אין דעם קאַמפף געגען איהר; דער וואָס גלויבט, אַז „איינער פאַר אַלע־מען" איז דאָס זעלבע וואָס „י ע ד ע ר פאַר אַלעמען"; דער וואָס וויס, אַז דורכברענען אַ סאַטינענע קלייד איז ניט דאָס זעלבע וואָס אויסוואָרצלען אַלעס בייז; דער וואָס איז איבערציינט, אַז עדגאַר פאָו'ס אוראַנג־אוטאַנג מיט די ברימווע אין האַנד איז געפעהרליך, אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנער; דער וואָס וויס, אַז איינוואַרפען אַליין הייסט נאָך ניט בויען, און אויפרייסען אַ וואונד הייסט נאָך ניט היילען; דער וואָס וויס, אַז מיינען גוט און טאָן בייז איז ערגער ווי מיינען בייז און טאָן גוט, און אַז טאָרקעמאַדאַ האָט געהאַט אַ בע־סערע האַרץ ווי ביסמאַרק. דער וואָס וויים דאָס אַלעס, זאָג איך איז אַ פאַרברעכער, ווען ער שוויינט און שטעהט פון ווייטען. דער מענש — זאָגט וויקטאָר הוגאָ — האָט צוויי הענט. ער קען מיט איינע באַקעמפּפען די בלוטזויגער און מיט די אַנדערע די בלוט פאַרגיסער, וועלכע זיינעןביידע רעאַקציאָנער, אַנטי־סאָציאַליס־

טיש, וועלכע האנדלען, די איינע ווי די אַנדערע, „אויף אייגענע רעכענונג און געפאַהר” ווי סוחרים שיקען סחורה.

איך האָב אָנגעהויבען צו זאָגען: ביי אונז אין דער היים ברענט מען ניט קיין שטיין־קוילען. ביי אונז לייענט מען אויך ניט אזוי פיעל צייטונגען און מען ווייסט ניט פון זאַכען, וועלכע צו־שטערען די רעיונות.

וועגען די קוילען אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל.



XII.

## די גרעבער און א בעגראָבענע.

אָבער דאָ אין ענגלאַנד ברענט מען קוילען.

מענשען לאָזען זיך אראָפּ אין א טיעפע גרוב און געהען אָפּט־מאָל, געבויגענע אין דרייען, מײלען־ווייז אונטער דער ערד, איינער מיט א לאָם, דער צווייטער מיט א רידעל, דער דריטער מיט א האַק, דער פערטער, פינפטער, זעקסטער מיט אנדערע געצייג. דאָרטען גראָבען זיי, ברעכען זיי, האקען זיי ביז זיי קריגען ארויס פון די מאמע־ערד'ס שוים הויפענס קוילען. דאָס לאָדעוועז זיי אָן אויף וועגעלעך, פיהרען זיי אָפּט־מאָל ווידער געבויגען אין דרייען, ביז זיי קומען צו צום האלז פון גרוב, וואו זיי לאָדען אוים די וועגעלעך, און לאָדען אָן א קאַסטען, און ווינדעוועז עס ארויף ביז צום מויל פון גרוב, און לאָזען עס אוועק אין אַלע פיער ווינקעלעך פון לאַנד.

ווען דער טאָג ארבייט איז געענדיגט, ווינדעוועז זיי זיך ארויף אויבען און געהען פארמאַטערטערהייט, פאַרשמירטערהייט אַהיים. צייטענווייז טרעפט זיך א סיבה: די גרעבער ווערען בעגראָבען, די האקערס ווערען צוהאַקט, די ברעכער ווערען דערשטיקט. דאַן קומען זיי אַהיים עטליכע טעג שפּעטער גע'הרג'טע און דערשטיקטע, און זייער היים איז ניט וואו ווייבער און קינדער וואָהנען, נאָר וואו אַלמנות און יתומים וויינען, די לעצטע היים, די היים פון וואַנען זיי וועלען זיך ניט אַרויסקרוישקענען דעם קומענדיגען חשון, פון וואַנען מען וועט זיי ניט אַרויסוואַרפען, סיידען דער פּלאַץ וועט נויטיג זיין פאַר א נייע אייזענבאַהן.

דאַן ווערט אויף א טאָג אָדער צוויי א שטיקעל גערודער אין דער

מדינה. די ציימונגען, וועלכע לעבען פון שרייען, ווי אמאָל די מקוננות, די קלאָגערינס פון מצרים, הויבען אויף אַ געשריי, אַ געפילדער, און אויב עס פּאַסירט ניט אין דער צייט, ווען דזשעקדער ריפּער מאַכט עפּעס אַ קונץ, אויב עס ברענט ניט אָפּ אַ שיקאַגאָ; אויב עס שטאַרבט ניט ערגעץ־וואו אַ גלעדסטאָן; אויב אַן אמריקאַנער רויבער־באַנדע אַנטלויפט ניט מיט אַ צוג פון 20 וואַגאָנעם; אויב אַ בית־מדרש קייקעלט זיך ניט אַוועק פאַר דער גאולה קיין ארץ־ישראל; אויב מען געפינט ניט אויס אַז רויטשילד געהט אין פראַנקפאָרט מיט אַ טאָרבע איבער די הייזער; אויב די וועלט אָרדנונג ווערט ניט געשטערט דורך דעם, וואָס אַ סענאַטאָר פון די פאַראייניגטע שטאַטען ווערט מיט אמאָל עהרליך; אויב עס געהט ניט וואו עס איז אונטער אַן אונפּאַרזיכערטע שיף; אויב רוסלאַנד איז שטיל, פראַנקרייך רוהיג, דייטשלאַנד פריש און געזונד מיט אַלע איהרע עטליכע און צוואַנציג געקרוינטע קעפּ, אויב ענגלאַנד איז פריי פון „דזשענעראַל־עלעקשאָן־קדחת" און די אַנדערע מדינות קומען ניט אויפס־ניי באָרגען געלד, — דאַן ווערט פון דעם ציימונגס־געשריי וועגען די דערשטיקטע און באַגראָבענע אַ גערייד צווישען מענשען און מען האָט אַ סך רחמנות אויף די טויטע, און אביסעל רחמנות אויף די לעבעדיגע, און מען העלפט די אלמנות און די יתומים, די מיט אַ זיפץ יענע מיט אַ קרעכץ, פיעלע מיט אַן עצה, אייניגע מיט וואָירקהויז, און זיי ווערט אַלעמען גוט צו־מוט, פרעהליך אויפ'ן האַרצען, פול אין מאָגען, וואַרים אין לייב, די וועלט ליעב און יענע וועלט זיכער, ביז אַלע פאַרשטעהען וואָס 19 יאָהרהונדערט פון קריסטענטום האָט צו בעטייטען, וואָס עס הייסט צו זיין געקנעטען און געבאַקען אין נעקסטען־ליעבע, געהויבען פון סערמאָנס אָנשטאָט פּאָטאַש, באַשמירט מיט פליסענדע הימנען אָנשטאָט בוימאויל, באַזעצט מיט תהלים־צערנישקע, דורכגעדרונגען מיט זאַפערען־פּאָעזיע און אויסגעבאַקען מיט דער היץ פון די הייליגע אמונה, פון וועלכע יעזוס איז געשטאָרבען און זיינע חסידים לעבען.

און דאָך (וואָלט דאָס ווער געגלויבט, ווען מען זעהט עס ניט

אליין מיט די אייגענע אויגען? און דאָך) האָבען אַן ערך דריי הונ־
דערט טויזענד גרעבער דאָ ניט לאַנג אין ענגלאַנד ניט געוואָלט געהן
אונטער דער ערד, ווייל מען האָט זיי געוואָלט אַראָפּרייסען אַ פּערט־
חלק פון זייער לוין. איך וואָלט אייך דערצעהלען אַלץ וואָס דאָ
האָט פּאַסירט, די עקשנות פון די גרעבער און בעגראָבער, ווי דאָס
איז אַלץ געקומען און ווי דאָס איז אַלץ אוועקגעגאַנגען און וואָס
דער מוסר השכל דערפון איז, נאָר איך קען ניט, ווייל איך האָב
די פאַרגאַנגענע נאַכט שלעכט געשלאָפען, און די פאַרגאַנגענע נאַכט
האָט געדויערט שעהנע עטליכע וואָכען. און שלאָפענדיג אונרו־
היג האָב איך געהאַט אַ בייזען חלום.

מיר האָט זיך אָפּגעדרוכט, אַז אויף אַ בעט איז געלעגען אַ יונ־
גע פּערזאָן, אַ מיידעל פון איין־און־צוואַנציג יאָהר. לעבען איהר
איז געשטאַנען דער מלאך המות פון איין זייט און אייניגע הימעלס־
געשטאַלטען פון דער אַנדערער זייט, איך האָב געהערט ווי זיי האָבען
מיט איהם גערעדט.

די עהרליכקייט האָט געזאָגט: דו האָסט קרבנות גענוג, שאָ־
נעווע דאָס יונגע באַשעפעניש. זי האָט מיך געליעבט און איך
האָב געפונען שוץ אונטער איהר קראַנקען הארצען. זי האָט מיך
פאַרטיידיגט און האָט מיינע לעהרען שטילערהייט פאַרשפּרייט. לאָז
מיר איבער מיין קינד!

ער, דער טויט, האָט געשוויגען.

די פרייהייט האָט געזאָגט: דו האָסט פון מיר אוועקגענומען
ליעבהאָבער און קעמפּפער גענוג; לאָז מיר דיעזע איבער. די
קנעכטשאַפט, דיין בעל־הבית׳טע, וועט גאָר ניט רעדען: זי האָט
פאַר דיעזע שטילע, קראַנקע, יונגע, אונבעוואוסטע פּערזאָן קיין
מורא ניט. מיר, אָבער, איז זי ליעב און טייער, נעם זי ניט אוועק;
נעם זי ניט צו!

ער, דער טויט, האָט געשוויגען.

די ליעבע האָט געזאָגט: דו האָסט פון מיר גענוג הערצער גע־
רויבט, לאָז מיר דיעזע איינציגע אויף אַ קורצע ווייל־ע איבער. איך
האָב אין איהר געפונען אַ ווארימען נעסט און זי האָט מיך גע־

האלטען הייליג און טייער פאר די גאנצע מענשהייט. דער מענ־שען־האס, וועלכען דו דיענסט, וועט זיך וועגען איהר ניט קימע־רען. אין דעם קראנקען הארצען בין איך שטיל, כמעט שטום, אבגלייך שטארק. א פולס־שלאג איז ניט א גלאק; ניט יעדער פארשטעהט א הייליגען ליעבענדען פולס־שלאג; דיין בעל־הבית האט גענוג קירכען־גלאקען, גענוג צייטונגס־טרומפייטען, גענוג פרע־דיגער־צינגער, גענוג מארד־באראבאנעס צו פארהילכען, צו פאר־טויבען אזא שוואכען, קראנקען, שטילען פולס, ווי העפטיג ער זאל ניט קלאפען. לאז מיר איבער דיעזע יונגע צארטע ברוסט.

ער, דער טויט, האט געשוויגען.

ווען איך האב זיך אויפגעכאפט בין איך געשטאנען אויף א בית־עולם און איינע פון מיינע געליעבטעסטע געשטאלטען איז גע־ווען פארשוואונדען אונטער די זעלביגע ערד, וועלכע פארשלינגט די פיעלע טויזענדער ארימע גרעבער. איך האב זיך דערמאהנט, ווי איהר זעהט, אז זיי, אבער מיין הארץ איז געווען צובראכען און מיינע געדאנקען פערהילט אין דעם טומאן פון דער לאנגער פינס־טערער נאכט, וועלכע האט געדויערט שעהנע עטליכע וואכען.

האט אלע א גוטען יאהר, עס איז שוין צייט!



XIII

## דער סמאַרגאָנער בעל גימטריא.

די אַלטע אייראָפּא ווערט ביסלעכווייז זעהר אינטערעסאַנט. מיט אַ יאָהר פונפצעהן צוריק...

מחשבות׳ן! איך ווייס ניט אויב איך האָב אייך דערצעהלט וועגען דעם וואָס מיר האָט פּאַסירט מיט עטליכע ח ד ש י ם צוריק. ווי עס איז בעקאַנט צו אַלע מיינע פריינד און שונאים (און איבערהויפּט מיינע שונאים, ווייל זיי אינטערעסירען זיך וועגען מיר מעהר ווי וועגען אַלץ אין דער וועלט) בין איך דעם פאַר־גאַנגענעם זומען אַלט געוואָרען 68 יאָהר. אַנדערע מענשען, ווען זיי ווערען אַ יאָהר עלטער, מאַכען זיי דערפון גרויס פּאַראַד און פייערן, ווי זיי רופען דאָס, פאַרקריבענדיג אין טייטשעריש, זייער געבורטס־טאָג. איך ניט. ניט איך פ י י ע ר, ניט איך ו ו א־ ס ע ר אַזא טאָג, איך באַגיס איהם אפילו ניט מיט שפּיריט, וואָס דאָס איז אַ מין פייערדיגע וואַסער. איך האַלט נעמליך, אַז, נאָך אַלע מעשות, וואַלט פאַר אונז אַלעמען כדאיער געוועזן צו בלייבען אין דעם באַריהמטען סקלאַד פון נשמות, וועלכער געפינט זיך אונטער דעם אויבערשטענס כסא הכבוד, וואָס יחזקאל הנביא האָט אַזוי שעהן באַשריבען, הגם קיינער ווייס ניט צי די נשמות זיי־נען אין דעם ווינקעל פון דעם מענשען, דעם לייב, דעם אָקס, אָדער דעם אָדלער, וואָס זייערע פיער צורות טראָגט אויף זיך די איין ווילדע חיה אין יחזקאל און די אַנדערע אי גאַטשינא. בקיצור הדבר, איך האַלט... מחשבות׳ן! איהר האָט אודאי געהערט, אַז דער בעל דבר פון רייסען איז דאָ ניט לאַנג שיער געשטאָרבען.

ער איז, בארוהיגט זיך, פריש און געזונד, ווייל, ווי איך הער, האט דער מלאך המות ערפאהרען, ווען ער איז געקומען אין דווארעץ, אז שטארבען א נאטירליכען טוידט איז אן אוננאטירליכע זאך פאר א רוסישען קייזער און ער האט זיך אויפ'ן שטעל אבגעטראגען. א וואונדער איז מיר נאר, וואס דער מלאך האט דאס ניט פריהער געוואוסט; משמעות האלטען די שרי מעלה וועניג וואס פון וועלט־געשיכטע — פונקט ווי די שרי מטהביי אונז. איך וואלט זיך גאר ניט וואונדערן צו הערען, אז זיי האבען אויף יענער וועלט אריינגעזעצט די היסטאריקער שלאסער און וועבער איינעם אין א שליסארניע, דעם אנדערען אין א וועבעריי, ניט וויסענדיג ווער זיי זיינען.

בקיצור, איך האלט, אז פאר פיעלע קערפערליכע, גייסטיגע און חיונה'דיגע קאליקעס וואלט כדאיער געווען ניט געבארען צו ווערען, ווייל חוץ ווי מיין פריינד מ. וו. זאגט, אז —

מיר אלע, מיר ווערען געבארען אויף צרות,
עס איז נאר פארהאנען איין קליין נפקא מינה:
אויף צרות פאר אנדערע קומען די שררות;
אויף אייגענע צרות, צום שלאגען כפרות,
ערשיינען די טוערס אין יעדער מדינה —

חוץ דעם, זאג איך, זיינען דא צעהן טויזענד פינף הונדערט און דריי און אכציג אנדערע גרינדע, וועלכע איך וועל אויסרעכענען ווען עס איז אין מיין דריטען גלגול, ווען איך האף, אז מען וועט האבען פעדערן, וועלכע וועלען געהן מיט דאמפף און ווען מענשען וועלען, אויסער דעם, לעבען אויף דער וועלט ווי די מלאכים אויף יענער וועלט, אהן דאגות־פרנסה און אהן צער גידול בנים.

נאר ניט דאס אלעס בין איך אויסען. וואס איך האב געוואלט זאגען איז, אז איך פרעה זיך ניט שטארק מיט דעם וואס איך בין געבארען געווארען (א פונקט אין וועלכען מיינע געוועזענע תלמידים זיינען מיט מיר בדעה אחת, און טאקי דער אייג־

ציגער פונקט, זאָל זיי צו קיין גנאַי ניט זיין) און דערפאַר מאַך איך ניט קיין גרויסען יום טוב פון מיין געבורטס טאָג.

ווען איך בין, אַלזאָ, אַלט געוואָרען 68 יאָהר, האָב איך אַרום דעם אַ לאַנגע צייט אפילו ניט געטראַכט. פאַר אַ פּאָר חדשים האָט אָבער פּאַסירט אַזאַ מעשה. דאָ אין לאָנדאָן איז אָנגעקור־מען פון סמאָרגאָן אַ געוויסער ברוך בעל־גימטריא. דער מאַן האָט פון מיר געהערט און איז צו מיר געקומען. מיר האָבען זיך פאַר־גאַנדערגערעדט. פּלוצלונג זאָגט ער צו מיר: הערט, ר׳ קרוב, איהר זייט, דאַכט זיך 68 יאָהר אַלט? — איך האָב צוגעשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ און האָב איהם געפרעגט: „נו, מאי בהאי?"

„ווייסט־עס, מאַכט ער, מאי בהאי? 68 איז בגימטריא ח כ ם! און ניט דאָס אַליין: ח י י ם — לעבען (ניט דער שניי־דער חיים, וועלכער שטאַרבט פאַר הונגער — חיים) באַטרעפט אויך 68 און...."

„האַלט, פעטער — בין איך איהם אַריינגעפאַלען אין די רייד — מאַכט מיר קאָמפּלימענטען אָהן גימטריאות; ח ל ל, אַ פּוסטע זאַך, בעטרעפט אויך 68, און מאַלע וואָס ניט!"

„אָה, — האָט ער זיך אָנגערופען — אָבער דאָ אין חכם שטעקט אַ טיעפער רעיון. הערט נאָר צו מיט קאָפּ: 68 קענט איהר צור־טיילען אויף צוויי חלקים, יעדער חלק 34; פון דאָס ווידער איז די העלפט 17, אַ צאָהל וועלכע לאָזט זיך שוין מעהר ניט טיילען..."

„אַ שטיינער, — האָב איך איהם באַמערקט — ווי מלכות פּוילען, אָדער אַ קאַלטעוואַטע קאָפּ, אָדער דער ים־סוף היינטיגע צייטען, אָדער אַ זאַץ פון אַ טייטשען פילאָזאָף, אָדער אַ אידי־שע טרייד־יוניאָן ווי די שניידערשע אין לאָנדאָן, אָדער די קריסטליכע אמונה, אָדער אַ פּסוק פון אתה הראית, אָדער די חובות פון אַן אַמעריקאַנער אייזענבאַהן, אָדער גלעדסטאָן׳ס פּאַר־טיי, אָדער דער דאָהאָד פון די קאַראָבקע, אָדער..."

„גענוג אייך אָ ד ע ר ן; איהר זייט ערגער ווי אַן אויסגע־פּוילטער צאָן — עפּעס גאָר אָהן אַ שיעור" — האָט ער אַ געשריי

געטאָן (און סמאַרגאָנער קענען שרייען!) — „הערט, וואָס מען רעדט צו אייך".

איך האָב געהערט און ער האָט גערעדט, אזוי צו זאָגען:

„17 לאָזט זיך שוין מעהר ניט טיילען אָהן תשבורת. היינט איז אזוי: 17 איז בגימטריא ט ו ב, און טוב איז גוט. דאָפּעלט גוט איז צוויי מאָל 17, דאָס הייסט 34, וואָס דאָס באַטרעפט דער וואָרט דל — אן אָרימאַן, ווייל אָהן דל וואָלט געוויסע מענשען ניט זיין דאָפּעלט גוט. אום אָבער דאָס צו פערשטעהן, דאַרף מען זיין א דאָפּעלטער דל, ווייל „אין חכם כבעל הנסיון", און דאַן איז מען טאַקי א חכם, וועלכעס, ווי איך האָב אייך שוין באַמערקט, באַטרעפט 68, דהיינו, צוויי מאָל 34 און פיער מאָל 17. גוט. וואָס, קלערט דער חכם, איז דער גרונד פון טוב און דל? ער דאָפּעלט זיך אליין און דערקריכט ביז צוויי מאָל 68, צוויי מאָל חכם, וואָס דאָס איז „ממון" (136) געלט. געלט איז די סיבה דערפון, — און, געהט ער ווייטער, ממון און ווידער ממון. ווען ממון פאַרדאָפּעלט זיך, ווערט דערפון ר ע ב (272) — רעב, פאַרשטעהט איהר, הונגער! און א דאָפּעלטער רעב באַטרעפט 544, בגימטריא מ ע ש ק - ד ל, וועלכעס די היינטיגע פּאַרטייטשען עקספּלואַטאַציע פון אָרימע לייט. היינט שטעלט דאָס צוזאַמען:

„ט ו ב 17; ד ל 34; ח כ ם 68; מ מ ו ן 136; ר ע ב 272 און מ ע ש ק ד ל 544. וואָס זאָגט איהר דערצו?"

„געמאַטערט, ר' קרוב, זעהר געמאַטערט! מען זעהט, אז איהר האָט א גוטע האַרץ, אָבער א מאָגען וועלכער האָט געגעסען טעג. אָבער פון וואַנען ווייסט איהר ווי אַלט איך בין?"

„ווייל איך האָב געהערט א מגיד און ער האָט אויף אייך געזאָגט, אז א איד פון 68 יאָהר האָט געדאַרפט האָבען מעהר שכל (אגב אורחא: שכל איז בגימטריא קרן, 350, וואָס דאָס ברייננט איין פּראָצענט, און דאָס, משמעות, האָט ער געמיינט)."

דאָס האָט מיר פּאַסירט מיט עטליכע חדשים צוריק. מכוח דעם וואָס איז געווען פאַר פונפצעהן יאָהר, וועלען מיר רעדען ווען איך וועל מעהר ניט טראַכטען וועגען ברוך דעם בעל גימטריא... אלץ קומט קיין לאָנדאָן, חוץ א טאַטער און א גוטער איד.

א וואונדערבארע זאך, ניין?



## XIV.

## די אַלטע אין 1878.

**די אַלטע איירָאָפּא ווערט זעהר אינטערעסאַנט.**

מיט אַ יאָהר פונפצעהן צוריק האָב איך איהר איין טאָג גע־נוי באַטראַכט און דעם טאָג איז זי מיר פאָרגעקומען שרעקליך. דאָס איז געוועז, לאָמיך אייך פאַרבייגעהענדיג זאָגען, איינער פון יענע ניט־קאַלט און ניט־וואַרימע, גן־עדן־גיהנם'דיגע פריהלינג־טעג, וועלכע די דיכטער באַזינגען און די ברוסט־קראַנקע פאַרפלוכען; וועלכע האָבען ווי רייכע בעלי־צדקות, אַ שמייכעל אויפ'ן פּנים און אַ טורמע אין הארצען, — אַ טורמע וואו עס זיצען איינגעשפּאַרט און פאַרריגעלט גנבה, גזלה, רציחה, לוסט צו פרעמדע און גלייכ־גילטיגקייט צו אייגענע, פאַרברעכערישע געדאַנקען און שענדליכע געפיהלען, איבערטרעטענע לא־תנאף'ס פון נעכטען און לא־תחמוד'ס פון מאָרגען. אַזא מין טאָג איז דאָס געוועזען. די זון האָט גע־שיינט אַזוי ווי אויף לעהכעים, פּונקט ווי אונזער ציוויליזאַציע, וועל־כע זאָגט: איהר מעגט זעהן מיין גלאַנץ, אָבער איך וויל אייך ניט וואַרעמען. און צייטענווייז האָט געטריפט אַ שוואַכער רעגען, לאַנגזאַם ווי די עסטרייכישע טיראַניי, וועלכע פלוכעט אייך ניט אָפּ ווי די רוסישע, אָבער פון וועלכע איהר שניידט פון דעסטוועגען ניט אָפּ טרוקען. דער רעגען האָט געטריפט אונענטשלאָסען, ווי אַ מיידעל, וועלכע הערט אויס אַ ליעבעס־ערקלערונג, — אַליין ניט וויסענדיג צי זאָל ער רעגענען, צי ניט, ווי יענע ווייס ניט, צי זאָל זי זאָגען יאָ צי ניין. און דאַן דער הימעל. ער האָט אויס־

געזעהן האלב־קלאָר, האלב־פארוואָלקענט — ווי פיכטע׳ס פילאָ־
זאָפיע; האלב־לוסטיג, האלב־אומעטיג — ווי א בדחן ביי א לויה;
ניט אינגאנצען אויסגעווינטערט און ניט אינגאנצען איינגעזוי־
מערט — ווי די אמעריקאנער פרייהייט, ווי די נייע ענגלישע „אונ־
אבהענגיגע ארבייטער־פארטיי", ווי א רייכע אלמנה א וואָך נאָך
שלשים. דאָס איז געווען, בקיצור, איינער פון יענע טעג, וועל־
כע . . . וועלכע מע דארף לאָזען אָן א זייט אויב מען מיינט צו
קומען צו א טאָלק מכוח דעם ענין, ארום וועלכען מען וויל רע־
דען.

איך האָב געזאָגט:

מיט א יאָהר פונפצעהן צוריק האָב איך איהר, דאָס הייסט
די אַלטע איירָאָפּא, געגוי באטראכט און זי איז מיר פאָרגעקומען
שרעקליך. דען אַלט און אַלט איז ניט גלייך.

איהר זעהט אמאָל א שעהנע אַלטע פרוי, וועלכע האָט ערדייכט
א הויכען עלטער, האָט לאַנג שוין גליקליך אויסגעגעבען אַלע איה־
רע טעכטער. אַזאַ זקנה, זי מעג אייך טראָגען א קנופּ אויף׳ן קאָפּ
העסליכער ווי אַן אזיאַטישער טורבאַן, זי מעג האָבען מעהר רינצ־
לען ווי שטערען, מעהר אויגען ווי ציינער, און א הויט אויפ׳ן
פּנים איינגעשרונקען ווי די הארץ פון א מלוה אין צייט פון באנ־
קראָטען; זי מעג געהן געבויגען אין דרייען ווי דער איישישקער
יחוס אין די ענגלישע פאבריקען; זי מעג רעדען ווי א קינד מיט
א הייסע בולקע אין מויל, — אַזאַ זקנה, פון דעסטוועגען, וועט
אויסזעהן שעהן און ליעבליך. ווייסט איהר ווארום? ווייל עס
איז פארהאנען א זאָרט שעהנקייט, אויף וועלכע יונגע לייט זיינען
אפשר ניט קיין בעלנים, אָבער וועלכע איז דאָך געטליך: די שעהנ־
קייט פון א ליעבענדע, גליקליכע אַלטע מאַמע. באטראכט איהר,
קינדער, וועט איהר זעהן — באטראכט איהר, אָט די אַלטע מאַ־
מע, און זוכט איהר גוט אום איהר צו באטראכטען. זוכט גוט,
ווייל די נויט מאכט אַזעלכע אַלטע גליקליכע מאַמעס זעלטענער
אין דער וועלט ווי פרישע אייער אין גרויסע שטעדט; זי זעהט,
אַז זיי זאָלען ניט קענען פארהייראטען זייערע קינדער, אַז זיי זאָ־

לען נאָר פּטור ווערען פון אַ לאַסט; אַז זיי זאָלען אויסגעבען זיי־
ערע טעכטער ווי מע גיט אויס אַ פאַלשע מטבעה — אין האַסט,
אין דער שטיל, מיט אַ „כאַפּט איהר דער ניט־גוטער" ביי די
תנאים און אַ ברוך שפּטרני נאָך דער חתונה. זוכט־זשע גוט, און
אַז איהר וועט אַזאַ אַלטיטשקע געפינען, קוקט זיך אין איהר גוט
איין, זעהט אויב איך רעד פון שלאָף, אָדער פון סידור.

אָ, יאָ! אַזאַ זקנה איז שעהן, מיט לופּ און קנופּ, מיט אַלעם
מיט אַנאַנדער. אַזוי אָבער האָט די אַלטע אייראָפּאַ דעמאָלט
ניט אויסגעזעהן. איך וועל אייך אויפמאָלען איהר בילד.
ניט גענוי: איך בין ניט קיין פאָטאָגראַף; איך וועל אייך גע־
בען אַ האַסטיגען מאַך פון עטליכע שטריכען, און נארען וועלען דאָס
רופען אַ קאַריקאַטור. דערצו בין איך געוואוינט. אָט איז עס:

פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אַלטע חצופה, גרוי, ניט אַזוי
פיעל פון יאָהרען, ווי פון הולטאַיסטווע, ניט אַזוי פיעל פון דאגות
ווי פון קירכליכע פאָמאַדע; אַ פרוי מיט שמינקע אויף די דאַ־
רע באַקען, מיט פאַרב אויף די פאָוויאַלעטע ברעמען, מיט ציינער
אין מויל אריינגעזעצטע און באַפעסטיגטע מיט גאָלד; אַ פרוי
מיט אַ קראַנקען גוף, אויסגעפּוצט אין די לעצטע פאַריזער מאָדע, —
פאַנאַמאַ שניט און ניי־קאַלעדאָניאַ־קרויזקעס, שטאַרק אויסגעבלויזט
— און מיט אַ טאַליע איינגעשנורעוועט, פאַרצויגען און פאַרקרעמ־
פּעוועט אין אַ שטייפען קאָרסעט פון סעמיועל סמאַיילס'עס פאַב־
ריק, וועלכע טראָגט אויף איהר פירמאַ דעם יאַרליק: „העלף זיך
אַליין און אַ כפרה די מענשהייט"; אַן אַלטע מיאוס'קייט, וועלכע
דאָקטאָרט זיך נאָכאַנאַנד ביי פּראָפעסאָר פירכאָוו, נעהמט איין
קאַטוילישע מאָרפיום־פּילען צום שלאָפען, פּראָטעסטאַנטישע האָ־
מעאָפּאַטישע פּראַשקעלאַך צום אויפזיין, רוסישען מאַלץ־עקסטראַקט
געגען איהר רעוואָלוציאָנערען הוסט, און עסט שטעקער־פּאַסטע־
טען פון „יודענפלייש" ווייל זי קען ניט פאַרדייען די שפּייזען
פון לאַסאַל'ס פּאָלקסקיכע, — הפנים צו פריש: אַן אַלטע פאַרזע־
העניש, וועלכע איז שוין מיט איין פוס אויף יענער וועלט און הייבט

זיך פון דעסטוועגען און שפּרינגט אונטער, און לאָזט זיך זאָגען קאָמפּלימענטען פון פאַלשע היסטאָריקער, און לאָזט זיך לויבען פון צייטונגס־באַראַבאַנטשיקעס, און לאָזט זיך שרייבען פערזען אין אַלבום אַריין פון רויהע, ניט־דערבאַקענע איבערגעבערענטע און וואַסער׳דיגע דיכטער: אַן אַלטע פרוי, וועלכע טאַנצט אַ קריגס־וואַלץ מיט מאַלטקע, אַ לוסטיגען קאַנקאַן מיט גאַמבעטטאַ, אַ טאַראַנטעללאַ מיט וויקטאָר עמאַנועל, אַ פאַנדאַנגאָ מיט אַלפאָנזאָ פון שפּאַניען, אַן אַנגלייזירטען ברוגז־טאַנץ מיט דיזראַעלי און מיט דעם מאַן פונ׳ם קנוט אַ קאַזאַטשקע; אַן אַלטע מאַמע, וועלכע זעהט איהר טאָכטער גערמאַניאַ מיט אַ ראַנעץ אויפ׳ן רוקען וואָס נעהמט איהר אַוועק דעם אָטעם דורך זיין שווערקייט; איהר טאָכ־טער פראַנקיאַ אַ רואינירטע פּראָסטיטוטקע; איהר טאָכטער היס־פּאַניאַ אין אַ בייזע מערכה פאַר׳ן פרומען שוואַרצען יאָהר; איהר טאָכטער איטאַליאַ מיט די מכה־פּאַבסט אין ברוסט און די מכה־קעניג אין רוקען; איהר טאָכטער רוסיאַ אונטער אַ ראָמאַנאָוו־שע נאַגאַיקע; איהר טאָכטער אויסטריאַ אין אַ האַבסבורג־מאַ־גיאַרסקע כתונת־פּסים, באַפלעקט מיט בלוט פון אַ טויז פעלקער, — זעהט דאָס אַלעס און איהר אַרט ניט; אַ צופּולווערטע פאַרשטע־לעניש, וועלכע האָט טעכטער און איז ניט קיין מאַמע; אַ האַרץ אָהן ליעבע; טעמפּלען אָהן אַ רעליגיאָן; קונסט אָהן אַ אידעע; וויסענשאַפט אין קראָמען און סחורה אויפ׳ן קאַטהעדער; וועל־כע איז עובר בטל און פּוצט זיך, טאַנצט אויף קולעס, און האַלט פאַר זיך אַ סטאַטועטקע פון קופּידאָן, דעם שעהנעם ליעבעס־גאָט, אום ניט צו טראַכטען וועגען דעם העסליכען מלאך דומה.

אָט אַזאַ פרוי, פאַרשטעהט איהר, איז מיט פונפצעהן יאָהר צוריק געווען די אַלטע אייראָפּאַ.

איצט . . . איצט וועט זיין גענוג פאַר היינט: אייראָפּאַ ווערט אינטערעסאַנט, דאָס וועל איך באַווייזען, אָבער די מאָלעריי האָט מיך געלאָזען אָהן אַן אָטעם. אגב איז שוין מעהר ניטאָ קיין פּלאַץ אויפ׳ן פּאַפּיר און קיין פּאַפּיר אויפ׳ן פּלאַ

איבערזעצט ווער עס איז די לעצטע ווערטער און שיקט דאָס אהער צו די ענגלישע קאָמישע צייטונגען. זיי ווען דאָס אָננעה־מען פאַר א גלייך־ווערטעל: זיי נעהמען אָן ערגערע זאכען און בעצאָהלען. פרעגט מיין אייניקעל.



## XV.

### תחית-המתים.

ווי גיט מען אייך דאָס צו פערשטעהן?

איך זאָג אייך, למשל, אז איך בין געווען עטליכע חדשים טויט. דאָס קענט איהר אָבער ניט באַגרייפען. מען פאַרשטעהט וואָס נאַכט איז ווען מען ווייס וואָס טאָג הייסט; מען פאַרשטעהט מרור ווען מען האָט טועם געווען דעם טעם פון האָניג; מען פאַרשטעהט דאָס היינטיגע רוסלאַנד, ווען מען האָט אַ ידיעה פון די אַמאָליגע שווייץ; מען פאַרשטעהט דעם קאַפּיטאַליסטישען הר־עיבל ווען מען קען זיך פאָרשטעלען דעם סאָציאַליסטישען הר־גריזים; מען פאַרשטעהט וואַנדערבילט, גולד און זייערע אייראָפּעאישע ברידער, ווען מען האָט אַ בעגריף דערפון וואָס עהרליכע פּראַצע הייסט; מען פאַרשטעהט ווילהעלם קוועקזילבער דעם צווייטען, ווען מען געדענקט פרידריך דעם גרויסען פון דעם זעליגען נומער; מען פאַרשטעהט די גאַנצע געדאַנקען־מערדעריי אין אונזערע געגראַמטע, גרעמליכע און אונגראַמאַטיקאַלישע פּיוטים, ווען מען ווייס וואָס אמת׳ע פּאָעזיע איז; מען פאַרשטעהט לעבאָוויץ, ווען מען האָט געזעהן פּאַריז, — בקיצור מען פאַרשטעהט ריכטיג אַ זאַך, ווען מען האָט אַ באַגריף פון איהר היפך (פון איהר געגענזאַץ — בלע״ז) און אויף דעם אופן קען מען פאַרשטעהן וואָס טויט זיין הייסט, ווען מען ווייס וואָס לעבען באַטייט. איהר אָבער, וועלכע לעבט ניט, ווי קאָנט איהר זיך פאָרשטעלען וואָס דער טויט איז?

וואָס קוקט איהר מיר אזוי אָן? כלעבען, איך בין דער־ווייל נאָך ניט משוגע. נו, יאָ! איך בין געוועזן טויט און איהר לעבט ניט,ביידעס קען איך אייך בעווייזען. אַן אומגליק אביסעל צו האָבען א נאָמען פאר א מטורף! האָט איהר, איהר אלע גע־וועזענע, איצטיגע און קינפטיגע פרומאקעס, גערופען משוגע דעם, וועלכער האָט אייך דערצעהלט ווי אזוי אליהו איז ארויפגעגאנגען לעבעדיגערהייד אין הימעל און ווי קורח איז ארונטערגעגאנגען ניט געשטאָרבענערהייד אין דר'ערד? האָט איהר אָנגעקוקט ווילד די, וועלכע האָבען אייך דערצעהלט די אַלע טויזענדער נסים ונפלאות פון בראשית ביז כל ישראל; פון דעם ערשטען נביא ביז'ן גולם פון דעם ווילנער גאון; פון די קליידער, וועלכע זיינען גע־וואקסען אין מדבר אויף מענשליכע קערפערס, ביז די שניידער־סוועטערס, וועלכע ווערען רייך דורך געדונגענע הענט; פון קין דעם ברודער־מערדער ביז גורקאָ דעם מענשען־מערדער, בעת דער אויבערשטער האָט געלאָסען צוגעזעהן, ווי זיי פארגיסען זיינע קינדער'ס בלוט; פון בלעם'ס עזעל, וועלכער האָט גערעדט, ביז דעם פעטערבורגער עזעל, וועלכער אונטערדריקט די רעדע־פריי־הייט?

וואָרום שטעלט איהר אויס אַזאַ נארישע פּאָר אויגען ווען א י ך זאָג אייך דאָס וואָס איך זאָג? מאַלע וואָס מען רופט איינעם? איך זאָג אייך, איהר קענט ניט פארשטעהן מיין טויט, ווייל איהר ווייסט ניט פון אייער לעבען.

ווען איהר טרעט אויפ'ן ברוק ווי סענדער פון רייסען טרעט אויף אידען; ווען איהר געהט צו דער ארבייט, ווי דער אָקס אין סאָכע אריין; ווען איהר פילט אָן דעם מאָגען ווי דער קאָלבאס־ניק די קישקע; ווען איהר העלפט דעם פויער ק ר י י ץ ארי־בערטרומפירען די טויז ה א ר ץ; ווען איהר לייענט אויסטראַ־ליער נייעס און ווייסט ניט ווי אזוי מען כאפט דאָ אייך ארויס דעם ביסען פון מויל; ווען איהר זאָגט תהלים אום ניט צו פאר־שטעהן די שעהנע פּאָעזיע דערפון; ווען איהר געהט צו א טראַ־געדיע אין טעאטער אום צו זעהן א מיידעל און נעהמט דאָן א

מיידעל פאַר אַ ווייב אום צו מאַכען אַ טרויער־שפּיעל אין דער היים; ווען איהר נעהמט אַריין אַ גרויסען אידעאַל אין הארצען און מאַכט פון אייער ברוסט פאַר איהם אַ מקום קבורה, דעם נאָז פאַר אַ מצבה, טראָגענדיג אַ שעהנעם נאָמען, וועלכער קליידט אייך פונקט ווי די קאַקאַרדע דעם ראש־ישיבה פון וואָלאָזשין; ווען איהר האָט אַ פּלונית'טע צום שילטען, קינדער איבער וועלכע צו טיראַנעווען, שכנים צום באַרעדען, עלטערן צום פאַרגעסען, אַ הויז צום פאַרשמוצען, אַ נאָמען צו דעם זעלבען צוועק, אַ גאָט פאַר די אַלטע פאַר תפלין און אַ פּאָליצייסקען צום געהאָרכען; ווען איהר זינגט אייער קלעגליכע איכה מיט'ן ניגון פון שיר־השירים און דערטרינקט דעם שלים־מזל אין אַ גלאָז ביער, און וואַגדעלט דורך די ביסעל יאָהרען פער שנעל־צוג; ווען איהר געהט אין טעמפּעל אַריין אום צו בעטלען ברויט, אין מאַרק אַריין אום צו קויפען ליעבע און אין קלוב אום צו העלפען זידלען דעם סטיר־אַרד; ווען איהר באַוועגט זיך אָהן פּאַרטשריט, און לויפט איידער איהר קענט געהן, און כאַפּט די פיש פאַר'ן נעץ, און גלויבט אַז ובא לציון גואל וועט „לייזען די סאָציאַלע פראַגע" — ווי די טייטשען זאָגען, און . . . געגוג. ווען, אַלזאָ, איהר טוט דאָס אַלץ, מיינט איהר, אַז איהר לעבט, רופט איהר דאָס לעבען. הייגט, וואָס רופט איהר טויט? און ווען איך זאָג אייך, אַז איך בין געוועזן טויט, וואָס, מיינט איהר, האָט דאָס צו באַטייטען?

ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַרשטעהן?

און דאָך בין איך געוועזן טויט. פרעגט מיין אייניקעל. פרעגט מיין פריינד מאָררים'ן (מאָררים וו., ניט וו. מאָררים). זעהט וואָס ער האָט געשריבען פאַר מיין מצבה; אָט איז עס...

האַלט, מען קלאַפּט אין טיר.. ער, ווי איהר זעהט מיך אַ... ווי זאָגט מען אין קיעוו? מען דערמאָנט דעם מלאך, קומט דער זשאַנדאַרם. איך מוז ענדיגען. ער וויל מיט מיר רעדען. לאָמיך אייך נור דערצעהלען ווי אַזוי איך בין אויפגעשטאַנען תחית המתים.

איין פריהמאָרגען האָב איך געהערט אַ קלאַפּעריי אויף מיין

קבר. איך האָב געמיינט, אַז דאָס טראַמפּעלט דאָרטען אַרום איינער פון די יונגאַטשעס, וועלכע האָבען מיך אַביסעל פיינט געהאַט, ווייל איך בין געווען זייער געוויסענביסען, זייער ביין אין האַלז, כל זמן איך האָב געלעבט. מיט אַמאָל הער איך מיין אייניקעל'ס קול שרייענדיג אין גרויס האַסט:

„זיידע, שטעה אויף! דער צייטגייסט האָט באַזיעגט און איינגענומען די קרעפּאַסט פון ענגלאַנד... געפאַנגען לעבעדיג אַנ־דערהאַלבען מיליאָן קעמפּפער... די גאולה קומט! שטעה אויף, זיידע!

און איך בין אויפגעשטאַנען.
קומט, מאַררים.



XVI.

## דער דרוש פון אלף׳ן.

און איצט — אז איך בין שוין יאָ אויפגעשטאַנען תחית־המתים, מיין איך טאַקי צו לעבען. צו האָבען צוגעבראַכט אַ נאַכט וואָס האָט אוועקגעדויערט אַן ערך פון ניין און זעכציג יאָהר און שטאַרבען גראָדע ווען עס בעגינט צו טאָגען, וואָלט געווען אַ שרעקליכע דומהייט. מיט יאָהרען צוריק האָט מיין פריינד מ. וו. גאַנץ ריכטיג געזאָגט, אַז —

אין פראַנקרייך רעגירען
די צייטונג־שרייבער,
אין ענגלאַנד רעגירען
די פראַזען־קלייבער,
אין שפּאַניען רעגירען
די קלויסטער־ווייבער,
אין דייטשלאַנד רעגירען
די פּיקעל הייבער,
אין רוסלאַנד רעגירען
די שקלאַווען־טרייבער.

ניט דערמאָנענדיג די אַנדערע לענדער, משמעות ווייל עס איז שווער צו געפינען אַ גראַם פאַר יעדע מדינה, וואָס דאָס בעווייזט, לאָמיך אייך פאַרבייגעהענדיג באַמערקען, אַז די דיכ־טער, וואָלטען מעהר געזאָגט, ווען זיי וואָלטען וועניגער גע־זונגען און אַז פיעלע געדאַנקען, וועלכע ראַטעווען זיך ארויס פון

די רוסישע צענזור, געהען א כפרה אויף דעם מזבח פון גראמען. אט זיינען, למשל, ביי אונז אידען געווען מיט עטליכע הונדערט יאהר צוריק א פאר גרויסע דיכטער. איינער פון זיי האט גע־הייסען בדרשי און דער אנדערער, עמנואל הצפרוני. עמנואל האט געשריבען אויף לשון הקודש זאכען, וועלכע באקקאטשיא האט אין די זעלביגע מדינה (איטאליען) געשריבען אויף אי־טאליעניש, נאר מיט מעהר נבול־פה. זיין שרייבעריי וואלט געווים אנגעמאכט גרויסע צרות אין ראמאילעם קלויז אין וויל־נא און צווישען די יונגע פרושים אין כאנדיקעווע, ווען דער דיכטער וואלט זיך ניט אזוי פארפלאנטערט אין זיינע אייגע־נע גראמען, אז איהם קען נאר דער אין גאנצען פארשטעהן, ווער עס פארשטעהט די חסידישע רביים, די דייטשע מעטא־פיזיקער און די הייליגע דריי־אייניגקייט. דער אנדערער, בדרשי הפניני, האט ניט געגראמט און ניט געדריידעלט, אבער ניט געננוג וואס ער האט געשריבען הויכע מליצה ווי א געבארענער מלמד, האט ער אריינגעהאקט א תפלה, אין וועלכע טויזענד ווערטער הויבען זיך אלע אן מיט איין בוכשטאב, מיט א „מם”. ווי די געדאנקען זעהען נעבאך ביי איהם אוים, קענט איהר זיך קוים פארשטעלען. לאז איינער, למשל, שרייבען אויף אידיש :—

„ארימע, אונטערדריקטע, אויסגעמאטערטע, אידישע אר־בייטער!

ארבייטענדיג אהן אן אויפהער אימער און אייביג אונטער אונמעשליכע אומשטענדען, אונטערגראבט איהר אליין אייערע אינטערעסען אומעטום, אין איירפא און אין אמעריקא.

אייערע אונפארשטענדיגע איבער־אנגעשטרענגטע, אהן אָרדנונג, אהן ארגאניזאציאן און אהן אנשטענדיגען ארבייטס־לוין אנגעהארוועטע ארבייט איז איינציג און אליין אורזאכע, אז אייך אכטען אלע אנדערע אלס אן ארט אנשיקעניש אויף איירא פעער און אמעריקאנער, ארבייטענדיג אין אייניגקייט און אין איינשטימונג און ארגאניזירט אום אנצוגרייפען אויסבייטער און אפצווועהרען אלע אונעהרליכע אנגריפע.

אָה, איהר אונגליקליכע אָרימע אידעלעך!

איבערפיהרענדיג אָרדנונג און אַלטע איינגעפלאַנצטע, איינגעוואָרצעלטע אינסטיטוציאָנען און אויך אייערע אייגענע אָקאָרשט איינגעפיהרטע ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען ארטעט איהר אוים (אויף אשכנזית אויסגעדריקט) אין איין אונפריינד־ליכע אַנגעלאָפענע ארמעע אַנטקעגען אייערע אחים, אונטער־שטיצט איהר אייערע אויסבייטער און אונטערדריקער און אר־בייט אויף אייערע אייניקלעך און אור־אייניקלעך'ס אונגליק, אַנשטאָט אויף אימער און אייביג אונזערע, אייערע און אַלעמענס אויספרעסערס און אונטערדריקערס אָרגאַניזירט אויסצוברענגען און אין אחדות אייביגע אהבה און אחוה אומעטום איינצופיה־רען, אמן!״

לאָז, זאָג איך, איינער אויפשרייבען אזא מין דרשה אויף אידיש, א דרשה צו ארבייטער פון 153 (האָב, דאכט זיך, ריכטיג געצעהלט די ווערטער, א חוץ ספירה צעהל איך קיין זאַך ניט, אום עס זאָל ניט שאַטען קיין עין־הרע) אַלזאָ, פון 153 אזעלכע אלף'ן, און איהר זעהט גלייך, אז דאָ איז א סך חכמה אין ניוועץ גע־גאנגען. דער איינציגער טרייסט דערביי איז פיליכט א דאָ־פעלטער: ערשטענס, וואָס קיין רייד העלפט ניט, ניט גע'אלף'־עט און ניט גע'צדיק'טע, און צווייטענס, וואָס 153 איז פון דעסט־וועגען נאָך ניט טויזענד.

נאָר ניט דאָס אַלץ בין איך אויסען. איך האָב אייך גע־וואָלט זאָגען, אַז די צייטען האָבען זיך געענדערט און דאָס וואָס מ. וו. האָט געזאָגט מיט עטליכע יאָהר צוריק איז כמעט שוין ניט אין גאנצען ריכטיג. די צייטונגס־שרייבער, די פראַזען־קלייבער, די קלויסטער־ווייבער און די פיקעל־הייבער ווערען בים־לעכווייז אָפּענטיג, און אַפילו פאָניעס שקלאָפען־טרייבער פארלי־רען פון טאָג צו טאָג די שליטה איבער מענשען. מיט א שטארקען טעלעסקאָפּ קענט איהר זעהן די קומענדיגע צייט... נאָך א ווייל'ינקע וועט די צוקונפט זיין די געגענוואַרט און די פארגאַנגענהייט א פארגעסענער בייזער חלום.

און איצט צוריק אוועקשטארבען? געהט, געהט, איך מעג פילייכט ניט זיין אין גאנצען ביים זינען — ווער ווייס? — אבער אזוי משוגע בין איך ניט. איך טו אזא נארישקייט ניט. בין אלט און קראנק געווארען הערענדיג אייער זיפץ און אייער קרעכץ, בין אבער נאך יונג און געזונד געגוג צו הערען אייער ערשטען מעכ־טיגען יובעל־געשריי! דאס מיין איך צו דערלעבען.

איצט הוסט, טו וואס דו קענסט... איהר קינדער, טוט וואס **איהר קענט.**



## XVII

### אַח, ווער גיט מיר אַ צופּ פאַר׳ן פּאָלע!

וואָס טו איך מיט מיין איינִיקעל, דאָס הייסט, וואָס טו איך אָ ה ן מיין איינִיקעל? אין ענגלאַנד פלעג איך נאָך ווען עס איז פון איהם האָבען אַ נוץ, דאָ אָבער איז אזא מדינה, אַז מען קען אַ יונגען מאַן ניט איינהאַלטען אין דער היים. דאָ געהט מען אין קאָלעדזש, אָדער אַניט וויל מען געהן, און בינו־לבינו האָט מען נור קינדער און איינִיקלעך פאַר׳ן צפנת־פענח און פאַר די קונסט צו היילען מענשען, וועלכע ליידען פון וואָס מיר, געבילדעטע, רו־פען אַ כראָנישען מאָגען־פעהלער, צו וועלכען מען דאַרף אייגענטליך ניט אזוי שטאַרק האָבען דאָקטוירים ווי בעקער, פרוכט־קרעמער און קצבים. אָט אזוי ווייט האָלט איך, בעוונותינו הרבים, מיט מיין איינִיקעל היינט. אמאָל פלעגט ער געהן אין מיינע וועגען — און אזוי וואויל איז צו איהם געוועזן! — היינט נעהט ער אין קאָלעדזש; וועניגסטענס אין די ניו יאָרקער פאַר־שולע פון קאָ־לעדזש, נעמליך ארבייטען ביי די „שווירט־מייקעריי.״

צו וואָס דאַרף איך איהם אזוי נויטיג? פרעגט איהר. איך זעה, למשל, ניט איין וואָס דאָס איז אזוי שטאַרק נוגע צו אייך, אָבער איך וועל אייך זאָגען, ווייל ביי מיר (ווי ביי ווייבער און פראַנצוויזען) איז קיין סודות ניטאָ. איך וואָלט איהם היינט גע־דאַרפט ער זאָל שטעהן דערביי בעת איך שרייב, און מיר אַ צופּ טאָן פאַר׳ן פּאָלע יעדעסמאָל ווען ער זעהט אַז איך נעהם אריבער־שפּרינגען פון פירושט האָהענלאָהע צו די חרטומי מצרים, אָדער

פון זיי צום ליבאוויצער צדיק, ווי דאָס איז מיין שטייגער, אי־בערהויפּט אין די ווארימע וועטערען.

אָבער ער איז ניטאָ. אָה, וואו נעהמט מען א האלב־פונט אַסט־פּרייסישע „פּאָליציייליך־געדעגעלטע" געזעצליכקייט, אזעלכע וואָס האלט איינעם פונקט אזוי אין אָרדנונג ווי אן אוראדניק — א ווענזעגאָלער מלמד. איך וואָלט דערפאר אוועקגעגעבען א פּאָר געטרייע סליפּערס, וועלכע דינען מיר שוין פון יאָהרען, און לאָזען זיך טרעטען אונטער די פים בעסער ווי א גרינער אַפּעריייטאָר, — איינער וועלכער איז, ווי חיים ברבורים האָט פארגעסען צו ער־קלערען אין זיין ווערטער־בוך, א מענש, וואָס זינגט מיט'ן ניגון פון איכה אונטער זיך, אונטער א סוועטער און אונטער די באַ־גלייטונג פון זיינגערס (מאשינען) אָרקעסטער, וואָס דערפאר הייסט ער אַפּערייטאָר, אַן אַפּעראַזי... ניט אַפּערא־זיפּצער, אָבער אַפּערא זינגער. איך וואָלט פאר א האלב־פונט געזעצטקייט אוועקגעגעבען מיין שאַנס צו ווערען אַן אָלדערמאַן אין שיקאגאָ, וואָס דערפון וואָלט איך געקענט האָבען מעהר העלזעלעך, קישקעלעך און ביי־לעקלעך ווי א היימישער שוחט וואָס איז א חזן און קען זיך מיט'ן גבאי. איך וואָלט דערפאר אוועקגעגעבען מיין חלק לעולם הזה, וועלכער איז ווערטה אין הוילע פילאָזאָפיע עפּעס גאָר אן אוצר מיט גאָלד ווי איך הער פון מענשען, וועלכע מיינען אז איך קען זיי טאָן א טובה.

אָבער וואָס העלפט דער רעדען? יעדער איז געזעצט — אפילו א טשערמאַן ביי א מיטינג; אפילו אן אות, וועלכער געהט צום דרוקער; אפילו א פאַלשער צאָן אין מויל; אפילו א קלי־ניקעל אונטערן פאַכווע; אפילו א הון ביים בריהען; אפילו א לכה־דודי פון ברוך קאלינער, — יעדער, נור ניט איך, נור ניט מיין שרייבערייי און דאָ שטעהט פירשט האָהענלאָהע מיט זיין אונטער־שפּארע קעללער (א וויין־קעלער, א ביער־קעלער, — וויים איהם דער גוטער יאָהר) און זיי ביידע וואַרטען אויף מיין מיי־נונג וועגען זייער פּאָליטיק.

גייסט פון וועבסטער'ס לעקסיקאָן העלף מיר ארוים!

* * *

הער פירשט, איך מוז אייך אָפּען זאָגען, איהר זייט א נאַר. עס איז אפשר ניט זעהר ערדעל פון מיר אייך צו געבען אזא פּראָס־טען קאָפּולער אָנצוהערעניש, ווייל איהר, זייענדיג 76 יאָהר אַלט, זייט מיט זיבען יאָהר עלטער פאַר מיר און זיבען יאָהר איז א צייט, א לאַנגע צייט, אין וועלכע די פעטע יאָהרען געהען אויס אין מצרים, די רעגיערונגען אין ענגלאַנד, די פּרעזידענטען אין פראַנקרייך (סיידען זייערע איידעמס בע׳גנב׳ענען זיך, אָדער זיי אַנטלויפען אליין, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט גרעווי — ניט גע־דיכטע זופּ, אזא מענש — און מיט פעררייע) און דער עבד־עברי אין משפטים, הגם ניט אין אמעריקא, ווייל דאָ האַלט מען מעהר פון תרומה און כי תשא ווי פון משפטים איבערהויפּט... אָה, ווער גיט מיר א צופּ פאַר׳ן פּאָלע!

איך זאָג אַלזאָ, הער פירשט, אז איהר זייט א נאַר. דאָס וויל איך אייך באווייזען... וואָס קרימט איהר זיך? הערט מיך אויס, ווען איך זאָג: באווייזען, מיין איך דאָס, איך בין ניט א קריסטענטום. הערט־זשע:

איהר זייט א נאַר, ערשטענס דערמיט, וואָס איהר האָט פּרו־בירט אויספיהרען אַן עסק, צו וועלכען ביסמארק האָט זיך גענומען און האָט דערפון געהאַט ניט מעהר ווי שברי לב און זיין מפּלה, חוץ דעם האָט ער דערביי פאַרלאָרען די לעצטע דריי האָר אין קאָפּ, עטליכע באַקציינער און א גאַנץ פיינע געהאַלט.

צווייטענס, דערמיט וואָס איהר האָט געמיינט אז איהר קענט מולירען, אָדער ווי מען זאָגט דאָ: בלאָפען די יעזואיטען און זיי באַנוצען געגען די סאָציאַליסטען. וואָלט איהר געווען קליגער, דאַן וואָלט איהר פאַרשטאַנען אז דער פּלאַן צו געברויכען די „שוואַרצע אינטערנאַציאָנאַלע" געגען די רויטע אָהן געצאָהלט, קען נאָר איינפאַלען איינעם, וועלכער איז אַזוי מטורף ווי אייער באָס ווילהעלם אַליין.

דריטענס, וואָס איהר האָט אויף אמאָל כמעט מיט איין מאַך גענוועלט פאַרמאַכען עטליכע און פערציג מיליאָן מיילער (דארונ־

טער אכט מיליאָן סאָציאַליסטישע) און דערצו איז אייער אַדעלי־
גע האנד צו שמאָל און צו קורץ. פּרעה'ס מאַכטער'ס אָרעם און
עוג מלך הבשן'ס האנד און שמשון הגבור'ס כוח וואָלטען אייך
דערצו אויך ניט געהאָלפען.

פיערטענס, דערפאר וואָס איהר האָט גענומען פאר א באַ־
העלפער אַן אינדיק וואָס בלאָזט זיך... זיצט רוהיג, הער קעל־
לער! איהר זייט ניט אין רייכסטאג! — אַלזאָ אַן אינדעק וואָס
בלאָזט זיך און האָלדערט און באָלבעט אוים זאכען וועלכע אפילו
ביסמארק וואָלט פארשוויגען, און ער האָט איבער זיין צונג קיין
שליטה ניט געהאַט.

פינפטענס זייט איהר א נאַר דערמיט וואָס איהר זייט ניט
קלוג. אָבער נעהמט זיך די מעשה ניט צום הארצען. זאָל מען
אזוי ניט געפּראוווט ווערען ווי מען ווערט... אויב איהר מיינט צו
וואָיעווען איבער די סאָציאַליסטען איז דאָס ניט אייער לעצטע
מפּלה, און עס איז כדאַי'ער אַז איהר זאָלט זיך צו מפּלות ביסלעכ־
ווייז צוגעוואוינען. נעהמען א שמעק טאבאק? זעהט אוים ווי
פולווער, ניין? גריסט דעם אלטען, און זעהט אַז קאפּריווי זאָל
ניט צופּלאצט ווערען פון געלעכטער. א גוטען!

* * *

צו וועמען האָב איך דאָ גערעדט? אַלט און מטושטש... מען
וואָלט מיר גלייך אין אָנהויב געדארפט א צופּ טאָן פאר'ן פאָלע,
אָדער לכל הפּחות ארויפטרעטען אויפ'ן הינעראויג.

XVIII

## ווי איך קום צו די ראמאטעס.

פראסטע היימישע ראמאטעס איז געגוג שלעכט, אבער דער אמעריקאנער ציוויליזירטער רהעומאטיזם איז נאך ערגער. אין דער ליטע אין פוילען, אדער אין זאמוט קען מען זיך לכל הפחות פארגינען צו ליגען אין קאליישע — פרעגט מיך ניט וואס דאס באַטייט, איך ווייס אליין ניט — ווען דער פינסטערער מזל ברענגט דערצו. דארטען האט מען אויף אלץ צייט. אין דער וואכען ד א ר ף מען זיך דארטען ניט איילען און שבת ט א ר מען ניט. דארטען געהט מען זיך געלאסען אין שול און מען געפינט צייט פאר צוויי לאנגע והוא־רחום׳ס דורכ׳ן וואך, פאר א פרק משניות נאכ׳ן דאווגען, פאר דאפעלטע יקום פורקן׳ס יעדען שבת, פאר מעמדות און קעלבערנע יוצרות און וואס איינעם זאל זיך ניט פארגלוסטען, זאגאר אן עקסטרא צעהנדליג קדושות ווען דער חשק איז גרויס. דארטען נעהמט מען זיך צייט צו שנעלען עטליכע מי־נוט מיט׳ן מיטעלסטען פינגער די טאבאק־פושקע איידער מען קנייפט ארויס דעם שמעק, וועלכען מען טראגט דאן צו, מיט די זעלבע געלאסענקייט, צו די רויטליך־שווארצליכע נאזלעכער, מיט וועלכע א דיקער רוסישער שכור׳ער פאסטאליאן טראגט צו אן אט־קריטקע צו אן ארימע דיענסטמיידעל.

דארטען איילט מען זיך ניט געבארען צו ווערען: קיינער לאזט זיך ניט ארויסשלעפען מיט צוואנגען אזוי ווי ער וואלט גע־ווען א לעבערדיגער צאן, אדער א פערראסטעטער נאגעל אין וואנד. דארטען איילט מען זיך ניט צו לעבען: „מאי בהאי? פאספיי־

ענען, פּאַספּייענען, — זאָגט איצע חיה ציפּקעס, — אויף אַלץ א צייט, מנחה בזמנה איז בילכער.״ און ווי מען איילט זיך ניט צו לעבען אזוי איילט מען זיך אויך ניט צו שטאַרבען. זעלטען ווער עס פאַרפלוטעוועט זיך און מאַכט פּלוצלונג א שטאַרב, א שטייגער איינס, צוויי, דריי — און ניטאָ. די מייסטע מענשען געהען זיך אוים מיט די כוחות אזוי לאַנגזאַם ווי ר׳ ישראל סאַ־לאַנטער פלעגט אויסגעהן שמונה־עשרה און טאַקי עפּעס אזוי הינ־טער־ווייליך, מיט געמאָסטענע טריט, מיט׳ן רוקען צום טויט, פּראַ־גרעסירענדיג ווי די אמעריקאַנישע פּרייהייט. רוהיג, לאַנגזאַם געהט מען זיך אוים, זיך האָבענדיג אָבגעשמילקעט א גאַנצען לעבען ווי א גראָשענע ליכטעל פרייטאָג־צו־נאַכט, ווען זי טאָר ניט גע־פוצט ווערען. לאַנגזאַם געהט מען זיך דאָרטען אוים מיט די כוחות — ווער פון סטאַלעריי, ווער פון קנעלען, ווער אזוי גלאַט פון דלות. פון איילען זיך ווייס קיינער ניט, סיידען עס קומט צו יזכור און מען האָט נאָך עלטערן, אָדער עס האַלט ניט ווייט פון נאַבאָר און מען איז אָרעם, אָדער מען פאַרשלאָפט צו די ערש־טע סליחות, אָדער מען האַלט אַן „אַכטעלע״ ווען עס פאַלט אריין א געווינס אין שטעדטעל און דער קאָלעקטאָר זעהט זיך עפּעס ניט, אָדער מען דאַרף א שפּרייז טאָן איבער׳ן גרענעץ, אדער ביי אַנ־דערע אַזעלכע וויכטיגע ענינים און געלעגענהייטען, וועלכע איך וואָלט געקענט אויסרעכענען ווען איך וואָלט ניט געדאַרפט קומען צו די אמעריקאַנישע געבילדעטע ראַמאַטעס.

דאָ אין אמעריקא קענט איהר זיך ניט פאַרגינען צו מאַרו־דזשען אויפ׳ן געלעגער ווען איהר קריגט דעם ציוויליזירטען רהעו־מאַטיזם, דאָס הייסט ווען ער קריגט אייך. שוין גאָר ניט רעדענ־דיג דערפון וואָס די בעטען זיינען דאָ נור ביי־נאַכט בעטען, ווייל אין דער פריה זיינען זיי געוואוינט זיך צונויפצושטעלען און ווע־רען אַלמערס, אַקוראַט ווי א היימישער מלמד איז נור א מקרא־דרדקי דורכ׳ן זמן און הויבט זיך אויף בין הזמנים פון בענקעל, לעגט אוועק די צופּלינע, דעם טייטעל מיט אַלע הענטשקעס פון די ספרים און ווערט א שדכן, — שוין גאָר ניט רעדענדיג דערפון,

איז דאָ גלאט ניטאָ קיין צייט צו קרענקען, ניט אין ביזע־צייט, ווען מען דארף זיך כוואטעווען געגען די מאשינען און ניט אין סלעק צייט, ווען מען לויפט ארום זוכענדיג א „דזשאב". האסטיג לעבט מען דאָ! צום שווארץ יאָהר געהט מען מיט'ן עקספּרעס־צוג 50 מייל א שטונדע און ווען עס קומט צום שטארבען טאָר מען דאָ ניט מאכען קיין שהיות. דער היגער מלאך־המות איז ניט א מינסקער בית־דין־שמש: ער ווארט ניט ביז איהר וועט זיך אויסכוואָראָבענען, פּאנאנדערשיקען שטאפעטען צו גוטע אידען און צו טאָטערס, אויספּרובירען אלע באבסקע רפואות, סגולות און מיטלען, וועלכע נעהמען אוועק דעם וועהטאָג ווי מיט א האנד, ביז איהר וועט איבערבייטען דעם נאָמען און לאָזען אויסזאָגען אלע יענע קאפּיטלעך תהלים וועלכע האָבען א קוריהרענדע וויר־קונג, זיך דאן ערשט געמיטליך אויסציהענדיג צו יציאת־הנפש.

דאָ מאכט מען ניט אזעלכע עסקים. דאָ איז צייט געלד און געלד אלעס: ליעבע, לעבען, לאָבונג; קעניג, סצעפּטער, קרוין און טראָן; גאָט, די שכינה און אלע מלאכים. דאָס איז וואָס געלד איז דאָ, אין אמעריקא, אין אסטאָריא, אין גולדלאנד, און דיזעס געלד איז דאָ צייט און זי איז צו טייער צום שאלעמייזע־נען ביי ראמאטעס. „מעיק העיסט, הארי אָפּ!" שרייט דאָ יעד־דערער. דאָ ציקעלט זיך ניט דער חזן שבת אין די קדושות: מען דארף געהן פון שול אין סטאָר אריין (געפריהשטיקט האָט מען פאר'ן דאווענען, ד. ה., נאָכ'ן פאר־אכט־טאָגעדיגען). דאָ שרייבט מען ניט מיט געצאצקעטע, געשלענגעלטע, אויסגעטאראראמקע־טע, ווענזעגאָלער צוקעס און דאָ באגעהט מען זיך אָהן דריי־עלען־לאנגע לכבוד'ס אויף בריעף, דאָ לעבט מען אָהן אן אָבשטעל, שטארבט מען אָהן וידוי און אפילו דער מלאך דומה נעהמט אייך ניט ווי א רוסישער סלעדאָוואטעל לאנגזאם אויפ'ן דאָפּראָס; ער פילט איינפאך אויס א געדרוקטען „בלענק" און זאָגט: שרייב אונטער, און איהר חתמ'עט זיך און א סוף. דאָ טוט מען אלץ אויף גיך, חוץ א שידוך, ווייל דאָ געפינט א יונגער מאן איינפאך ניט די צייט צו געהן און ווערען א באלעבעסיל.

אָבער אייך אינטערעסירט מיין ראַמאַטעס. איך וועל אייך דערצעהלען. אָה, יאַ! איהר מוזט דאָס וויסען. מיך פרעהט צו זעהן, אז איהר הויבט זיך אָן צו קימערען וועגען אַ פרעמדע קרענק. דאָס באַווייזט אז איהר זייט ניט אַזוי שלעכט... וואָס איז דאָס דאַרטען פאַר מוזיק אין גאַס? לאָמיך געהן זעהן. דער־צעהלען וועל איך אייך, אָבער האָט געדולד. איך אייל זיך ניט, איך בין — געלויבט זיין הייליגער נאָמען — דערווייל נאָך ניט קיין אמעריקאַנער. אביסעל געדולד, ברידערלעך! אַי, ווי פיעל באַראַבאַנעס זיי מוזען דאַרטען האָבען, עס טראַסקעט ווי צו תחית־המתים!



XIX

## הענד און פים אין סטרייק.

הייסט עס, איהר זייט טאקע אזוי פריינדליך און ווילט וויסען ווי אזוי איך בין געקומען צו די ראמאטעס? פרעגט מיך א גרינגערע זאך. איך וויים נור, אז פריהער האט עפים דער לינ־קער פוס גענומען שטייף ווערען (ווי א בשמים־קרעמערל ווען ער קריגט א ירושה), דאן האט זיך דער רעכטער פוס אבגעזאגט פון דיענסט, אבער ניט ארויסגעהענדיג ארגאניזירט מיט דעם ברודער ארבייטער אויף א סטרייק, א שטייגער ווי איינער זאגט: „מיר האבען דיך געטראגען אויף זיך אן ערך פון זיבעציג יאהר, — דיך מיט דיין בורזשואזנעם אייביג הונגעריגען מאגען, מיט דיין אריסטאקראטישען פוסטען הארצען, מיט דיין רעגירענדען דעם־פאטישען קאפ, וועלכער האלט אין איין קאמאנדעווען מיט זיין מוח, מאכען תנועות אלערליי מיט דעם פנים, אויסשמעקען וואו עס איז נאר עפעס דא וואס צו לאטכענען מיט'ן נאז, און בייסען מיט די האבגיעריגע ציינער, וואס דער נאז שפיאנעוועט נור אויס, — בקיצור מיר האבען דיך לאנג גענוג געטראגען אויף זיך, אל־טינקער, איצט זיינען מיר מיד און מיר ווילען מעהר ניט און באסטא!" דאס האבען זיי ניט געטאן. איינציגווייז האבען זיי אויפגעהערט צו ארבייטען, פריהער דער לינקער, דאן דער רעכטער, ניט וויסענדיג איינער פון דעם אנדערען, כמעט ניט וויסענדיג וואס זיי טוען. זיי האבען זיך איינפאך א קרים געטאן, דאן זיי־נען זיי שטייף געווארען, דאן האבען זיי גענומען עדערן, אליין הא־

בענדיג די זעלביגע שמערצען וועלכע זיי האָבען מיר אָנגעטאָן. דומע פיס! ווי סקעבס געאַרבייט אַ גאַנצען לעבען, ווי סקעבס צוריקגעקומען צו דער ארבייט, איינער נאָך דעם אַנדערען, אָהן באַדינגונגען, זיך איינפאַך פאַרלאָזענדיג אויף מיין יושר, אַז איך וועל זיי אין דער צוקונפט בעסער באַהאַנדלען.

און דאַן האָבען די הענד געסטרייקט און אויף דעמזעלביגען אופן. אויף זיי האָב איך מיך אָבער ניט געוואונדערט. אַלטע מינסקער הענד, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געוועזען וואָס מען רופט דאָ פעקטאָרי־הענד, זיינען נאַטירליך געבאָרענע סקעבס! יונגע אַמעריקאַניזירטע זיינען אָפּט אויך ניט בעסער.

אָבער יאָ אָרגאַניזירט, ניט אָרגאַניזירט (צו וועלכע ווערטער מען געוואוינט זיך צו אין דער פרעמד! נאָך אין עטליכע יאָהר אַרום וועל איך מסתמא גאַר אין גאַנצען ווערען אַ פרעמד־ווערטער־בוך אויף צוויי סקעב־פיס. אַ קשיא אויף אַ מעשה! אין ניו יאָרק איז דאָ אַ יונגער מאַן, וועלכער רעדט עטליכע — אַן ערך פון זעקס — שפּראַכען אויף אַמאָל, אָבער דער עסק שיינט איהם ניט צו פּאָליובען, און ווען ער ווערט אויפגערעגט, ברעכט ער זיי רוק־און־לענד, לאָזט אין זיי אַ גאַנצען וואָרט ניט, ווייל ער ליידט מעהר פון זיי ווי זיי פון איהם, וואָס דאָס פּאַסירט מיר אַליין ציי־טענווייז מיט מיינע ציינער. דעם יונגען מאַן איז דאָס, ניט פאַר אייך געדאַכט, געקומען פון זיך ארומוואַלגערן אין דער פרעמד, אין אַלערליי מדינות, ווי דער משולח האָט געזאָגט ווען מען האָט געפונען דאָס גאַנצע ארץ־ישראל געלד אין זיין תפלין־זעקעל און די תפלין אונטערן בעט. אָבער איך פאַרליר וואו איך האַלט. איך זאָג. וואָס זאָג איך? יאַ!).

אָרגאַניזירט אָדער ניט, די הענד אַזוי גוט ווי די פיס האָבען מיך באַהאַנדעלט ניט בעסער ווי זיי וואָלטען פאַרנינפטיג גע־סטרייקט. אָט וויל דער מוח, דער פאָרמאַן אין מיין געדאַנקען־פאַבריק, ד. ה. אין קאָפּ, דיקטירען אַ שטיק פילאָזאָפיע. די רעכ־טע האַנד ריהרט זיך ניט פון אָרט. דער מאָגען ווידער שיקט אַרויף אַ טעלעגראַמע צום גומען:

„בין פוסט. היים צונג בעטען טעלער זופּ.
„הענד וועלען געבען. אָבער שנעל!"

מען בעט, און די הענד — שטייף ווי אַן איינגעקרעמפּעוועטע מייד־דעלשע טאַליע, כאַטש צוהאַק זיי, זיי גיבען זיך ניט אַ ריהר. שרייט דער צונג: ס'טייטש, גזלנים! איהר וועט דאָך איין גאַנצען אָבגענומען ווערען ווען דער מאָגען זאָל ניט קריגען זיין פּאָרציע! שריי צו דער וואַנד. זיי סטרייקען און אַ סוף! די לינקע האַנד ווערט ענדליך אַ ביסעלע ווייכער און פּרובירט נאָך וועניגסטענס סקעבען, אָבער זי איז אַ שלים־מזל און גיסט אויס די זופּ אין בעט און דער מאָגען קריגט ניט אַ לעק. דערווייל ווערט די רעכטע האַנד אַליין געשוואָלען און פאַרשטעהט ניט אַז אַנשטאָט מיר צו עדערן און אַליין צו האָבען יסורים האָט זי געדאַרפט פון אָנהויב אָן פאַרלאַנגען באַשטימטע ארבייטס־שטונדען און זיך אַזוי פאַראייניגען מיט'ן מאָגען, אַז ער זאָל ניט זיין אַן אויבער־האַר און אַ הויכער פּרעסער, נאָר אַ ברידערליכער מיטווירקער מיט די איבריגע מיטגליעדער פון דעם אָרגאַניזם, צו ערפילען זיין פליכט און צו קריגען זיין רעכט.

אָבער ווי די מעשה זאָל דאַרטען ניט געוועזען זיין, איך האָב דאָ אויף דער עלטער אַ שעהן ביסעל אויסגעשטאַנען, דאָס הייסט, אויסגעלעגען. איין אָוועגד, געדענק איך, האָב איך מיך אַזוי שלעכט געפיהלט, אַזוי אונבעהאָלפען, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיר איז ערגער ווי עס וואָלט געווען ראָטהשילד'ען מיט אַלע זיינע מילע־מיליאָסען, ווען די אַרבייטער וואָלטען זיך מיט אַמאָל אַלע ענטזאָגט פון באַקען, קאָכען, נעהען, און טאָן אַלעם דאָס פאַר איהם, וואָס ער בעדאַרף צום לעבען. יענעם אָוועגד האָט מיט מיר פּאַסירט אַ וואונדערבאַרע זאַך. הערט אויס. איך בין געווען איינגעדרעמעלט... איינגע... אַי, מאַכען די קינדער געוואַלדען אויפ'ן גאַס! פונקט ווי יענעם אָוועגד. בין, אַלזאָ, דאַן געווען נאַר־וואָס איינגעדרעמעלט אַזייגער זיבען פאַר נאַכט... פריהער האָבען זיי מיך גיט געלאָזען שלאָפען, — די לאַידאַקעס, און איך

האָב מיך לאַנג אויף זיי געערגערט, פּלוצלונג האָט זיך מיר גע־דוכט, אַז איך הער צווייערליי שטימען אין גאַס: אַ כאָר פון קינ־דער פּיפּצענדיג ווי פויגעלעך, באַפרייטע פון זייער שטייג פון איין זייט, און אַ קול ווי פון אַ בייזע בת־היענה פון דער אַנדערער זייט. דאָ האָט מען אַזוי ווי גערעדט און דאָרטען דאַכט זיך געענטפערט. און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער אָט דיעזע ווערטער:

### קינדערכאָר:

פאַרשפּאַרטע, פאַררינגעלטע,
באַשטראָפטע, געפּריגעלטע,
מיט ביכער פאַרשטעלט,
אונז האָט מען, פאַרציטערטע,
מיט חכמה געפיטערטע,
אַ טאָג לאַנג געקוועלט.
איצט טאַנצען מיר, שפּרינגען מיר,
איצט הולענען, זינגען מיר,
באַפרייטע אין גאַס;
די לעהרערס באַפעהלען נים,
די לעהרערקעס קוועלען נים,
מען איז נים אין כעס.

### די בת־היענה:

אַ שולע אַ שטרענגערע,
מיט שטונדען פיעל לענגערע,
וועט זיין די פאַבריק.
און אַלע נאָך פאַרציטערטע,
נאָר מעהר נאָך פאַרביטערטע,
וועט איהר זיין אין צוויק.

דאָך ווען איהר וועט אויפהערן
צו דיענען דעם קויף־הערן,
פאַרשפּאַרט אַ צייט לאַנג,
וועט איהר מוזען וואַנדערן
זיך ז ו כ ע ן אַנאַנדערן,
און דאַן — אויס געזאַנג!

קינדערכאָר:

אונז אַרט די פאַבריק ניט היינט,
מיר זוכען קיין גליק ניט היינט,
מיר קוקען ניט ווייט;
איצט ווילען מיר הולענען,
זיך יאָגען און קולענען,
פאַרברייגען די צייט!

„בראַוואָ, קינדער!" האָב איך אויסגערופען, פאַרגעסענדיג אָן מיין פריהערדיגע אויפרעגונג — „הוליעט, שפּרינגט, טאַנצט, איצט איז אייער צייט!"

און דאַן האָב איך דערהעו'ט די באַקאַנטע שטימע פון דעם

פרייהייטס־גייסט.

אין שולען שטודירענדיג,
אין גאַסען שפּאַצירענדיג,
ביים שפּיעל, ביי דער לעהרע
בערייטעט זיך פאָר —
צום פאָלק צו געזעלען זיך,
אַלס מענער צו שטעלען זיך,
פאַר ליעבע, פאַר עהרע,
פאַר רעכט — יונגער דור!

צו מאַכען פאַר פרייערע
די קינדערלעך אייערע,
אום זיי זאָלען זינגען
הארמאָניש אין כאָר —
אלס קינדער שטודירענדיג,
און דאַן פּראָדוצירענדיג,
ווען איהר ווערט באצווינגען
דאָס געלד — נייער דור!

* * *

איצט נעהט, ליעבע טייבעלעך,
ערפרישט זיך די לייבעלעך,
נעהט זינגען, נעהט שפּרינגען,
נעהט — קינפטיגער דור!

דאָס איז אָבער נור געווען א חלום. ווען איך האָב מיך אויפ־געכאפּט האָט מיר געשטאָכען איןביידע זייטען. פרעמדע הענט האָבען מיר געגעבען א זופּ און א בים. מיינע אייגענע האָבען נאָך אימער געסטרייקט.



## XX

## וואו האלט איך אין דער וועלט?

אָה, ניין! אמעריקא מעג זיך זיין א גאנץ פיינע מדינה, אָבער זי קלעפּט זיך אזוי צו פילאָזאָפיע ווי... איהר מיינט אודאי, איך וועל זאָגען: ווי אן ארבעס צום וואנד? איהר האָט א טעות. איך זאָג ניט וואָס אלע זאָגען. דאָס איז ניט מיין שטייגער. איך קען דאָס ניט. הלואי וואָלט איך דאָס געקענט, דאַן וואָלט איך ניט געהאט א שם פאר א מטורף און וואָלט אויסער דעם איצט געהאט א בעסערען, פעטערען, זיסערען עלטער. וואָס וואָלט מיר געפעהלט ווען איך וואָלט נור געקענט נאָכזאָגען וואָס אלע זאָגען? העכ־סטענס פיליכט עהרליכקייט און יושר, אָבער דערפאר וואָלט איך שוין לאנג געוועזען א ברייטליכער, קיילעכדיגער, שווארץ־געקליי־דעטער, שטייף־פארקניפּעלטער, היינט־וועלטיגער ראבינער, א ראַ־בינער מיט א ווייסע האלזקע; מיט אן אכטשפּיציגע, קוואדראט־נע, פיין־געפרענזעלטע יארמעלקע; מיט א שטעהענדיגען קאָל־נער אויפ'ן שטייפען האידאַק; מיט א געבילדעטע נשמה יתירה אויף שבת און מיט א גלאַטע מאָרדע יתירה אויף א גאַנצע וואָך; מיט א פעטען חלק ביי א חתונה און מיט אויסזיכט אויף א חלק ווען די גאולה וועט קומען; מיט די זיכערהייט צו קומען צו קבר ישראל נאָכ'ן טויט און צו רייכע בעלער ביים לעבען; מיט דער האָפנונג צו הערען שופר משיח אמאָל און אדעלינא פאַטטי איידער־וואָס־ווען. אמאָלע וואָס? אלץ: א מטבעה פאר א מזל־טוב, א מטבעה פאר א בר־מצוה, א מטבעה פאר א חתונה, א מטבעה פאר

א גט, א מטבעה פאַר א זילבערנע האַכצייט, א מטבעה פאַר א טויט, א מטבעה פאַר אַן אַל מלא רחמים, א מטבעה פאַר יעדע שמחה, פאַר יעדען קלאַג און ביי יעדער אַנדער געלעגענהייט. מטבעות, א סך מטבעות און דערפון א טשעק־בוך, און דערפון פּראַצענט, און דערפון פרישע מטבעות, נאָך מעהר טשעק־בוך און אזוי ווייטער און ווייטער אזוי לאַנג ווי דער רעדעלע דרעהט זיך. אָבער איך קען ניט זאָגען דאַס וואָס אַלע זאָגען, — אזא פינס־טערער מזל איז מיינער. קען ניט, און א סוף.

אָט נעהמט א ביישפּיעל (דאָס וועט איך קיינער ניט פאַר־וועהרען צו נעהמען, אויף דארויף איז ניטאָ קיין מאָנאָפּאָל; דאָס איז ניט קעראָסין, דאָס געהערט ניט צו א ראקעפעלער; א ביי־שפּיעל איז א הפקר זאַך, הפקר ווי דעם ארבייטער׳ס געזונד, ווי זיין ווייב׳ס טרערען, ווי זיין טאָכטער׳ס יאָהרען; א ביישפּיעל קענט איהר נעהמען פון אַלץ, פון יעדערען, פון אומעטום, דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דער פּאָליציי, דארויף האָט קיין אַלדערמען, קיין סענאַטאָר ניט קיין שליטה; דאָס איז פראַנק און פריי פאַר יעדערן — ווי א גוטען אידען׳ס א שמעק טאַבאַק, ווי דער „זשאַרגאָן” פאַר אַלע וואָס קענען האַלטען א פעדער אין האַנד ווי א שנאַפּס אין עלעקשאָן־צייט, ווי דאָס רעכט צום הונגערען, ווי א ליגען אויף דער בערזע. איהר מעגט נעהמען א ביישפּיעל, זאָג איך) אָט דערפון:

אַלע זאָגען אַז שוואַרץ איז ווייס ווען עס שטעהט נאָר ערגעץ־וואו שוואַרץ אויף ווייס, איבערהויפּט ווען דאָס שטעהט שוין לאַנג פון הונדערטער, טויזענדער יאָהרען. איך קען דאָס ניט נאָכזאָגען. איך קלער נאָך, איך קלער איבער; איך קלער, אַז אפילו א מינסקער איד האָט א רעכט צו קלערען ניט דוקא מעד אויף פּסח אַליין.

אַלע, ווידער, זאָגען אַז ארייַנקרוישקען זיך אין קבר איז נור א מין געהן דורך דר׳ערד אין א בעסערע וועלט אריין, פאַר דער צייט נאָך דער צייט — וואָס מאַכט דאָס אוים, זאָגאַר בעסער וואָס פריהער, ווייל מען שלעפּט אויף זיך וועניגער זינד אין די נייע

דירה אריין, — אַ דירה פּאָר וועלכע מען צאָהלט איין מאָל נור רענט און דאַן וואוין און וואוין ביז מען וועט דיך דאַרפען נעהמען קייקלען קיין ארץ־ישראל. אזוי זאָגען אלע. קען איך דאָס זאָגען? קענט איהר דאָס גאָר פון מיר פאַרלאַנגען? נהעמט נאָך אַ ביישפּיעל — לעולם תקח!

אלע זאָגען, אז ווען מען האָט נאָר אַ שעהנעם אויסקומעניש, דאַן דאַרף מען ניט די אלע קונצען, דאַן איז, פון זייערטוועגען, דער פּראָגרעס אַ הונד, דער אמת — אַ נאַר, די עהרליכקייט אַ כשר'ע בהמה'לע, די גלייכהייט אַ פּוסטער חלום, די מענשענליעבע אַ מין שכרות און די פריהייט אַן אויסגעלאַסענע חצופה. קען איך אזעלכע זאכען נאָכזאָגען? נאָכזאָגען נאָר דערפאַר ווייל אלע זאָגען? און ווער זיינען דאָס די אלע? זיי זיינען אפילו ניט אייראָפּעאישע אלע — אין אייראָפּא ווערען דיעזע אלע וועניגער וואס פון טאָג. דאָס זיינען אַמעריקאַנער אלע, הימעל־לופט־און שווינדעלדיגע אלע.

זיי נאָכטאָן? ניין, ברידערלעך! איך זאָג ניט, אז די פילאָזאָפיע קלעפּט זיך צו אַמעריקא ווי אַן ארבעס צום וואַנד. איך האָב מיר מיינע אייגענע משלים. זאָלען מיר אזוי ניט פעהלען קיין באַקציינער ווי מיר פעהלט ניט גלייכניסען, הלואי ווייטער!

נאָר וואס אייגענטליך האָב איך געוועלט אויספיהרען? אָט דאָס, זעהט איהר, איז מיר שוין צייטענווייז יאָ שווער. איך האַלט אז אויספיהרען איז איבערהויפּט ניט לייכט. ביסמאַרק האָט דאָס אויך אויסגעפונען אויף דער עלטער, גלעדסטאָן אויך און קריספּי וועט דאָס אין קורצען אויסגעפינען. וואָס מען זאָגט כל התחלות קשות איז ניט אימער אמת (נאָך אַ באַווייז אז מען דאַרף ניט זאָגען וואס אלע זאָגען). אָנהויבען איז לייכט, אויספיהרען איז שווער, ווי דער חזן (אויף אַ פּראָבע) האָט געזאָגט, ווען ער איז געבליבען שטעקען אין מיטען לכה דודי, זיך האַבענדיג צו הויך פאַרנומען אויפ'ן קוויטש.

נאָך אמאָל. וואס האָב איך געוועלט אויספיהרען? איך וועל זיך דערמאָנען. איהר ווארט נור. דערווייל מעג איך אייך אָנזאָגען א שמחה: מיין אייניקעל מאכט שוין העמדער ווי א געבאָרענע מאמע אין דער ליטא. נאָך איין שפּרונג — איז ער אין „קאָלעדזש". אזוי שרייבט ער פון ניו יארק.



## XXI

## וועגען דעם אינהאלט פון דעם נעקסטען קאפיטעל.

גאנץ ריכטיג! וואס איך האב געוועלט אויספיהרען איז איינ־פאך דיעזעס: — אמעריקא קלעפט זיך צו פילאזאפיע פונקט אזוי, ווי יעלה ויבוא צו גרינדאנערשטאג. ווארום, פרעגט איהר? אט וועל איך אייך זאגען.

אמעריקא און פילאזאפיע זיינען צוויי, אבער ניט א פאר, ווי דער זינדיגער גוף, למשל, און די הייליגע נשמה ביי די פרומע אידען. וואס איז דאס פאר א זיווג, ווען דער גראבער יונג — דער קערפער — האלט אין איין שטאפען זיך, אין איין געלוסטען נאך אלערליי תאוות, אין איין וואלגערן זיך אויף ווייכע פערינעס, וועהרענד זי, די נשמה, די גאטספארכטיגע צנועה, די עדעלע באשעפעניש, וואס הערט ניט אויף צו בענקען נאכ'ן כסא הכבוד, פון וואנען זי שטאמט, — וועהרענד זי, זאגט מען אייך, וואלט נאך אנאנד שפרינגען קדוש, נאך אנאנד שרייען שמע ישראל און אייביג פאלען כורעים און פאלען ניט ווי יודעל באלבירישקער אום צו קאיען די שטרוי אויף דער ערד, ווי א געבארענע בהמה, נור גאר פשוט אום צו קניען און צו בוקען זיך און צו שמעקען מיט'ן נאז די הייליגע בלאטע, וועלכע די פרושים האבען אנגע־טרעטען. א שעהנער זיווג, כ'לעבען! און אט אזא פאר פאלק זיינען יענע: אמעריקא און פילאזאפיע.

באטראכט זיי נור א ווייליכקע. גיט א קוק, אט איז די פי־לאזאפיע. זעהט איהר איהר? איך קען גאר אהן שפאקולען זעהן

ווי זי שטעהט זיך דאָ איינגעבויגען די אַלטיטשקע, — איינגעבויגען ווי אַ חלב'נע ליכט אין תמוז; מיט קאָרטשעס אויף איהר הויכען שטערען, גערונצעלט ווי די קאָרע אויף אַן אַלטען דעמב; מיט אַ פּאָר אויגען, מאַט און אָהן אַן אויסדרוק (פון לייענען די ביכער) ווי די שמחה אויף אַן ארבייטער'ס חתונה. אָט שטעהט זי די אַלטיטשקע. זי, וועלכע האָט געהאַט פון איהר ערשטען מאַן — שכל קלערניק, עליו־השלום, אזעלכע גראָטענע קינדער ווי קאָנפּוציוס, סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, און אריסטאָטעל; פון איהר צווייטען מאַן — נחמיה פרומאַק — אזעלכע קינדער ווי בן־סירא, מיימאָנידעס און צעהנדליגע אַנדערע און פון איהר דריטען מאַן — רב שמואל דעם פּאַרשער — אַ קאָפּערניק, אַ גאַליליי, אַן אייזיק ניוטאָן און זייערע יורשים ביז היינטיגען טאָג, — אַלץ מענשען, וועלכע מען געדענקט אָהן מצבות און אָהן יזכור; מענשען, פון וועלכע מען וויים, ניט אַריינקוקענדיג ניט אין דעם ווילנער לוח און ניט אין דעם אַלטען אַלמאַנאַך פון גאָטהאַ, וואָס זיי ביידע האָבען אין זיך לייסטערס פון געקרוינטע פּוסטע קעפּ.

אָט שטעהט זי די אַלטישקע מיט איהר אויסגעמוטשעטען קערפּער אויף די פיס, מיט אַ גרויסען הויקער אויפ'ן קערפּער, מיט אַ לעבערדיגען צודעק אויפ'ן הויקער מיט פיעל שטויב אויפ'ן צודעק, מיט אָנגעטריפטע חלב אויף די שטויב און מיט אַ פּאָלקאָמענע גלייכגילטיגקייט צו די חלב, צו די שטויב, צום צודעק, צום הויקער, צום קערפּער און צו די שוואַכע פיס. איהרע געדאַנקען זיינען פּאַרטאָן אין הויכע ענינים. זי וויים, נאַטירליך, גאַנץ גוט אַז אַ הויקער אויף אַ רוקען איז ניט הלכה למשה מסיני, אָבער וואָס קימערט איהר דאָס, ווי קען זי אַרום דעם טראַכטען ווען זי זעהט ווי עס וואַקסט אָהן אַן אויפהער אַ בייזער און פיעל גרעסערער קאַפּיטאַליסטישער הויקער אויף די ציוויליזאַציע, — אַ הויקער וואָס דריקט איהר אזוי אַרונטער, וואָס ווערט אזוי גרויס, אַז די ציוויליזאַציע זעהט אויס לויטער הויקער, איין אונגעהייערע, מורא'דיגע מכה מיט אַ פּאָליטישען ווערך אויף זיך? איהר קימערט דערפאַר ניט איהר אייגענער „האָרב" און אזוי אַרט איהר

איך ניט איהר לעבערדיגער צודעק, ניט די שטויב אויף איהם און ניט די חלב אויף די שטויב. וואס פאר א באדייטונג האָבען זיי אלע לגבי די מאסע אָנגעשמאָלצענע פלעקען פון די גראָשענע שמיל־קעדיגע צייטונגס־ליכטלעך, וועלכע קלעפּען זיך צו די אבערגלוי־בען־שטויב אויף דעם רעליגיעזען מאנטעל מיט אלע זיינע פאר־לאָטעטע און ניט פארלאָטעטע לעכער, וואָס זי זעהט אויף דעם הוי־קער וועלכען איך האָב אייך געשילדערט?

און אָט שטעהט זי, די אלטיטשקע לעבהאפטיג פאר מיינע אויגען און מיר דאכט זיך אז איך הער איהר זאָגענדיג: „שלעכט, שלעכט! די האבזוכט האָט געמאכט א תל פון מיין גאנצע אר־בייט. איך האָב אויפגעריהרט די מוחות, האָב אריינגעגעבען דעם מענשען פארנונפט צו פארוואנדלען וויסטענייען אין וויינגערטנער און די האבזוכט פילט אָן יעדען וויינטרויב מיט גיפט פאר מיליאָ־נען, נאָכדעם ווי זי אליין זויפט אויס די ערקוויקענדע זאפט; דורך מיין האָרעוואניע האָט מיין שוועסטער די וויסענשאפט פאר־איייניגט די פעלקער, פארשמעלערט די ימים, פארקירצט די ווע־גען, צוזאמענגעבראכט אלערליי ראסען, וועלכע האָבען פריהער איי־נע די אנדערע ניט געקענט און ניט געוואוסט, און די האבזוכט, די געלדזוכט, די כאפּזוכט — וויים דער שווארצער יאָהר ווי זי הייסט, — מאכט צווישען זיי נאָכאנאנד אָן פלאָטקעס און דער־ווייטערט די צונויפגעקומענע און צערשפּליטערט די פאראייניגטע און פארפיינדעט די פארברידערטע. שלעכט, זעהר שלעכט. וואס טוט מען?"

און זי שטעהט און קלערט.

א פיינע אלטיטשקע, ניין? און אַמעריקא? איך בין מיעד. איך וועל אייך פילייכט איהר אויך ריכטיג פאָרשטעלען, אָבער היינט בין איך, לא עליכם, זעהר מיעד. „סטאראָסט נע ראדאָסט", ליעבע קינדער.

* * *

ווען איך האָב געהאט אויפגעשריבען דיעזע ווערטער איז מיר די פעדער ארויסגעפאלען פון דער האנד און איך האָב איינגעדרע־

מעלט — איינגעדרעמעלט ווי די ניו יארקער סאָציאַליסטישע פּראָ־פּאַגאַנדאַ נאָך די עלעקשאָנס פון נאָוועמבער.

און אָה! ווי מיך פאַרפּאָלגען די חלומות! פאַרפּאָלגען זאָג איך? ניין. פאַרפאָלגונגען שוואכען אַ מענשען אָב, מיינע חלומות פאַרזיסען מיין לעבען, מיין אַלטען במעט אויסגעלעבטען לעבען; איך בין איבערהויפּט נאָר וואך בעת איך שלאָף, ווייל דער טומעל פון גאַס פאַרטויבט דאַן ניט מעהר מיין מוח און ווען איך שלאָף איין הויבט ער אָן צו ארבייטען און עס איז אַ לעבע־דיגע וועלט, און די חלומות קומען איינער נאָך דעם אַנדערען. ווי זאָגט שלמה׳ס פּאַסטושקע?

„אני ישנה ולבי ער,
„קול דופק פתחי לבבי."

(איך שלאָף און מיין הארץ איז וואך, אַ שטימע קלאַפּט אין דער טיר פון מיין ברוסט) און זיי קומען, קומען, קומען, און איך זעה מיט פאַרמאַכטע אויגען מעהר ווי אַנדערע מיט אָפענע...

ווייסט איהר? דער וואָס וויל זעהן מוז איבערהויפּט פאַר־מאַכען די אויגען, אפילו ביי־טאָג. מען שיט פון אַלע זייטען אַזוי פיעל שטויב אין די אויגען, אַז וואָס מעהר איהר קוקט זעהט איהר אַליץ ווענינגער. דער פּריעסטער, דער גאַזעטשיק, דער בודלער, דער אונאויפגעקלערטער אויפקלערער — זיי אַלע און הונדערטער אַנדערע פון זייער גאַטונג הערען ניט אויף צו שיטען שטויב; דער זעהען ווערט גאַנץ אונמעגליך.

יא, די חלומות קומען און ווען זיי קומען, דאַן זעה איך אַלעס קלאָרער ווי אויפ׳ן וואָהר. נעכטען ווען איך האָב געהאַט איינ־געדרעמעלט האָב איך ווידער געזעהן אַ חלום, וועלכען איך וועל אייך דערצעהלען:

מיר האָט זיך אָבגעדאכט, אַז... האַלט! פּאַלט אייך ניט איין ביי דיעזע ווערטער, אַז מען רופט ניט אומזיסט יעדען אי־דעאַליסט אַ טרוימער? יא, אָבער וואָס היינט איז אַ חלום, קען

מאָרגען ווערען מקוים; וואָס היינט איז אַן אידעאַל קען מאָרגען ווערען אַ ווירקליכקייט און, גלויבט מיר, עס העננט פיעל אָב פון אייך אַז דער חלום זאָל וואָס גיכער מקוים ווערען.

מיר האָט זיך אָבגעדאכט... ווייסט איהר, ברידערלעך, לאָז גאָר זיין גענוג אויף היינט... אַן אַלטער מאַן טאָר אפילו נים אָב־לעגען, אָבער איך מוז. ווארט ביז איבער אכט טאָג.



## XXII

## עס ציהט זיך ווי פון פעך.

איהר זייט גערעכט. אז מען זאָגט צו דארף מען האַלטען וואָרט. געוויס! און איבערהויפּט ווען דאָס איז אזוי לייכט. דערצעהלען א חלום! דאָס איז א זאך, וועלכע דארף א מענשען ניט פאַלען שווער; דאָס דארף יעדערער קענען. שווער איז אויסלעגען א חלום, הגם ניט אזוי שווער ווי אויסלעגען געלד פאַר א גוטען פריינד ווען דער גוטער פריינד איז ניט קיין רייכער מאַן. אויסלעגען א חלום איז שווער, אָבער דערצעהלען, דערצעהלען איז לייכט, איז... אויסלעגען, דערצעהלען — דערצעהלען, אויסלעגען... קינדער, עס איז שווער צו שרייבען אין די ניין טעג... עס איז היינט אזוי היים ווי אן אקאָרשט געגרינדעטע סאסייעטי; עס ברענט די זון אזוי ווי זי וואָלט געווען א לאַדי׳ער חסיד; מען שוויצט ווי אברהם אָבינו אין קאַלכאוויווען; עס קלעפּט זיך צו דאָס העמד צום לייב ווי דעם ארבייטער׳ס פאַרדיענסט צו דער האַנד פונ׳ם באָס; דער מוח איז צוטומעלט ווי א גרינער אין קעסעל גאַרדען אין ניו יארק; דאָס בלוט איז צוקאָכט ווי א גוט־באַצאָהלטער סאַרוועך אויף א גבירישע חתונה; מען איז שלעפעריג ווי דער רב אין קלויז ווען דער שטאָדט־מגיד זאָגט א דרשה. עס איז היים, עס ברענט אין די ניין טעג...

פאַרציִיטען איז מען געווען קיהלער. א איד האָט ניט געגעסען קיין פלייש אין די ניין טעג צווישען ראש־חדש אָב און דעם חורבן בית המקדש, און עס איז געווען קיהלער, אָבגלייך יע־

דער האָט געהאַט פאַר די אויגען די גרויסע שׂרפה פון דעם ערשטען און דעם צווייטען ירושלים׳ער טעמפעל. עס איז געוועזען, זאָג איך, קיהלער, מחמת מען האָט זיך ווענינער געשטאָפּט מיט אָקסען־פלייש... וואָס זאָגט איהר? הײַנט שטאָפּט מען זיך אויך ניט מיט אָקסען־פלייש, סײַדען מען האָט אָקסען, וועלכע געהען אין יאָך צוערשט און לאָזען זיך שפּעטער שינדען? ווי קלוג איהר זייט געוואָרען! מען מוז זיך היטען ווי מען רעדט מיט אייך, כ׳לעבען! איהר זייט אפשר גערעכט אויך, אָבער אויסרעדען דאַרפט איהר אַ מענשען לאָזען... לאָגיק פאַרלאַנגט איהר? פון ווען אָן זייט איהר דאָס געוואָרען אַזעלכע שטרענגע פאַרלאַנגער? מיין לאָגיק וועט אייך ווענינ־וואָס געבען, פאַרקרענק איך דעם האָר וואָס איך אליין האָב פון איהר. לאָגיק פאַרלאַנגען זיי, אַ מציאה מיט די לאָגיק! איהר וואָלט בעסער פאַרלאַנגט מענשען־רעכטע, ארבייטער־רעכטע: למשל, דאָס רעכט צו האָבען אַ ווייב און אַ קלייד פאַר איהר; דאָס רעכט צו האָבען קינדער און זיי צו קע־נען אי קאָרמענען אי ערציהען; דאָס רעכט צו האָבען ביבליאָ־טעקען און צו פאַרשטעהן די ביכער אין זיי; דאָס רעכט צו האָ־בען גערטנער און איינצואָטמען די פרישע לופט — ניט געהענדיג פון בעט אין פאַבריק און פון פאַבריק אין בעט, פון אָן אונטער־שטען פייכטען סקלעפּ אין אָן אויבערשטען עטאַזש פון אַ טענע־מענט־הויז, פון שברי־לב אין דער היים צו דער שקלאַפעריי ביים מייסטער. בקיצור, פאַרלאַנגט בעסער דאָס רעכט צו לעבען ווי מענשען, וועלכע ווייסען אַז דער ראָד פון מאַשין דאַרף זיין אַ דיענער ביי זיי און ניט פאַרקעהרט, זיי משרתים ביים ראָד. אַזוי פאַרלאַנגען וואָלט געהאַט אַ זין, אָבער מיין לאָגיק איז פאַר אייך ניט ווערט אַ פּייאַס. איהר... אָבער וואו האַלט איך?

יאַ, עס איז הײַם אין די ניין טעג. מחשבות׳ן! וואָס וואָלט דער שיקאַגאָ׳ער פלייש־טראָסט געטאָן ווען אַלע אידען וואָלטען געוועזען פרום דאָ אין אַמעריקא! מיט אַ מיליאָן מענשען אין לאַנד, וועלכע זיינען גאַנצע ניין טעג וועגעטאַריאַנער, וואָלט דער טראָסט געבראָכען געוואָרען... אַי בין איך הײַנט צומישט!

איך וועל אייך דערצעהלען מיין חלום, נאָר איך קען דאָס ניט היינט. א חלום דאַרף מען דערצעהלען גלאַט און סקלאַדנע, אַזוי גלאַט און אַזוי סקלאַדנע, אַז אייך זאָל זיך חלום׳ען, אַז עס חלום׳ט זיך גאָר ניט, אַז דאָס וואָס מען זאָגט אייך איז אַזאַ ראַ־יעלע טאַטזאַכע ווי אַ חליושק מיט אַ קאַזאַצקע נאַגאַיקע. אויסער־דעם דאַרף מען אפילו אין אַ חלום היינטיגע צייטען האָבען וואָס מיר, געבילדעטע מענשען, רופען פּסיכאָלאָגיע. דערצו אָבער דאַרף ניט נאָר זיין אַ ר ו ם אייך קיהל, דערצו דאַרפט איהר אַ ל י י ן זיין קיהל. איהר טאָרט זיך ניט נעהמען צו פּסיכאָלאָגיע אין אַזעל־כע וועטערען ווי די איצטיגע. אַ קלייניגקייט, פּסיכאָלאָגיע! דאָס הייסט דאָך גאָר פּשוט ווערען, ווי כביכול דער רבונו־של־עולם, אַ בוחן־לבבות. דאָס הייסט דאָך אויף פּראָסט אידיש אויסטאָן די שטיוועל און אַריינקריכען אויף אַלע פּיער אין אַ מענשליכע האַרץ און דאָרטען זיך גריבלען און עגבערן און שפּיאָנעווען און האָרכען און זעהן יעדע ברעקעלע. אָהן דעם ריהרט מען זיך היינטיגע צייי־טען ניט פון אָרט. היינט איז יעדער איינציגער, וואָס קען נאָר אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף אַ תנאים, אַ גאַנצער פּסיכאָ־לאָג. היינט קענט איהר איינפאַך ניט דערצעהלען אפילו אַז אַ קוה איז געפלויבען איבער׳ן דאַך און האָט געלעגט אַן איי. איהר מוזט פּסיכאָלאָגיש צוגליעדערען די געפיהלען פון די קוה בעת זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט די פליגלען און וואָס ביי איהר אין האַר־צען האָט זיך געטאָן בעת זי האָט גענומען געהן צו־קינד, דאָס הייסט צו־איי, און וואָס זי האָט געמאַכט פאַר אַ מינע בעת זי האָט דערזעהן די פּרוכט פון איהר קיהישען ליעב און אַזוי ווייטער אויף לכל הפּחות צעהן אָקטאַווא־בלעטער קליין געדרוקט און גוט צונויפגעשטאָפּט.

איהר מוזט דאַרום וואַרטען נאָך אַ וואָך, ביז נאָך תשעה באב.

ווי איז אייך געגאַנגען דער תענית? נאָר איהר זייט דאָך געוואוינט צו סלעק, דאַכט זיך.

XXIII

## גאַנצע און דערוואַקסענע.

ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז אפילו אַ חלום הענגט אָב פון׳ם מזל. אָה, יאַ, אַ חלום — אַ חלום איז ניט גלייך, און וועהרענד מאַנכע חלומות ווערען געבאָרען אַזוי ווי אין העמדעלעך, טראָגען אויף זיך אַנדערע דעם שטעמפּעל פון טויט און פארגעסענהייט גלייך ביי זייער געבורט. עס זיינען דאָ חלומות וועלכע ווערען געלייענט שנים מקרא ואחד תרגום פון וואָך צו וואָך, וועלכע ווערען געלערענט און איבערגע... איבערגע׳דבר־אחר׳ט (דער אויסדרוק, וועלכען דער עולם געברויכט, איז צו גראָב) אין אַלערליי חדרים, ווענינסטענס איין וואָך אין יאָהר; חלומות, ווי פּרעה׳ס מיט די זיעבען פעטע קיה און מיט די זיעבען פעטע זאַנגען, וועלכע די מאָגערע זאָלען האָבען איינגעשלונגען. זיי ווערען דערצעהלט פאר קליינע קינדער מיט קליינע מוח׳לעך, קינדער וועלכע זיינען נאָך ניט ראַיאַליסטען גענוג אום זיך צו אינטערעסירען מיט אַן עגיפּטישע מאַיעסטעט; נאָך ניט אָקסען גענוג זיך צו קימערען וועגען איינגעשלונגענע קיה; נאָך ניט תבואה־הענדלער גענוג זיך צו דרעהען אַ קאָפּ וועגען גוטע און ניט־געראָטענע יאָהרען און נאָך ניט גאַנצע און דערוואַקסענע סאָציאַליסטען גענוג אום אַז זיי זאָלען ריכטיג באַגרייפען אַ מכירת יוסף, דאָס הייסט ווי אַזוי עס קומט, אַז צווישען מענשען פארקויפט אָדער פארדינגט איין ברודער דעם צווייטען אין שקלאַפעריי... מחשבות׳ן! איהר מעגט פיעלייכט ניט וויסען, אַז ניט אַלע סאָציאַליסטען, אפילו צווישען

די וואס זיינען מעהר ווי פינף יאָהר אַלט, זיינען ג א נ צ ע און ד ע ר ו ו א ק ס ע נ ע. אין די פרייע לענדער האָב איך געטראָפען זעהר וועניג אזעלכע סאָציאליסטען, ווייל דאָ איז לייכט צו ווערען אַזאַ־און־אַזאַ איסט, מען דארף נאָר זאָגען ווי א סאַלוויי־שען־אַרמייניק: „איך גלויב” און מען איז געראַטעוועט. ביי אונז אין רייסען, אָדער אפילו אין דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, אין איטאַליען, וואו דער נאָמען סאָציאַליסט (ווי אינ'ם מיטעלאַלטער דער נאָמען איד און פּאַרצייטען אין רוים דער נאָמען קריסט) שמעקט מיט טורמע, אמאָל מיט דער תליה, דאָרטען כאַפּט זיך ניט יעדער צו דעם נאָמען, אָבער דער וואָס טראָגט איהם יאָ, טוט דאָס מיט'ן גאַנצען הארצען און אזעלכער איז א גאַנצער, א דערוואַקסענער סאָציאַליסט, אָפט וואַקסענדיג און געדאַיענדיג אונטער'ן ראַפּניק, אין קייטען, אין אַן ענגע יאַק, אויף ברויט און וואַסער, צווישען שרצים אין א קעלער, אונטער שרצים אַלס אויפזעהער.

אָבער אין די פרייע מדינות, אין די מדינות וואו מען האָט די פרייהייט צו זיין א שקלאַף, און מען באַנוצט איהר, דאָ איז לייכט צו ווערען, וועניגסטענס זיך צו רופען וואס איינער וויל נאָר. מען דארף דאָ ניט אויסצייכנען זיך פאַר א טיטעל, מען דארף דאָ ניט פיעל לערנען פאַר א דיפּלאָם און מען קען זיך טאָן אין דערהיים וואָס מען וויל, כל־זמן מען קומט אמאָל אויף א פאַרזאַמלונג און מען קלאַפּט א האַנד אָן א האַנד ווען איינער שטעהט און רייסט זיך דעם האַלז.

גאַנצע און דערוואַקסענע סאָציאַליסטען זיינען דאָ ניט פיעל פאַרהאַנען. די מייסטע, וועלכע רופען זיך דאָ סאָציאַליסטען, זייגען פערטעל'דיגע, האַלבע, דרייפערטעל'דיגע און אָפט אידעאַליסטישע קאַרליקעס; מיט א קאָפּ העכער ווי די בלאָטע; מיט שוואַכע פיס, וועלכע בויגען זיך ביי די ערשטע קלענסטע געפאַהר; מיט מענשענליעבע, וועלכע ווערט פאַרגליווערט א טאָג נאָך דעם ערשטען דיענסטאָג אין נאָוועמבער; מיט אַן אידעאַל, וועלכער דיענט ביי זיי פאַר א יום־טוב'דיגע קאַפּאָטע: צום טראָגען ביי א גרינדונגס־פעסט, ביי א פּיקניק, ביי א מאַסענפאַרזאַמלונג ביי א

סאָציאַליסטישען קאָנצערט, וואו מען אמוזירט זיך לכבוד די דריי־איינינקייט: פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, די איינ־ציג־הייליגע טראַיצע, לכבוד איהר, וועלכע האָט ביי איהר געבורט געהערט די קללה „בדמיך חיי, בדמיך חיי” און האָט זיך אין בלוט געהאָדעוועט, אין ערדלע, ערהאבענע, הייליגע בלוט.

דאָ געפינט זיך אַ סך אונגעהובעלטע, אונגעשליפענע, אונגע־לערענטע סאָציאַליזמוסען אין דעם אונגליקליכען פאָלק, — אין דעם פאָלק, וועלכעס ליידעט און הונגערט און ארבייט און סטרייקט און האלט זיך אין אחדות. דאָ... אָבער איך בין פארקראָכען צו ווייט. וואס וועט ווערען פון מיין חלום? אָה, האָב דעם חלום אַ גוטען יאָהר! לאָמיך ארויסרעדען אלץ וואָס איך האָב אויף מיין הארצען... דער טאָג וועמען איהר לייענט דאָס איז מיין געבורטס־טאָג, איך ווער זיעבעציג יאָהר אַלט און אַן אַלטער מאַן, ווי איך האָב אייך שוין פריהער אמאָל געזאָגט, טאָר ניט אָפּלעגען. ווער וויים וואָס קען פּאסירען? מאָרגען קען איך זיין אויס־מענש דורכ'ן טויט, אָדער אויס־סאָציאַליסט דורך אמעריקא. דאָ איז מען נאָך וועניגער זיכער מיט'ן אידעאל ווי מיט'ן לעבען. אווירא דאמעריקא מחכים, קען מען דאָ זאָגען: די לופט פון אמעריקא מאכט קלוג, מאכט פּראקטיש און ווי עס ווייזט אויס איז עס קלוג און פּראקטיש צו פּאראכטען אידעען, וועלכע זיינען ניט געדרוקט אויף גרינע פּאסיקלעך פּאפּיר. וואָרים, ווי זאָגט יענער? (ווי ער הייסט וועל איך אייך ניט אויסזאָגען, — דאָס איז אַ סוד): —

אין דעם שטרודעל פון דעם בודעל
טרענקט זיך, ווי אַ טויטער פּודעל,
דאָ אַן אידעאַל;
און ער טרענקט זיך, און ער לענקט זיך
צו זיין אונטערגאַנג, און שווענקט זיך
אין דעם בייזען קוואַל.

קיינער פרעגט ניט: וואָס ער רעגט ניט
זיינע גליעדער, און באוועגט ניט
מענשענהערצער מעהר.
„לאָז ער דארבען, לאָז ער שטארבען,
אויף די אויגען שנעל א שארבען,
רידלען שנעל אהער!"

צייט איז טייער, און דער „פרייער"
דאָ אין לאנד האלט אז כדאי'ער
איז צו מאכען געלד;
מעגען פאלען אידעאלען,
דאָ איז קיינער ניט קיין בעלן
אויף די קרוין פונ'ם העלד.

פילאָזאָפען מעגען שטראָפען,
זאָגען מוסר געגען „בלאָפען",
דאָס איז זייער זאַך;
דאָך ר' יודעל ליעבט א שטרודעל,
וואו דער בלאָף שווימט אויפ'ן בודעל,
ביז עס קומט א קראַך.

ווערהענד בלק וואָלט ישראל'יק
קענען לערנען מיט עמלק
פון דעם קאפיטאל;
דען זיין בלאַסע, שוואכע ראַסע
האָט דערלאנגט דער שקלאפען־מאסע
פערדינאנד לאסאל.

אָה, איך בין גאָר אין גאנצען פארקראָכען אין'ם אלף הששי אריין. פרעה'ס חלום, מיין חלום — אלץ אוועק אין עולם התהו. נאָר דערצעהלען וועל איך אייך, לאָמיר נאָר אָב'פטר'ן מיין גע־בורטסטאָג. טאָמער פארגלוסט זיך ווענען עס איז מיר צו געבען א מתנה זאָל ער מיר געבען א באוויין, אז ער איז א גאנצער און א דערוואקסענער . . . איהר פארשטעהט דאָך, וואָס איך מיין.

# XXIV.

## מיין חלום.

**הייסט עס איך האָב יענעם אָווענד איינגעדרעמעלט.** און מיר האָט זיך אָבגעדאכט אז איך זעה פאר מיינע אלטע אויגען א וואונדערבארע געשטאלט. ווי זאָל איך זי באשרייבען? א הארטע, שטאָלענע פעדער, געבאָרען אין א שקלאפישע פאבריק, צווישען רעדער און שרויפען, וועט דאָס גאָר ניט קענען. יענע געשטאלט צו באשרייבען דארף א פעדער האָבען א לעבעדיגע זאך — ווען אויך נאָר א גאנז — פאר א מאמען. ווי דום א גאנז זאָל ניט זיין, האָט זי אימער עטוואָס געפיהל אין הארצען, עט־וואָס פארשטאנד אין מוח און אויגען אין קאָפּ. א פעדער, וועלכע קומט פון אזא לעבעדיגע באשעפעניש איז אימער געבאָרען, גע־האָדעוועט, אויסגעוואקסען, ניט פאבריצירט, ניט אויסגעגאָסען פון א פורעם, ניט געמאכט פונקט ווי אלע אנדערע טויזענדער; זי האָט וואָס מען רופט אן אינדיווידואליטעט, אן אייגענעם פנים, א באזונדערען ספּעציעלען כאראקטער. א געגזענע פעדער איז ניט אן אָפּעררייטאָר, וואָס דארף צו זיין ארבייט ניט קיין געפיהל, קיין שכל, קיין דעה; זי דארף ניט, ווי דער אָפּעררייטאָר, געהאלטען ווערען פון א געטאָקטען, קליינעם פלאָקען, מיט אן אייזערנעם גריף, וועלכער רופט זיך א האלטער, און מיינט, אז ער איז דער גאנצער מאכער, הגם ער אליין קען אן אות ניט שטעלען און טויג אָהן איהר אויף כפּרות. א געגזענע פעדער איז א זעלבסטשטענ־דיגער בעל־מלאכה וועלכען קיינער דארף ניט איינהאלטען, אויס־

האלטען און אויפהאלטען. זי קען א ו י ך פארשווארצט ווערען, אָבער ניט יונגערהייט: איידער זי וואקסט אויס, געהט זי ניט אין יאָך און אפילו ווען זי איז קרעפטיג און שטארק גענוג צו דיענען, לאָזט זי זיך ניט אנדערש פיהרען אויף פאפיר סיידען איהר בילדעט איהר אויס פאר א ניצליכען שרייב־ארבייטער; א גראָ־בען, אייזערנעם, פאררוסטען קאָקראָטש־מעסער, וועלכער טויג נאָר צום שינדען בהמות און צום שניידען זייער פלייש, וועט זי אויף זיך ניט ארויפלאָזען. אזעלכער קען איהר פילייכט צוברע־כען, אויף שטיקער צורייסען, אָבער ער וועט איהר ניט צושפיצען צום ארבייטען, ער וועט איהר ניט איינצווינגען אין זיין יאָך. א געגזענע פעדער קענט איהר ניט ווי א שטאָלענע אַפּעריטאָר־פעדער נעהמען א פארטיגע פון גאס און גלייך אוועקשטעלען ביי דער ארבייט; איהר מוזט אויף אַן ערדלען אופן איהר צושפיצען, איהר מוזט איהר שלייפען און גלעטען און דאַן ניט צו שטארק צודריקען — אניט ארבייט זי ניט. און לאַ־די וואס זי לאָזט זיך ניט מיט׳ן קאָפּ מיט אלעמען ארייגשטעלען אין א גראָבען האל־טער׳ס גריף, האָט זי האָלד איהרע פוך, איהרע קליידונג אויף זיך. זי איז א טייל פון א לעבעדיגע זאך און דערפאר האָט זי אין זיך געפיהל אפילו נאָכדעם ווי זי ווערט אָפּגעטיילט פון איהרע שוועס־טערן מיט וועלכע זי איז אויפגעוואקסען געווארען אויף איהר מו־טער׳ס פליגעל. דאָס קען מען ניט זאָגען פון א שטאָלענע אַפּעריי־טאָר פעדער, וועלכע קומט פון אן ענגע קעסטעלע, פון א מין טע־נעמענט וואוינונג, און ארבייט, און ווערט פארשווארצט, און שפע־טער, ווען זי טויג שוין מעהר צו קיין שום זאך ניט, ארויסגעוואָר־פען אויפ׳ן מיסט קאסטען, רחמנא ליצלן. ווי קען מען מיט אזא פעדער אייך געבען א באגריף פון דעם וואָס מען זעהט, ווען דאָס געזעהענע איז ניט א געוועהנליכע זאך, נאָר א גרויסע, ערהאַ־בענע ערשיינונג? ווי שילדערט מען מיט איהר אזא וואונדער־בארע געשטאלט ווי די וועלכע איך האָב געזעהן?

רבונו־של־עולם! איך וועל דיר ניט מאכען קיין קאָמפּלי־מענטען אויף ר׳ שלמה בן גבירול׳ס שטייגער; איך ווייס אז דו

האָסט זיי פּיינט, אָבער הער מיך אויס, און ערפיל מיין געבעט, און גיב מיר כוח צו דערצעהלען דאָס וואָס איך האָב געזעהן.

רבונו של עולם! דו, וואָס דו האָסט געגעבען שכל די הע־נער און די פּרייסישע נאַכטוועכטער מבחין צו זיין צווישען טאָג און נאַכט, — אַ זאַך, וואָס קיין פּראָפעסאָר פון פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע, קיין מיניסטער פון פאָלקסאויפקלערונג, קיין לעערער לעה־רער, קיין שיטערער דיכטער, קיין פילאַנטראָפּ מיט געפיהל אָהן טראָפּ, קיין אידישער בעקער־אַרבייטער, קיין „פּיור ענד סימפּעל־טאָן" וועלכער אָרגאַניזירט איהם, פאַרשטעהט ניט.

דו, וועלכער האָסט אַריינגעגעבען אָדם הראשון אַ כוח מיט זיין גלאַטען צונג דיך אליין צו נאַרען דאָרטען אין גן־עדן; זיין זוהן קין (און אַלע אַנדערע ברודער־מערדער נאָך איהם) — דיר צו וועלען פאַרמולירען דעם עסק; לבן'ען דעם רמאי פון ארם — צו פאַרדרעהען אַ מוח אַזאַ תם ווי יעקב אָבינו און דעם קעל־מער מגיד אַ צונג צו שילדערן דעם גיהנם מיט אַלע קליפּערלעך.

דו, רבונו של עולם, וואָס ביי דיר איז אַלץ מעגליך: פון אַ ציוויליזירטען ראַבינער, וואָס קען ניט פּסק'נען אַ שאלה, ביז אַן אַמעריקאַנער שמש, וועלכער רופט ניט אין שול אריין און געהט אַליין אויך ניט; פון אַ בעל קורא, וועלכער קען ניט לייענען, ביז אַ פּראָצענטניק, וועלכער קען ניט מאַכען אַ ברכה אויף די געמליכע ספר־תורה, וואס איז ביי איהם אליין געלעגען פאַרזעצט; פון במה מדליקין אין שול ביז... נאָר דו לייענסט מיין הארץ, ווי אַן אָפע־נעם בוך, און דו פאַרשטעהסט וואס איך מיין.

רבונו של עולם! גיב מיר איין שכל צו שילדערן פאַר מיינע ברידער די זאַכען, וועלכע איך האָב געזעהן אין חלום און פאַר־שטאַנען אויפ'ן וואָהר.

און איך מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג. מיין זכרון ווערט שוואַ־כער אַלע טאָג און די יונגע לייט פּאַסען אויף. אָט זאָגט מען מיר, אז איך האָב צודרומשקעט אַ פיינעם פערז פון שיר־השירים, שרייבענדיג:

„אני ישנה ולבי ער,
„קול דופק פתחי ל ב ב י",

אנשטאט צו שרייבען:

אני ישנה ולבי ער,
קול דודי דופק פתחי ל י,

ווי עס שטעהט אין פסוק. דאָס וואָלט מיט מיר ניט פאסירט אין מיינע יונגע יאָהרען, ווען מיין זכרון איז נאָך געווען אזוי גוט און שטארק ווי 95'גער ספּיריטוס; דערביי האָט מיך דער גוטער יאָהר נאָך געריסען צו כאפּען איבערזעצען דעם פסוק אויף אידיש! וואָלט איך דאָס ניט געטאָן, דאן וואָלט איך זיך אויף א ווייליגקע אמעריקאַניזירט און וואָלט ארויפגעוואָרפען דעם בלבול אויף די זעצערס, זאָגענדיג אז זיי האָבען אריינגעשטעלט צוויי איבעריגע ב'ען, אויף דעם אופן מאכענדיג פון „לי" — „לבבי". און גע־גלויבט וואָלט מיר יעדער, וועלכער זעהט ווי זיי מאכען פון גלית הפלשתי א גלות הפלישתי און אנדערע אזעלכע קונצען. איך וואָלט זאָגאר געקענט די זעצערס פארטיידיגען. איך וואָלט, למשל, אזוי געזאָגט:

ל י (צו מיר, פאר מיר) באטייט עגאָאיזם, אייגענליעבע, וועהרענד ל ב ב י הייסט מיין הארץ. איצט אָבער איז א צייט, ווען די מאשין זעצט ארוים דעם זעצער פון דער זעצעריי און דער ארבייטער, וועלכער האָט דערווייליע נאָך ברויט, איז פול מיט הארץ, ווייל ער דאגה'ט פאר זיין ברודער, וועלכער האָט קיין ארבייט ניט, און פאר זיינע ברידער, וועלכע ראנגלען זיך מיט דעם מאן, וואס האָט פון זייער פּראצע א מאשין און באנוצט די מאשין צו האָ־בען, אָהן פּראצע, נאָך מעהר מאשינען. אין אזא צייט ווערט ניט ווילענדיג פון „לי" — „לבבי" און דאָס זעצט זיך כמעט פון זיך אליין אזוי אוים.

דער פשט'ל וואָלט נאטירליך געווען א געמאטערטער, אָבער דעם עולם איז ניט שווער צו פארדרעהען א מוח מיט ווערטער: פרעגט גלעדסטאָנען, פרעגט טשאנסי דעפּיו, פרעגט אלע פרעדי־

נער אונטער דער זון און אונטער פיער אויגען. צום אונגליק האָב איך די פּאַסטושקע'ס ווערטער פאַרטייטשט און מען האָט מיך געראַפּט.

אָי, ווערט מיין זכרון שוואַך! איך אַליין אויך און דער־פאַר מוז דער עולם וואַרטען נאָך אַ וואָך.

דאַן וועגען דעם וואָרט „דודי" וועלכען איך האָב אויסגעלאָזען. דאָס וואָלט איך אויף אַזאַ'ן אופן ערקלערט: דודי איז דער טייטש „מיין פעטער" (ניט מיין פעטער איז אַ טייטש!) און אַ זעצער, וועלכער איז צייטענווייז אַ פאַרזעצער, טראַכט ניט גערן אַרום אַ פעטער און לאָזט איהם אויס.



## XXV

### די גרויסע ערשיינונג.

איך זיץ און דרעמיל.

מיט אמאָל פיהל איך ווי א צערטליכע האנד לאָזט זיך אראָב אויף מיינע צוגעמאכטע אויגען און ווישט זיי אויס.

און עס ווערט מיר ליכטיג אין אלע פיער ווינקעלעך, און די ווענט פון מיין צימער רוקען זיך אלץ מעהר און מעהר פאנאנדער, און ארום מיר ווערט פרייער און לופטיגער, און גערוימיגער, און ליכטיגער.

„וואָס האָט דאָס צו באַטייטען?" פרעג איך.

— „שטיל! קוק און שווייג, הער און רעד ניט ביז איך וועל דיר הייסען", ענטפערט מיר א שטימע, וועלכע איך פלעג אָפט הערען אין די אַלטע וועלט.

„דו ביסט דער פרייהייטסגייסט!" רוף איך אויס.

— „שטיל, זאָג איך דיר!"

און איך שווייג.

מיט אמאָל דערהערט זיך ארום מיר א גערויש ווי פון א כוואַליע וואָס קומט אויף דעם ברעג ים, העפטיג האַלזענדיג די זאמד. איך זעה א גרויסע, מעכטיגע יונגפרוי, עדעל אויפ'ן פנים, שטאָלץ אין איהר בליק און אזוי פול מיט איננערע קראַפט, ווי די געטין מינערווא. איהרע פיס זיינען אין איינפאכע סאַנדאַלען, אָבערביידע זיינען זיי צוגעטשעפּעט איינער צום אנדערען מיט א גילדערנע קייט. און איך זעה אין איהר רעכטע האנד א בעכער, ארום

און ארום געזעצט מיט דיאַמאַנטען, און אין איהר לינקער אַ גרויד
סען לעהמענעם קרוג.

„וואונדערבאַרע פרוי! ווער איז זי?" — פרעג איך ביי זיך אליין, אָבער איך האָב מורא צו רעדען. און איך שווייג.

און איך זעה ווי זי עפענט איהרע הערליכע אויגען צום ליכט צו און וויל זיך בעוועגען. עס גיט זיך אַ טרייסעל די גילדערנע קייט און זי בלייבט שטעהן אויף אַן אָרט.

אָבער ווי זי באַוועגט איהרע פיס, זעה איך פון דער ערד אַרויס־שפּראָצען מעכטיגע פּלאַנצען, וועלכע פאַרוואַנדלען זיך גלייך אין צוויי גרויסע הערליכע בוימער. און איך זעה דעם ערשטען און דערקען דעם ע ץ ־ ה ח י י ם און איך באַטראַכט דעם צווייטען און דערקען דעם ע ץ ־ ה ד ע ת.

„לעבען און וויסענשאַפט!" וויל איך אויסשרייען אָבער איך האַלט זיך צוריק און איך שווייג.

פּלוצלונג זעה איך ווי עס קומט אַ שטאַרקער ווינד און דער־לאַנגט אַ בלאָז מיט אַן אונגעהייערע מאַכט די צוויי בוימער און זייער פרוכט נעהמט זיך שיטען איבער מיילען און מיילען צום מזרח און מערב, צום צפון און דרום. און אַ רייהע גיפטיגע שלאַנ־גען קומען אַרויס פון אַרום די פיס פון די יונג־פרוי אזוי ווי אָב־געריסען פון די גילדערנע קייט און זיי פאַרשפּרייטען זיך איבער די פרוכט און קלייבען זיי צונויף אין איין אָרט.

און אַרום דעם אָרט זעה איך אַ הייפעל העסליכע, דיקע פּער־זאָנען, און געגענאיבער זיי אַ שרעקליך גרויסע הונגעריגע מאַסע.

„וואָס איז דאָס? פאַר זיי? פאַר זיי גאָר די פרוכט?" וויל איך אויסשרייען, אָבער איך שווייג.

און צווישען דעם גליקליכען הייפעלע און דעם אונגליקליכען הויפען ווערט אַלץ גרעסער און ווייטער דער צווישענשייד.

און איך זעה ווי זי הויבט אויף איהרע הענד, און דער בע־כער מיט דעם קרוג בויגען זיךביידע איין און עס גיסט זיך נעק־טאַר ווייך פון דעם בעכער און עס טריפט גיפט פון דעם גרויסען

לעהמענעם קרוג. און דער וויין געהט צום הייפעלע און די גיפט — צום הויפען.

„הייליגע געטין, אָדער ווער דו ביסט, וואָס...?" וויל איך אויסרופען, אָבער דער גייסט ווינקט מיר צו זיין רוהיג. און איך שווייג.

און פּלוצלונג הער איך אַ יובעל־שאַל פון דעם הייפעלע און דיעזען געזאַנג:

צו לעבען, צו וויסען,
דאָס לעבען געניעסען
מיט הימלישע פּרוכט און געטראַנק;
צי טויבען, צי שלאַנגען —
אַבי אונז דערלאַנגען!
מיר נעהמען און געבען אַ דאַנק.
מיר ווילען פאַרגעסען
כל־זמן ווי מיר עסען,
כל־זמן ווי מיר טרינקען דעם וויין,
צו אַנדערע לעבען;
מיר האָבען צו שטרעבען
פאַר זיך נור, אום גליקליך צו זיין.

⁂

מיר די געקליעבענע,
זיי די פאַרבליעבענע —
מיר קענען מיט זיי זיך ניט פּאָרען,
אויסער זיך רייבענדיג,
אייביג פאַרבלייבענדיג
די מיהלשטיינער איבער די קאָרן.

„פרעבע, ניעדערטרעכטיגע מענשען!" — אזעלכע און אַנ־דערע ווערטער ווילען אַרויס פון מיינע ליפּען, אָבער איך שווייג.

און דאַן הער איך אַ שרעקליכען יאָמער פון דעם גרויסען הויפען. מע זינגט? מע קלאָגט? איך הער נאָר דיעזע שטימע:

דריי שווידער־געשטאַלטען,
דריי שרעקליכע בילדער
פון מאָנסטערס, וואָס שאַלטען
און וואַלטען אַלץ ווילדער,
פאַרוויסטען דאָס לעבען,
פאַרגיפטען דעם טויט —
פון מענער און ווייבער
אין צוואַנג ביי א באַנדע,
וואָס נעהמט פון זיי לייבער
צום דיענסט צו דער שאַנדע,
הייסט שפּינען און וועבען
פאַרהונגערטערהייט —
און די דריי געשטאַלטען
פון פרויען, וואָס שוועבען
פאַר אונז, און זיי האַלטען
אין צוואַנג אונזער לעבען,
און מאַכען זיך שפּעסער
פון אונזער געוויין, —
פון זיי דריי איז איינע
א ממזר פו'ם גלויבען,
די צווייטע — א קליינע
חברותא צום רויבען,
אין מאַכט אימער גרעסער,
אין צאָהל אימער קליין;
די דריטע האַלט ביידען
זיי אויף מיט מיליאָנען
פון שווערטער אין שיידען,
פון שפּיזען, קאַנאָנען,
באַרייט זיי צו געבען
פאַרבלוטיגטע ברויט.

און די דריי געשטאַלטען,
די שרעקליכע בילדער, —
זיי שאַלטען און וואַלטען,
ערשיינען אַלץ ווילדער,
פאַרוויסטען דאָס לעבען,
פאַרגיפטען דעם טויט.

און איך דערזעה ווי ביי די עדעלע יונג־פרוי גיסען זיך טרע־רען פון די אויגען. איך בליק אַרויף צום פרייהייטס׳ס גייסט; ער ווינקט צו מיר צו רעדען.

„ווי הייסט זי — פרעג איך — דיעזע יונג־פרוי, וועלכע טראָגט קייטען פון גאָלד אויף די פיס, און גיט ווייגענדיג נעק־טאר און גיפט?

—„אמעריקאַ . . .״ ענטפערט דער גייסט.

---

און איצט קומט אַ נייע ערשיינונג.



XXVI

## מורא׳דיג צושלאָגען.

איך זיץ נאָך אַלץ און דרעמעל ווייטער.

מיט אַמאָל זעה איך... מחשבות׳ן, ווייסט איהר די נפקא־מינה צווישען דרעמלען און שלאָפען? וואָס קווענקעלט איהר? רעדט מיט א גאַנצע מויל: ווייסט איהר אדער ניט? אן אונגליק מיט אונז אידען! זינט מיר האָבען זיך פארבריהט אויפ׳ן נעשה ונשמע און האָבען דורך א האַסטיגען גראַדען ענטפער אויף זיך אַרויפגעשלעפּט דעם עול־תורה מיט די תרי״ג מצוות, ניט רעדענדיג פון די כפּרות ערב יום־כפור און דעם פלעקעל מוצאי יום כפּור, און די טויזענדער מצוות און מצוה׳לעך מיט אַלע זייערע פּרטים, כללים און דקדוקים... ליעבע לעזערינען, אַמעריקאנער שול־פּרעזידענטען און איהר אַלע וואָס איהר קענט ניט קיין לשון־קדש, ערגערט זיך ניט: די לעצטע עטליכע שורות זיינען.. וואָס א שורה איז, וואָס דער װאָרט באַטייט פארשטעהט איהר דאָך: א שורה איז א צייל, א רייהע ווערטער אין א געשריפט, אויסערדעם א גאַס אויף א בית־עולם... וואָס א בית־עולם איז ווייסט איהר דאָך געוויס: אן אָרט וואו מען באַגראָבט רייכע לייט נאָכ׳ן טויט און אָרימע לייט פאר׳ן אָנהויבען לעבען, וואָס דערפאר רופען דאָס אַנדערע א בית־חיים, וועלכעס איז ניט, ווי איהר וואָלט קענען מיינען, א לעבעדיגע הייזעל, א סאַלון למשל (צום ביישפּיעל, נאַפּשיקלאַד, גאַפּרימער) וואו איהר וועט דעם קומענדיגען נאָוועמבער מאַכען א שנאַפּס און פארקויפען אייער שטימע צו א דעמאָקראַט: די דעמאָקראַטען וועלען צאָהלען בעסערע מקחים...

וואָס מקחים זיינען דאַרף מען אייך ניט אויסטייטשען און אפשר יאָ? גוט, נו, — מקחים זיינען פּרייזען, אַ שטייגער ווי אונזערע דרייצעהן טייכען בוימעל אויף יענער וועלט פאַר'ן פאַסטען אויף ד ע ר וועלט מאָנטאג, דאָנערשטאג און אַלע אַנדערע תעניתים... איהר ווייסט דאָך, וואָס אַ תענית באַטייט: ניט עסען ווען עס איז דאָ וואָס, וועלכעס איז דער העכסטער גראַד פון ציוויליזאַציע און וואָס קומט אַרויס פון באַשאַפען צופיעל לעבענסמיטעל, און אים אַלגעמיינען פון איבערפּראָדוקציאָן... ניש־קשה פון אַן אויסדרוק פאַר אַ מינסקער — איבערפּראָדוקציאָן, דאָס שמעקט מיט פּאָליטישע עקאָנאָמיע, דערפאַר וואָלט מען מיך אין מינסק אין מיינע יונגע יאָהרען אַריינגעלעגט אין חרם און איצט אויף דער עלטער אַריינגעזעצט אין טורמע, סיידען איך וואָלט ערקלערט אַז איך בין אַן ענגלישער ליבעראַלער און פאַרטייטשט די ווערטער פּאָליטישע עקאָנאָמיע — עקאָנאָמישע פּאָליטיק, דאָס הייסט אַז דער שטאַאַט האָט זיך ניט וואָס צו קימערען וועגען דעם יחיד, אַז דער שטאַאַט דאַרף פיהרען זיין פּאָליטיק עקאָנאָמיש און לאָזען דעם יחיד (איהר ווייסט דאָך וואָס אַ יחיד איז: איהר זייט דאָך אַלע יחידי סגולה — אויף אהלווארדט'ס צופּלאַצעניש) אַלזאָ, לאָזען דעם יחיד לעבען מיט וואָס וועניגער, איבערהויפּט ווען ער איז אַן אַרבייטער ניט אַ לאָרד'ס אַ זוהן און דאַרף ניט קיין שטעלע אין דער רעגירונג מיט 5000 פונט אַ יאָהר, ווייל ער קען זיך באַנוגענען מיט אַ פּערטעל־דאָלאַרדיגען פּינאַקעל, וואו יע־נער מוז קענען פאַרשפּיעלען עטליכע הונדערט, עטליכע טויזענד דאָלאַר אַ נאַכט אין קאַבאַראַט און אין אַנדער טייערע קאָרטענ־שפּיעלען...

איצט ווי פּלאָנטערט מען זיך אַרוים? גרויסער אַלשיך הקדוש דו, וואָס דו האָסט פּאַנאַנדערגעפּלאָנטערט טויזענדער הייליגע פאַרפּלאָנטערטע קנוילען, העלף מיר אין מיין נויט!

האָב, דאַכט זיך, געוועלט זאָגען, אַז צייט מיר אידען האָבען זיך האַסטיג אויסגערעדט נעשה ונשמע קען מען פון אונז אַ קלאָ־רען ענטפער ניט אַרויסקריגען. וואָס דערפאַר קווענקעלט איהר

איצט און מיאמקעט ווען מען פרעגט אייך צי איהר ווייסט די נפקא מינה צווישען דרעמלען און שלאפען אדער ניט. אט אזוי זיינען מיר שוין: מיר קענען בשום אופן ניט קלאר און קאטע־גאריש ענטפערען אויף א פראגע, וואס דאס איז פילייכט דער גרונד דערפון ווארום אין אונזער אמונה איז ניטא קיין קאטע־כיזם ווי ביי די גוים. שטעלט זיך פאר איהר נעהמט אברהם אבינו'ס אן איינזיקעל, ווי א גוי להבדיל, אויף א רעליגיעזען דאפ־ראס! איהר פרעגט איהם למשל: „ווער האט באשאפען די וועלט?" ער וויים גאנץ גוט ווער: ער האט דאך געלערענט קאסמאגאניע אין בראשית צו פיער פינף יאהר, אבער ער ענט־פערט: „באשאפען די וועלט? אדרבה, ווער?" איהר עקזא־מינירט איהם ווייטער:

„ווי הייסט דעם רבונו של עולם'ס זוהן?"

—„וואס מאכט דאס אייך אוים?"

„דאך אזוי?"

—„געה איך דען אויף אלע ברית'ען?"

„האסט קיינמאל ניט געהערט?"

—„פון וואנען זאל איך הערען?"

„הייסט עס, דו ווייסט ניט?"

—„אפשר יא' אפשר ניט..."

„וועסטו זאגען אדער ניט?"

— „זאגען? איך בין דען א מגיד?"

„יא, אדער ניין?"

—„כ'לעבען ר' קרוב, געהט דאס אייך אזוי אום לעבען?"

„איך וויל וויסען..."

—„מאלע וואס איהר ווילט."

„וואס איז די דריי־איינינקייט?"

—„פרעגט מיך א גרינגערע זאך."

„ווייסטו וואס דריי אין איינס באטייט?"

—„איך ווייס? אפשר ווייס איך..."

„זאג־זשע."

— „דארפט איהר דאָס ג ל י י ך וויסען?״

„זאָג, זאָג!״

— „נו, א פּייאים.״

„ווי הייסט א פּייאים.?״

— „דריי גראָשען אין איין מטבעה.״

„אָבער איך רעד ניט ארום געלד...״

— „פאַרוואָס ניט?״

„איך רעד ארום רוחניות, ארום גאָט.״

— „אָה, איהר זייט גאָר א סלוצקער? קענט איהר אפשר מיין מוהמע יאכנע וואָס פארקויפט דאָרטען ביים בית מדרש פירושקעס מיט מאָהנעלעך און פאָהנעס אלע פּורים?...״

אָט האָט איהר דאָס! א קאטעכיזם ביי אידען? שעהן וואָלט מען אויסגעפיהרט. אָבער דאָס איז אלץ ניט אהין, ניט אהער. וואָס איך בין אויסען געוועזען, איז אייך צו ערקלערען, אז צווישען שלאָפען און דרעמלען איז דאָ א גרויסער אונטער־שיעד.

זעהט איהר, קינדער, ווען א מענש שלאָפט... ווען א מענש שלאָפט פעסט... ווען א מענש שלאָפט און כראָפּעט... ווען א מענש שלאָפט און כראָפּעט און וועקט אויף מיט זיין כראָפּענען אלע אנדערע שלאָפערם... ליעבע לעזער, איהר ווערט, זעה איך, אונגעדולדיג, איהר ווילט וויסען וואָס איך וועל דאָ אויספיהרען. איך אליין וואָלט דאָס אויך גערן וויסען. מיר איז זעהר צוטראָגען דער מוח היינט... איך האָב פאר די אויגען דעם גרויסען מאַן, וואָס איז געשטארבען מיט 31 יאָהר צוריק, אין גאַנצען 39 יאהר אלט; דעם מאַן, וועלכער האָט אויפגעהויבען זיין מעכטיגע שטי־מע און האָט אויפגעוועקט די אייגעשלאָפענע און איינגעדרעמעלטע, און האָט געלייגט דעם פונדאמענט פאר'ן טעמפּעל פון גלייכהייט. ער שטעהט מיר לעבעדיג פאר די אויגען, — שטעהט דיעזער וואונ־דערבארער מאַן. מיר דאכט זיך, אז איך הער זיין קול, דעם זיל־בערטרומייט, וואָס שפּיעלט ארויס, און הילכט, און ענטציקט, און ערפרישט מיט לעבעדיגע ווערטער... מיר דאכט זיך, איך הער,

ווי ער וועקט אויף ליעבע אין די הערצער און געדאנקען אין די מוחות און ווי די פרייהייט שטעהט אויף תחית המתים... ער לאָזט מיך ניט שרייבען היינט... איך קען קיינמאָל ניט שרייבען דעם 31טען אויגוסט... איך לעב דעם טאָג אין דעם קומענדיגען יאָהרהונדערט, אין גליקליכערע צייטען, צווישען בעסערע מענשען, אויף אַ פארנינפטיגערען אופן...

קענט א י ה ר שרייבען דעם טאָג ווען איהר האָט יאָהר־צייט נאָך אייער לאסאל? איך ניט.



XXVII

## דער אייניקעל זאָל לעבען!

הייסט עס איהר ווילט פּאָרט וויסען דעם אונטערשיעד צווי־שען שלאָפען און דרעמלען. איך רעכען אז איהר אלס קלוגע, פאַר־נינפטיגע לעזער און לעזערינען... צו וואָס חנפ'ע איך אייך? אך, ליעבע קינדער, איך מוז. איך מוז אלעמען היינט מאכען קאָמ־פּלימענטען, ווייל איך בין אן אלטער, שוואכער מאן און איך מוז זעהן אז איהר, לעזער און לעזערינען, זאָלט מיך ניט פארלאָזען אין א צייט ווען איך האָב געגען זיך די גאַנצע „אינטעלעקטועלע מאַכט" פון אונזערע אידישע פּסיכאָלאָגען. עס איז געפעהרליך גענוג צו האָבען געגען זיך א פּסיכאָלאָג פון די אומות־העולם — א מענשען וועלכער ווייס בעסער וואס עס טוט זיך אין אייער האר־צען ווי איהר ווייסט וואָס עס טוט זיך ביי איהם אין טינטער, אָבער צו האָבען געגען זיך א אידישען פּסיכאָלאָג איז נאָך פיעל געפעהרליכער. אזוינער לייענט ניט נור אייער הארץ, ער לייענט זאָגאר צווישען די שורות אינעווייניג און פארשטעהט ביי מיר פון איין ווארט צעהן, ווען איך בין צופריעדען צו פארשטעהן ביי איהם פון צעהן ווערטער איינעם. די פּסיכאָלאָגישע איינזיכט — רע־דענדיג וועגען אזא הויכען ענין רעדט זיך ניט ווילענדיג מיט הויכע ווערטער, אלזאָ די פּסיכאָלאָגישע איינזיכט — געהט ביי מאַנ־כע פון זיי אזוי ווייט, אז ווען איהר זאָגט: „היינט איז יעדער איינציגער וואס קען קאם אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף א תנאים א גאַנצער פּסיכאָלאָג", כאפּט זיך ארויס א שרייבער וואס זיין אונטערשריפט איז באקאנט און זאגאר געאכטעט און ניט

אייך, ווי משה פּרעה׳ן א התראה אויף מכות. ווארום טוט ער דאָס? דערפאַר ווייל ער איז אזא בוחן־לבבות, אז ער לייענט ניט נור דאָס, וואס איהר האָט אויפ׳ן פּאַפּיר, נור אויך דאָס, וואס איהר האָט אין דעם פארוקטעסטען ווינקעלע פון אייער הארצען און דאָרטען זעהט ער, אז איהר שטראָפט די טאָכטער און איהר מיינט די שנור, אז איהר רעדט וועגען די וואָס זיינען ניט פעהיג אויסצולעגען נח אָהן זיעבען גרייזען און ווילען זיין גי־דע־מאָפּאַ־סאַן׳ס און איהר מיינט יעדען, וועלכער איז מיט א קאָפּ נידריגער ווי שעקספּיער.

„און וואָס איז דאָס?" הער איך דעם גרויסען געדאנקען־לע־זער, דעם גרויסען הערצער־קענער זאָגענדיג: „איז דאָס ניט וויע־דער א באַליידיגונג? ס׳טייטש! מיט א קאָפּ נידעריגער ווי שעקספּיער! הייסט דאָס ניט אז מיר פעהלט צו שעקספּיער׳ן א קאָפּ? הייסט דאָס ניט אז איך בין כלומר׳שט א שרייבער אָהן א קאָפּ?"

ניין, מיין ליעבער פּסיכאָלאָג, דערמיט איז נאָר געמיינט, אז וויליאם שעקספּיר איז העכער פאַר אייך און דאָס איז דאכט זיך ניט קיין באַליידיגונג: דאָס וועט אויף זיך לאָזען זאָגען אפילו דער גרויסער מאַן, וועלכער האָט איינגעפלאַנצט די באריהמטע שמעקעדיגע „בליהמעלע" אין אונזער דראמאטישען לוסטגאָרטען און צו איהם וועט איהר זיך געוויס ניט פאַרגלייכען, פון פיעלע טעמים וועגען.

נור ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אזוי פיעל, ליעבע לעזער און לעזערינען, איז זיכער, אז געגען אזעלכע מענער איז געפעהרליך צוביילבען שטעהן איינער אליין, איבערהויפּט פאַר איינעם, וועל־כער איז אַלט און שוואך, אזוי אלט און אזוי שוואך ווי די אמונה אין דעם ווילנער גאון׳ס גולם. טאָמער פאַרלאָזט איהר מיך אויך, דאַן בלייב איך א רב אָהן א שטעדטעל און יעדער יונגאטש פון ברייזער גאס (וואו די אידישע קאפּיטאליסטישע חילוץ־עצמות׳־ניקעס וואוינען) וועט געגען מיר עפענען א מויל, ארויסשטעקען א צונג און מיר צופּען פאַר׳ן באָרד. דערפאַר מוז איך זעהן צו זיין

גוט־פריינד מיט אַלעמען און אַזוי ווי איך ווייס אַז איהר זייט בעלנים אויף אַ קאָמפּלימענט, רעד איך צו אייך — און דאָ קום איך צוריק צום אָנהויב — אַזוי צו זאָגען:

איך רעכען אַז איהר אַלס קלוגע, פאַרנינפטיגע (איך וועל אייך אַנאַנדערם מאָל ערקלערען דעם אונטערשיעד צווישען קלוגע און פאַרנינפטיגע) לעזער און לעזערינען (איך וועל אייך אַנאַנדערם מאָל ערקלערען וואָרום איך געברויך היינט דעם אויסדרוק לעזער און לעזערינען וואָס דאָס איז ניט מיין שטייגער און דעם גרונד דערפון, וואָרום איך טו דאָס ניט אימער, אַלזאָ איהר, אַלס קלוגע א. ז. וו.) פאַרשטעהט גאַנץ גוט דעם אונטערשיעד צווישען שלאָפען און דרעמלען און איהר פרעגט מיך נאָר דאָרום, ווייל איהר ווילט האָבען אַ באַשטעטיגונג פון אַן אַלטען מאַן. אָבער דאָס וואָס איהר ווייסט, זייענדיג איינפאַכע לעזער, מעגען ניט ווי־סען אַנדערע, וועלכע זיינען ליידער שרייבער, ניט פאַר אייך גע־דאַכט, און אַזוי ווי אַ שרייבער האָט געוועהנליך ניט אַזוי פיעל צייט צום לעזען ווי אַ פּראָסטער בשר ודם, מוז מען איהם אָפּט ערקלערען דאָס, וואָס איז פאַר יענע קלאָר ווי ווילהעלם דעם צוויי־טענס טירוף און אַנדערע זאַכען וואָס וואַרפען זיך אין די אויגען.

איהר מעגט דאָרום איבערהיפּען די קומענדיגע עטליכע שורות און אָנהויבען צו לעזען ווייטער פון דעם נעקסטען אָבשטעל.

אַן ארבייטער אַ געזונדער מענש (אייך, שרייבער, שאַדט ניט צו ערקלערען, אַז ניט יעדער ארבייטער איז אַ געזונדער מענש און ניט יעדער געזונדער מענש איז אַן ארבייטער, אַלזאָ) אַן ארביי־טער אַ געזונדער מענש טוט אָב זיין ארבייט און אום זיך צו ער־הוילען, לעגט ער זיך שלאָפען, רוהט זיך גוט אויס און קומט פריש און אויסגערוהטערהייט צוריק צו דער ארבייט. ער דרעמעלט אַמאָל אויך, אָבער ניט ביי דער ארבייט און דערפאַר ארבייט ער ניט פאַר־שלאָפענערהייט, נאָר מיט אַ קאָפּ און געניי וויסענדיג וואָס ער טוט. ער קען אַמאָל שלאָפען צופיעל און צולאַנג און פאַרזאַמען אַ „דזשאָב" פאַר זיך און אַ פאַרדיענסט פאַר די פאַמיליע, אָבער ווען ער איז וואַך, זיצט ער ניט און סנויזעט און דרעמעלט איין,

אלע ווײלע כלומר׳שט אויפהויבענדיג דעם צודרומשקעטען מוח און ווידער אראבלאזענדיג דעם קאפ ווי א שכור׳ער. דרעמלען, אבער איז ניט א געזונדער צוועקמעסיגער שלאף נאך דער אר־בייט, נאר דער היפוך דערפון. דרעמלען, נאך אנאנד דרעמלען, און איבערהויפט דרעמלען ביי דער ארבייט איז א באוויז פון שוואכקייט. ווען מען דרעמעלט, דאן שלאפט מען ביי דער אר־בייט, דאן ארבייט מען פארשלאפענערהייט און מען ווײס קײנמאל ניט אויף וואס׳ער וועלט מען איז — דער געוועהנליכער לעזער וואלט שוין פארשטעהן דעם מוסר־השכל פון דיעזער קורצער דרשה, ווייל ער האט געלעזען דאס וואס איז פריהער געזאגט געווארען, אבער דעם שרייבער מוז מען ערקלערען...

וואס איז דאס פאר א ליארעם? אה, דער בריעפטרעגער. דא אין אמעריקא ווערט זעלטען וואס געטאן אהן א ליארם, סיידען אפשר א גנבה. וואס קען דאס זיין פאר א בריעף? פון מיין איי־ניקעל אין ניו יארק. וואס שרייבט ער? ווארט, איך וועל אויס־ווישען מיינע שפאקולען (שפאקולען דארף מען האלטען ריין, אניט שטערען זיי מעהר ווי זיי נוצען, וואס דאס שאדט ניט צו וויסען פאר שרייבער, וועלכע זעהען אימער אפילו ניט דורך אייגענע, נאר אפט דורך פרעמדע שפאקולען, אלזא) איך וועל אויסווישען מיינע שפאקולען און מיר וועלען דעם בריעף לייענען צוזאמען; הערט:

„טייערער זיידעניו!

„איך מוז דיר שרייבען א שפאס. דא ניט לאנג האב איך געהאט א געשפרעך וועגען דיר מיט איינעם וואס איז אמאל גע־ווען פון דיינע חסידים און וואלט דיך איצט אויפעסען אין קאשע.

— ווער עס לייענט דעם אלטען׳ס פילאזאפיע — האט ער צו מיר געזאגט, — זעהט אז ער איז אויסגעוועפט.

— דאס דוכט זיך אייך — האב איך איהם געענטפערט — ווייל איהר זעהט, אז ער האט ארויסגענומען דעם ק א ר ק פון מויל.

דיין ליעבענדער אייניקעל.״

## XXVIII

## א יום־כפור׳דיגע היץ קרענק.

דאָס איז אַן אַלטע, אַלטע געשיכטע, זי שטאַמט פון מינסקער ליאַכינגע. זי איז געוואַקסען ביי מיר אין הארצען שעהנע עטליכע צעהנדליג יאָהר... דאָרטען אין מיין אַלטען אויסגעקרענקטען האר־צען האָדעווען זיך אַ סך אַזעלכע מעשה׳לעך און ווען זיי וואַקסען אויס און פילען צו שטאַרק אָן מיין הארץ — אַ מינסקער הארץ איז בטבע ניט זעהר ברייט — דאַן לאָז איך זיי ארויס אויף דער וועלט אין אידישע בגדים און זיי געהען ארום און זוכען אַ מכניס אורח. זיי געפינען ניט אימער פיעל גאַסטפריינדליכע מענשען, אָבער וואו זיי געפינען איינעם, קרוישקען זיי זיך גלייך אריין צו איהם אין הארצען און וואוינען ביי איהם ביז ער קריגט אַ באַזוך פון אַ גרויסע וואונד, אַ דיקע, גראָבע דאגה, אַן איבערגעוואַקסע־נעם שמעריץ, וועלכע שטופען זיי פון דאָרטען ארוים. דאַן וואַנ־דערען זיי ווייטער, ווייטער אין דער וועלט ארום. עס פאַסירט צייטענווייז, אז אימיצער פון מיינע באַקאַנטע טרעפט זיי ערגיץ־וואו אין אַן איבערגעניצעוועטען בגד, אַ בגד, גענומען וואו עס איז אויף פּראָקאַט, אַ בגד, וועלכער קליידט זיי פּונקט אזוי ווי אַ פּסח׳־דיגער זאַק אויף אַ שעהנע מיידעל, און ער זעהט אז זיי זיינען צוקאַליעטשעט, פאַרשמוצט, אַ שטייגער ווי זיי וואָלטען זיך גע־האָדעוועט אין אַ טרעט־מיהל און ניט אין אַ הארץ...

אָבער לאָמיך קומען צו דער געשיכטעלע ווייל די צייט איז קורץ און אָבלעגען טאָר מען איהר ניט.

* * *

איך האָט געמעגט אַלט זיין אַ יאָהר עטליכע און פערציג...
האָב דאכט זיך דאמאָלס געוואוינט ביי זלאַטע חיים דעם בעל
עגלה'ס, וואס איהר מאַן איז געשטארבען אין דער צייט פון דער
כאָלעריע: אַ סך מענשען דאמאָלס אוועק פון דער וועלט... אַלזאָ,
איך האָב געמעגט זיין אַ יאָהר עטליכע און פערציג אַלט, ווען מיר
האָט עפּעס דער ראש־השנה'דיגער עסען צוזאַמען מיט דעם צום־
גדליה'דיגען פאַסטען ניט שטאַרק פּאַליובעט און האָבענדיג זיך
צוגעקיהלט אין די איבעריגע עשרת ימי תשובה, בין איך געוואַ־
רען אַ חולה אויף יום־כפּור מיט אַ קאַפּיטאַליסטישע היצרענק,
דאָס הייסט מיט אַזאַ מין פיבער, וועלכער באַטייט ניט קרענק
פון היץ צי עפּעס אַן אידעאַל, נאָר היץ פון קרענק גלאַט אין דער
וועלט אַריין. איך בין געוועזען אַ שכן אין שטוב, האָב באוואוינט
אַ קאַמער לעבען אַנאַנדער קאַמער וואו עס האָט פאַר חנוכה זיך
געשטאָפּט אַ גאַנז, פאַר פּסח זיך געהאָדעוועט אַ אינדעק וועהרענד
אַ גאַנץ יאָהר האָבען דאָרטען שטאָלץ ארומגעשפּאַצירט הענער,
קרעהענדיג, זיך פאַרשקענדיג און זיך האַלטענדיג גרויס פאַר די
הינער, אַ שטייגער ווי גימנאַזיסטען אויף אַ מינסקער בעלי־
בתישע חתונה. קאָנאָפּליעס, האָבער און גערשטען זיינען אייביג
געוועזען פאַר מיינע אויגען און אַ געגזענער ריח־ניחוח פאַר מיין
נאָז, וועלכער האָט דאמאָלס נאָך ניט געהאַט אויף זיך דעם יאָך
פון שפּאַקולען און איי זיך דעם טעם פון יענטע די מלמדיכע'ס
טאַבאַק.

אין אַ שלאָפבאַנק אויף אַ פּערינע, וועלכע האָט אויף זיך
אויסגעהאַלטען דריי דורות (איך האָב איהר געהאַט אַ ירושה פון
מיין באָבען און זי.... נאָר איך מוז זיך היינט האַלטען אין צוויק...
גייסט פון אַלכסנדר דעם דריטען, העלף מיר אין מיין נויט! אַלזאָ
אויף אַ פּערינע, וועלכע האָט אויף זיך אויסגעהאַלטען דריי דורות)...
איך האָב געקענט אַזאַ סאָרט הויז־דיענער: ער איז געווים שוין
היינט טויט... ער איז שוין דאמאָלס געוועזען אין די זיעבעציגער
אַריין... אַן ארבייטער וואָלט קיין דריי דורות ניט אויסגעהאַלטען:

ער ווערט זעלטען ווען אזוי אלט... אלזא אויף א פערינע, וועלכע האט אויסגעהאלטען אויף זיך דריי דורות בין איך יענעם יום כפור געלעגען אין היץ־קרענק. האט איהר ווען עס איז געליטען פון אזא חלאת?... דער רעדען־פון־היץ איז פאסקודנע, איבער־הויפט דא אין אמעריקא: מען האלט דאס דא אויף א מדרגה מיט רעדען מ י ט היץ, און רעדען מיט היץ רופט מען דא געפיהל, סענ־טימענטאליטעט און דאס איז דא זעהר פאראכטעט: דא ווערט מען רויט ביז איבער די אויערען ווען אימיצער רופט אימיצען „געפיהלס־מענש", דאס האט דא די באדייטונג פון נאריש, פון אונבאזאנען, פון אונפאליטיש, פון ניט־געזעצט, פון ווייניג בר־דעת. דא רעכענט מען אז געפיהל און שכל זיינען ווי פייער מיט וואסער, אדער ווי דיפלאמאטיע מיט אמת. דא רופט מען דעם אויסרעדען פון הארצען א מין היץ־קרענק און ווען מען זעהט, אז ווער עס איז רעדט, ניט פאר קיין אידען געדאכט, מיט געפיהל קוקט מען זיך ארום נאך א דאק־טאר.... אלכסנדר'קע, ניט דו האסט אליין געטויגט, ניט דיין גייסט טויג! אה, ווען עס װאלט ווער עס איז געהאלטען מיין פעדער אין צוויק היינט!

נאך אמאל.

אין א שלאף־באנק אויף א פערינע, וועלכע האט אויף זיך אויס־געהאלטען דריי דורות, בין איך יענעם יום־כפור געלעגען אין היץ־קרענק. ניט ווייט פון מיר איז געשטאנען א מורא'דיג־הויכע וואק־סענע ליכט און האט מיט שטלאץ געברענט, ווערענדיג, נאטירליך, אלץ מעהר אפגעצעהרט, ווי יענער הויכער, שטאלצער ברענער, וואס באלייכט אלץ וואס עס געפינט זיך ארום איהם... איבערהויפט אין רוסלאנד, וואו אלץ וואס ברענגט ווארימקייט און ליכט ווערט אזוי גיך פארברענט, שוין גאר ניט רעדענדיג פון דעם צענזורנעם שנייי־צער, וועלכער דארף כלומר'שט פארריכטען דעם פלאם און שמעלצט אוים דאס גאנצע ליכט... איהר ווייסט ווי לאנג א שרייבער לעבט דארטען, סיידען ער איז א קאטקאוו, וועלכען מען לאזט א לאנגע צייט זיך שמילקענען, ווייל ער בלענט נור די אויגען און באלייכט ניט די

פינסטערניש... בקיצור, לעבען מיר האָט געברענט אַ הויכע וואַקסע־נע ליכט.

עס קען זיין, אַז איהר וואונדערט זיך ווי אַזוי איך האָב אין מיין פיבער דאָס אַלעם באַמערקט, נו, איך אַליין וואונדער מיך דאַ־ריבער אויך, אָבער... ווי דרעהט מען זיך דאָ ארוים? האַלט! איך מוז אייך עטוואָס דערצעהלען. זיך פאַרקוקענדיג אויף די הונדער־טער מאַכערס פון נייע מחזורים, האָט מיין אייניקעל מיר צוגעשיקט דעם פאָלגענדען נייעם כל נדרי אויף דעם קומענדען יום־כפור:

## כל

נדרי, ושטרי, ואקציוני, ואפּותיקאָי, ואסיגנאַציאָי, וכתבי — דאנדרנא, ודנפקנא, ודאסרנאָ על נפשתנא מיום כפורים זה עד יום הכפורים לבתר הרבולוציה הבאה עלינו לטובה — בכלהון איחרטנא בהן כלהון יהון שרן, שביקין, שביתין, בטלין, ומבוטלין, לא שרירין ולא קימין: שטרותינו לא שטרי, ואסרנא לא אסרי ושבועותינו לא שבועות. (ג׳ פעמים).

ונסלח לכל עדת האדם, ולפועל העובד בתוכם כי לכל העם בשגגה. (ג׳פעמים).

וועלכעס ער פאַרטייטשט אַזוי, אַז אַלע די שטאַאטס שולדען און אָבליגאַציעס און וועקסלען (באַנק־נאָטען) און אַקציען, וועלכע דאָס פאָלק וועט ארויפנעהמען אויף זיך פון דעם יום־כפור ביז די סאָציאַ־לע רעוואָלוציע זאָלען ערקלערט ווערען פאַר נול און ניכטיג. לומדים וועלען דאָס בעסער פאַרשטעהן. איך האָב היינט ווייניג צייט צו אי־בערזעצען תפילות וואָרט פאַר וואָרט. אָבער ווי געפעלט ער אייך? דער בחור איז אויך אין אַ מין היץ־קרענק. ער רעדט שוין פון סאָציאַלע רעוואָלוציעס און דאָ הויבט מען זיך נאָר ערשט אָן צו ריהרען.

# XXIX

## אין די גרויסע נשמה.

אַלזאָ, איך בין געלעגען דאַן אין היץ־קרענק. די גרויסע וואַקסענע ליכט האָט זיך געברענט רוהיג, געלאַסען און שטאָלץ, אַ שטייגער אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט זאָגען; „איך קען ניט אייביג וואַרימען און לייכטען אַזוי ווי די מעכטיגע זון אין הימעל, זיך ניט אָפּניצענדיג, אָבער ווען אויך מיין עקזיסטענץ איז קורץ ווייס איך דאָך, אַז איך ברענג אין דיזען דונקעלען צימער אַריין אַ ליכטיגקייט אַ וואַרימקייט”. שפּעטער מיט יאָהרען האָב איך אָפט געטראַכט אַרום יענע יום־כּפּור׳דיגע וואַקס־ליכט, זעהענדיג ווי עס איז ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען פאַר מיינע אויגען דער שטאָלצער, שוואַכער, יונגער מאַן, וועלכער האָט באַלויכטען און אָנגעוואַרעמט יעדען ווינקעלע אין מיין דונקעלען, אָפּגעקיהלטען האַרצען. איהר האָט גאַלאָפּ׳ען ניט געזעהן און האָט איהם ניט געקענט; מאַנכע האָבען איהם געקענט און האָבען איהם קיין מאָל ניט געזעהן נור עטליכע פּערזאָנען האָבען איהם אַ געזעהן אַ געקענט. אין זייערע הערצער לעבט ער פאָלקאָמען.

אָה, יאַ! ווען איך האָב איהם געזעהן שמילקענדיג און אויסגעהענדיג האָב איך אָפט געטראַכט וועגען יענע יום־כּפּור׳דיגע וואַקס־ליכט און דאַן האָב איך מיך עראינערט אָן דאָס, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין מיין פיבער און דאָס וועל איך היינט דערצעהלען, אויב איך וועל נור קענען ווי עס איז אָרגאַניזירען מיינע געדאַנקען... קיינער ווייס ניט ווי שווער עס איז צו האַלטען געדאַנקען אָרגאַניזירט, אין אָרדנונג, זיך העלפענדיג און ערגענצענדיג איינער דעם אַנדערען;

ווי שווער עס איז זיי אָפּצוהאַלטען פון שטויסען זיך איינער געגען צווייטען, פון שטערען זיך געגענזייטיג, פון מאַכען אַ טומעל, וואו זיי וואָלטען געקענט, זייענדיג אָרגאַניזירט, אויסטראַכטען עטוואַס האַרמאָניש־פּאָלקאָמענעס... איי, איי, איי! דאָס שמעקט מיט טייטש, ערגער ווי קאַרטאָפעל־סאַלאַד, בנאמנות! איך זאָג, געדאַנקען איז שווער צו אָרגאַניזירען, כמעט אַזוי שווער צו אָרגאַניזירען און האַלטען אָרגאַניזירט ווי אידישע אַרבייטער... ווער עס זעהט ווי די אַרבייטער פיהרען זיך צייטענווייז, וואָלט אפשר געגלויבט, אַז עס איז פאַראַנען אַ סמיכות־הפרשה צווישען אַרבייטער און געדאַנקען, אָבער דאָס מאַכט ניט אויס: איז ניטאָ דאָ, איז דאָ אַנדערשוואו; איז ניטאָ היינט וועט זיין מאָרגען.

אָבער לאָמיך אייך דערצעהלען וואָס מיט מיר האָט אין יענעם אָוועגד פּאַסירט.

מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז איך בין באַפרייט פון מיין קערפּער, אַז איך בין לויטער נשמה און אַז איך שוועב אַרום אינ'ם צימער, זוכענדיג אַ וועג אין די ווייטע וועלט אריין.

פּלוצלונג — אַזוי האָט זיך מיר אָפּגעדוכט — זעה איך פאַר זיך אַ גרעסערע נשמה, וועלכע נעהמט מיך אריין אין זיך און פליהט מיט מיר אוועק.

אין איין אויגענבליק זיינען מיר ביידע אין די גרויסע שול, וועלכע איז באַלויכטען מיט הונדערטער ליכט און אָנגעפּאַקט מיט אידען אין ווייסע קיטלען. מאַנכע פון זיי וויינען, אַנדערע קלעמען זיך און אַלע בורבלען אַ תפלה.

און די נשמה לאָזט מיך פריי און איך שוועב אַרום אין שול איבער די הונדערטער איינגעבויגענע קעפּ און איך באַמערק, אַז וואָס נעהנטער צום טיר, גיסען זיך אַלץ מעהר ביטערע טרעהרען.

און די גרעסערע נשמה קומט צו פליהען צו מיר און זאָגט: „אָט דיזע שול איז ווי די גאַנצע וועלט: די פולע בייכער מיט ליידיגע הערצער שטעהן אויבען־אָן, אין מזרח־וואַנד; די ליידיגע בייכער מיט די פולע הערצער, — פול מיט פריסטשעס און מיט וואונדען — שטעהען ביים טיר ווי בעטלער. זיי שטעהען, זיינען אָפּגעקאָ־

דערט, אויסגעמאָרעט, אונגעלערנט, און זיי וויינען. זיי האָבען זיך געלאָזען די טרעהרען, וועהרענד די שולען, די שפּייז, די קליידער און די וויכע בענק צום זיצען האָבען זיי אָפּגעגבען צו די מענשען פון מזרח־וואנד:

און זי האָט פאַרטגעזעצט און ווייטער גערעדט, זאָגענדיג:

„אָן שטעהט דער רב. געה אריין צו איהם אין הארצען און זעה וואָס דאָרטען טוט זיך. דאַן געה אריין צום מגיד וועלכער שטעהט לעבען איהם, דאַן צום גבאי, דאַן צום גביר פון שטאָדט, דאַן צו די איבעריגע אָנגעזעהענע בעלי־בתים און זאָג מיר וואָס דו זעהסט דארין".

ווען איך האָב געהאַט געטאָן ווי זי האָט מיר באַפוילען האָב איך איהר געהאַט צו דערצעהלען שרעקליכע זאכען.

אין דעם רב'ס הארצען האָב איך געזעהן א צונויפגעקאָרטשעטע אמונה, וועלכע איז געווען ארומגערינגעלט מיט צווייפעל, וואָס דער רב האָט געהאַלטען פאַר א בייזע שלאַנג. און דער צווייפעל האָט געעדערט די אמונה און דער רב האָט געוויינט זיך שרעקליך קלאַפּענדיג אין הארצען איין על־חטא נאָך דעם אנדערן.

און עהנליכע זאכען האָב איך געזעהן אין אנדערע הערצער, מעהר נישט אין יעדען פון זיי איז די אמונה געשטיקט געוואָרען פון אנאנדער זאך. ביים מגיד האָט איהר געוואָרגען איין סאָרט גאוה, ביים גבאי, אן אנדער סאָרט; ביים גביר פון שטאָדט איז די אמונה געווען ארומגערינגעלט מיט וועקסלען, היתר־עסקא'ס; ביי יעדען אנדערן איז זי געווען צוגעדריקט פון אלערליי חשבונות, קוויטונגען, אסיגנאציעס, לאָטעריע־צעטלעך און עהנליכע זאכען.

„דו זעהסט — האָט די גרעסערע נשמה צו מיר געזאָגט — זייערע ליפּען בורבלען תפלות אָבער אין זייערע הערצער האָט גאָט א קליינעם ערטעלע, א גאַנץ קליינינקען. זייערע טרעהרען זיינען צושמאָלצענע מטבעות, זייערע זיפצען האָט אן אָפּקלאַנג פון אלער־ליי תאוות און זייער דאוונען איז א געשריי נאָך געלד".

און מיר ווייזענדיג די מענשען ביים טיר האָט זי צו מיר גע־זאָגט:

„אַט יענע, זעהסטו, דאַוונען עהרליך און בעטען מחילה ביי גאָט פאַר זינד, וואָס זיי האָבען נ י ט באַגאַנגען, זיי דאַנקען איהם פאַר זאַכען, וועלכע ער האָט זיי ניט געגעבען און בעטען זיך אויס לאַנגע יאָהר צום קרענקען, צום ליידען, צום קווע לען זיך, צום לעבען אין פאַראַכטונג ביי אַלע די מענשען פון דער מזרח־וואַנד, וועלכע זיי באַדיענען און פאַרזאָרגען און האַלטען אויף.

„זיי וויינען. אָה, יאַ — זיי וויינען! זיי וויינען אָבער ניט אַזוי שטאַרק אויף די זינד, וועלכע זיי האָבען באַגאַנגען ווי אויף די זינד וועלכע מען האָט באַגאַנגען געגען זיי און שרעקליך האָט מען געגען זיי געזינדיגט. נאַטירליך, קליין־נשמה׳לע, דאָס פאַר־שטעהן זיי ניט אַזוי גוט ווי זיי וואָלטען עס געמעגט פאַרשטעהן, אָבער...

—„און ווער ביזטו?" האָב איך די גרויסע נשמה געפרעגט.

„איך בין די מענשען־ליעבע", האָט זי געענטפערט און זי איז פאַרשוואונדען געוואָרען.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט האָב איך געבעטען אַ טרונק, אָבער די וואַקסענע ליכט איז געווען די איינציגע אין שטוב. איהר פלאַם האָט זיך אַ בויג געטאָן צו מיר, ווי איינער זאָגט: „מיין עובדא איז צו געבען פייער און ליכט און אַליין דאַרין פאַרצעהרט ווערען. וואַסער וועסטו קריגען גענוג אָהן מיר, ווער נור געזונד".

איך האָב געקראָגען גענוג פון יענעם טאָג אָן, פון מיילער אוי פון ביכער, עפּטערם — מוטנע.

## XXX

### בלייבט אַ קשיא.

ווער עס קען זיך פאָרשטעלען אַז די רוסישע צענזור האָט, אָדער האָט ווען עס איז געהאַט אַ געוויסען, מוז זיין געבענשט מיט אַ גרעסערע איינבילדונגס־קראַפט ווי דאַנ־טע אַליין. אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען די אונמעגליכ־סטע זאַכען אין דער וועלט, פון יהושע'ס לאַנגען טאָג אין גבעון ביז אַ רוהיגע מינוט ביי דעם געקרוינטען סקאַקון פון דייטשלאַנד. איך וויל ניט פאַרקריכען אין ווייטע דרכים, אָבער איהר קענט זיך פאָרשטעלען, אַז איך קען מיר פאָרשטעלען, אַז אַזאַ מאַן קען זיך פאָרשטעלען זאַכען וועלכע זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלוי־לען. למשל:

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען דעם שור הבר איינגעשפּאַנט אין אַן אַקער, צוריהענדיג דאָס „פעלד דער וויסענשאַפט", אין אַנ־דערע ווערטער, דעם אָרטאָד'אָקס אלס נאַטור־פילאָזאָף;

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען אַ אידישען מיסיאָנער וואָס גלויבט אין די הייליגע טראָיצע, אָדער אַ הייליגע טראָיצע וואָס גלויבט אין אַ אידישען מיסיאָנער;

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען אַ מיטעל־מאָסיגע אַמעריקאַני־שע אידישע קהלה, וועלכע קומט אויס מיט וועניגער ווי אַ דריטעל־טויז רבנים;

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען, אַז דער פיש אין וועלכען יונה

האָט געוואוינט אָהן רענט ווערט געפּרעגעלט אויף די אויל פון דעם נס פון חנוכה ביי דעם פייער פון אליהו הנביא׳ס קאַרעטע;

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען אַן אמעריקאַנער וואָס וועט אוועקוואַרפען אַ זילבערנעם דאָלאַר נור דערפאַר ווייל ער זעהט אויף דער מטבעה די ווערטער: „אונזער בטחון איז אין גאָט";

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען אַ אידישען משכיל וואָס קען פראַנצויזיש, וועלכער וועט דאָס ניט אַרויסווייזען אין די ערשטע פינף מינוט וואָס ער רעדט מיט אימיצען;

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען אַ אידען וואָס זינגט נאָך הבדלה: „זרענו וכספּנו ירבה כחול" און וויל ווירקליך האָבען אַזוי פיעל קינדער ווי פיעל ער באַדאַרף „קאָרבאָוואַנצעס";

אַזעלכער קען זיך פאָרשטעלען, אַז איך וועל קיינמאָל ניט אויפהערען צו רעדען וועגען מענשען וואָס האָבען איבערנאַטירליכע פאָרשטעלונגס־קראַפט און וועל לאָזען ניט אויסגעפיהרט וואָס איך האָב געהאַט בדעה אויסצופיהרען ווען איך האָב אָנגעהויבען צו שרייבען. אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען מיין טבע!

איך וועל אייך ניט לאָזען לאַנג וואַרטען. וואָס איך מיין איז, אַז ווען די רוסישע צענזור וואָלט געהאַט אַ געוויסען, דאַן וואָלט זי געהאַט א ו י פ ׳ ן געוויסען ניט נור די צרות וואָס זי מאַכט אָן אין רוסלאַנד, נאָר אויך די פיעלע עברות פון וועלכע זי טרוימט גאָר ניט. אָט ליידט מען דאָ צווישען די אידען אין אַמעריקאַ פון די מכה: לייענען צווישען די ציילען, און דיעזע מכה האָבען אונזערע אידען מיטגעבראַכט פון נאַגאַיקע־לאַנד, אַ מדינה וואו מען שרייבט אויף אַזאַ מין אופן, אַז מענשען זאָלען לייענען ניט די שוואַרצע פינטעלעך, זאָנדערן די ווייסע שורות צווישען איין רייהע פינטעלעך און אַנאַנדערע. אָה, די אָרימע אונגליקליכע רוסישע שרייבער! ווייסט איהר ווי עס פלאַצט די האַרץ ווען מען טראַכט אַרום זיי? עס זיינען דאָ רוסישע ביכער, אין וועלכע יעדעס בלאַט זעהט אויס ווי אַ בית־עולם, מיט שורות פון קברים אויף איהם — יעדעס וואָרט אַ קבר, אַ קבר פאַר אַ אידעע, וועלכע האָט ניט קיין בירגער־רעכט אין דער מדינה, און וועלכע ווערט ליעבער באַ־

גראָבען לעבעדיגערהייט, איידער ארומצוואוואנדלען נע ונד אין אויסלאַנד. מענשען געהען צווישען די קברים און גריבלען זיך צווישען די מצבות און מאטערן זיך צו פארשטעהן וואָס פאר א געדאנקען דאָרטען מעג ליגען באַגראָבען. דאָרטען אין רוסלאַנד איז אזא אומנאטירליכע זאך נאטירליך, אָבער דאָ אין אמעריקא, וואו מען קען רעדען פריי איז די אימפּאָרטירטע געוואוינהייט צו לייענען צווישען די שורות א פּאַסקודנע זאך.

און דאָס איז נאָך ניט אלעס. מיר אידען האָבען געהאט אויף אונזער גוף די מלמד'ישע צופּלינע אזוי גוט ווי די קאָזאַצקע נאַגאַי־קע און מיר האָבען גע'ירש'עט מידות פון דעם מהר"ם שיף אזוי גוט ווי פון דער צענזור. און דאָ לייענט מען, דערפאר, ניט נור צווי־שען די שורות, מען לייענט אויך אלערליי מיינונגען און פּשט'לעך א י ן די ווערטער. מען קומט צו אונזערע היגע שרייבעריי מיט די קריוטשקעלעך און דריידלעך און קנייטשלעך און שפּיצלעך און קלי־ניקלעך פון די פּוילישע און ליטווישע ישיבות. מען נעהמט אַן אר־טיקעל אין דער האנד און מען לייענט איהם מיט דעם זעלביגען „אפשר־אזוי" און דעם זעלביגען „טאָמער גראָד פארקעהרט", און דעם זעלביגען „זאָלט־עס־אנדערש־זיין־אז־וואָס?" און דעם זעלבי־גען „אלא־מוז־איך־זאָגען" און דעם זעלבען "ויש־לישב־בדוחק" ווי מען האָט געלייענט אין וואָלאָזשין און אין אנדערע תלמוד'ישע אוניווערזיטעט־שטעדט די בלעטער גמרא. דאַן נעהמט מען זיך צו לייענען פרייע ווערטער מיט דעם היימישען קרי וכתיב וועלכעס באַטייט, אז ווען עס שטעהט געשריבען אזוי, דאַרף מען לייענען אנדערש; אז ווען עס שטעהט בניך, דיינע קינדער, דאַרף מען עס לייענען בוניך, דיינע ארכיטעקטען.

אָה, די צענזור, אָה, די תלמודזור! עס איז ניט צום אויס־האַלטען פון זיי.

אָט, למשל, האָב איך מיט פופציג, זעכציג שורות צוריק גע־זאָגט:

„איך וועל אייך ניט לאָזען לאַנג וואַרטען". דאַכט זיך פּראָס־טע ווערטער אָהן פליטערלעך, אָהן אויבער־חכמות און קלאָר ווי א

קיטעל צו כל נדרי. דיזע ווערטער אָבער קומען אריין צו אַ צענזור־תלמוד׳ישען לעזער אין די הענד און ער מאַכט דארויף אזא פּירוש.

„איך וועל אייך ניט לאָזען לאַנג ווארטען״ — וואָס מיינט ער דערמיט? דאָס איז עפּעס צו־פּראָסט. דאָ מוז שטעקען אַ טיפער מיין. וואָס הייסט „איך?״ וואס גיט ער מיר דאָ אָנצוהערענס? אודאי איך, דאָס פארשטעהט זיך דאָך אליין. „איך וועל״? געוויס וועט ער. ווען ער רעדט, איז דאָס ער און ניט איך, דאָס הייסט, „איך״ און ניט ער, דאָס הייסט זיין איך. „ניט לאָזען״, וואָס באַ־טייט דאָס? איז ער אַ דעספּאָט, וואָס לאָזט ניט, אָדער מיינט ער, אז ער וועט זעהן אז מיר זאָלען ניט לאַנג ווארטען. דער ניט לאָזען האָט דאָ אַ טיעפע באדייטונג... איי, איי, איי! מען וואָלט געוויס דעם „ניט לאָזען״ זיינעם געמוזט אויסלעגען: אַ טיראַנישען פּיהר. אָבער ווי זאָל איך פארשטעהען די ווערטער „ניט לאַנג ווארטען״? דאָס געהט דאָך געוויס אויף די סאָציאַלע רעוואָלוציע. און אויב ער איז אַ רעוואָלוציאָנער, דאָס הייסט אַן אנארכיסט, דאָס הייסט אַ מאַן וואָס וויל האָבען פרייהייט, ווייל יעדער וואָס רעדט אויס דאָס וואָרט פרייהייט איז דאָך אַן אנארכיסט, טו ווי שיקט זיך דאָס אז ער זאָל ניט לאָזען? איי, וואָס מען וועט זאָגען, אז איינער קען וועלען פרייהייט אין דער צוקונפט און מעג דערווייל ניט לאָזען? טו וואָס־זשע שרייבט ער ביידע זאַכען אין איין צוג? אלא מוז איך זאָגען אז וואָס? אז די פראַזע מוז פארשטאַנען ווע־רען פּשוטה כמשמעה, טו ווי לעגט זיך דאָס אויפ׳ן שכל? ניין דאָס קען ניט זיין! בלייבט אַ קשיא.

XXXI

## אַרויף־באַרג.

היינט וועט דאָס געהן. איך האָב איינגענומען איינס פון די בעסטע פאַרדומונגס־מיטלען וואָס איהר קענט געפינען אין די רע־ליגיעזע פאַרמאַקאָפּעאַ (אַ שעהנעם וואָרט, נײן? זעהט אויס זעהר געבילדעט און קלינגט אַזוי ניט־אידיש, אַז עס איז פשוט אַ מחיה! אַלזאָ, איך האָב איינגענומען) דריי און אַ האַלב דראַכ־מען רעפאָרמירט־רבנ׳ישע־דרשה אין אַן עס־לעפעל צייטונגס־וואַ־סער און איך פיהל מיך אַזוי פיין אָפּגעטעמפּט, אַז איך קען מיך גלייך נעהמען אייך צו דערצעהלען אַ זעהר אינטערעסאַנטע מעשה. איך בין זיכער אַז מיינע געדאַנקען וועלען מיר ניט שטערען און מיר וועלען אַלע זיין אַזוי צופריעדען ווי אַ יונגע מיידעל אויף אַ באָל נאָך דעם ערשטען קאַדריל. איצט הערט:

* * *

אַ הויכער באַרג. דער וועג אַרויף איז ניט קיין גראַדער און דער גאַנג איז שווער ווי דאָס קלעטערען אויף אַ לייטער, אין וועל־כען עס פעהלען שטאַפּלען און וועלכער שטעהט ניט פעסט, און האָט אויך ניט קיין זיכערען אָנהאַלט. און דאָ גיסט אַ קאַלטער הערבסט־רעגען. דער גאַנג ווערט אַלץ גליטשיגער און דער טריט אַלץ ווע־ניגער זיכער און דאָס בייזע געוויטער נעהמט דורך אַלע גליעדער.

אויף דיעזען באַרג קלעטערט, לאַכענדיג און זינגענדיג, אַ יונג קינד. איהם קימערן ניט די שוועריגקייטען און שרעקען ניט די

געפאהרען, איהם ארט ניט וואס ער האט אין דער טארבעטשקע אויפ'ן רוקען ווענינ בארטש.

ער קלעטערט שוין לאנג — צייט, געמליך, ער איז, געבארען געווארען, ווייל ער איז געקומען אויף דער וועלט כמעט א דערוואקסענער — און טראגט אויף זיך א ווייסען איבער־דעקעלע, וועלכען ער האט אנגעטאן אויף זיך ווען ער איז געווארען עטוואס דיקער און ברייטער אין די שולטערן און נאך דעם ווי ער האט אויסגעטאן די געלבליך־רויטליכע קאפאטקעלע אין וועלכער ער האט אנגעהויבען זיין רייזע ארויף בארג.

ער איז לוסטיג. ניט דער קוואקענען פון די פרעש אונטען אין זומפ, ניט דער מיטליידענדער אויסדרוק פון זיין פאמיליע, וועלכע האט מורא אז ער וועט פאלען אויפ'ן וועג און גע'הרג'ט ווערען, מחמת ער איז יונג און שלאף, ניט דער שטורם ארום איהם שרעקט איהם. ער געהט און קלעטערט און זינגט. און ער זינגט אויף פראסט אידיש. וואונדערבאר, ער האט דאכט זיך אויף זיך דעם צלם־אלהים ניט. הערט וואס ער זאגט:

איך לאף פון יעדען וועטער,
איך קלעטער מיר און קלעטער,
אלץ העכער אויפ'ן בארג:
די זונען־שטראהלען זיינען
צו פויל, מיך צו באשיינען,
און לייכטען אזוי קארג.

איך שטייג אבער און קלעטער,
און פריהער אדער שפעטער
דערגעה איך ביז'ן שפיץ;
איך לאף פון אלע ווינטען,
און געה און לאז פון הינטען
די גריבער און דעם גליץ.

סאַראַקעס לאָז איך קרעהען
דעם שטורעם לאָז איך וועהען,
ווי יונג איך בין און שוואַך;
און ביסלעכווייז פארשטומען
די חיות, וועלכע ברומען,
און איך — איך זינג און לאַך.

מיין פרעהליכער געלעכטער, —
ער איז ביי־נאַכט מיין וועכטער,
מיין קאָמפּאַניאָן ביי־טאָג;
מיין לאַסט איז ניט קיין שווערע:
מיין עהרליכקייט, מיין עהרע —
איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

און אַזוי קלעטערט ער און זינגט. וואוהין שטרעבט ער? ווער איז ער? ווער איז זיין טאַטע? ווער איז זיין מאַמע? פון וואָס פאַר אַ פאַמיליע שטאַמט ער?

איהר קענט דאָס אַלעס וויסען. איהר קענט אויף זיין פּנים לייענען ווי אין אַן אָפענעם ספר זיין גאַנצען שלשלת היוחסין. איהר זעהט אויף די מענליכע געזיכטס־ציגע פון זיין פאָטער'ס געשטאַלט, דעם ליעבליכען שמייכעל פון זיין שעהנער מוטער, די עהרליכע קליידונג פון זיין פאַמיליע, דעם ציעל, צו וועלכען ער שטרעבט.

אָבער איהר קענט ניט גוט לייענען... איהר זייט פאַרבלענדעטע מענשען, פאַרפינסטערטע מוחות, פאַרטומעלטע קעפּ... איהר וועט אפשר אַליין ניט קענען פאַרשטעהן... וואַרט! איך וועל איהם אָפּשטעלען און פאַנאַנדערפרעגען און איהר האָרכט נור, הערט זיך צו, ער רעדט:

„מיין פאָטער איז דער מענשען־באַפרייענדער געדאַנק, וועלכען מען רופט סאָציאַליזם און מיין מוטער איז די הערצער ערקוויקענדע געטין וועלכע הייסט ביי איך ליטעראַטור.

„מיין פאמיליע איז יעדען באקאנט: פון די זעלביגע עלטערן איז געבארען געווארען מיינע א שוועסטער, וועלכע האט זיך מתחתן געווען מיט דעם פארשערגייסט און האט געבראכט אויף דער וועלט א געראטענע טאכטער, א פרייע, א געבילדעטע, וועלכע לערנט צו ווערען פריי און געבילדעט. פון אונזער פאמיליע איז אויך א מעכטיגע טאכטער, וועלכע ווייס פון אלץ וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

„מיר האדעוועז זיך צוזאמען. מיר האבען אלע געפאקט און געמאזעלט וואקסענדיג, און אויף אונזער פנים האבען זיך צייטענווייז באוויזען מיאוס'ע פלעקעלעך. איך אליין, יונג ווי איך בין האב מעהר ווי איין איבערגאנג אויסגעשטאנען.

„איך קלעטער. איך מוז ערדרייכען דעם העכסטען ארט דארטען אויבען אויפ'ן בארג, און ווען איך וועל זיין אויבען, וועל איך מיך פיהלען שטארק אויף די פיס, און וועל אימער האבען מאכט אין מיין ארעם, אום אימער צו האלטען דעם לייכטענדען פאקעל פאר די וואס בראדזשענען נאך אונטען אינ'ם זומפ.

„היינט האב איך מיין כארטש און מיין קראפט פון אפגעשפארטע פריהשטיקס און מיטאגס פון ארימע ארבייטער. ווען איך וועל זיין אויבען, וועל איך קיינעם ניט באדארפען און וועל מאנכע ערנעהרען. דערווייל קלעטער איך און קלעטערנדיג וואקס איך. איך בין היינט אלט זעקס חדשים.

„איך בין לוסטיג, ווייל איך ליעב. איך מאך, שטייגענדיג ארויף־בארג צייטענווייז א פעהלשריט, אבער איך ווייס מיין ציעל און געה צו איהם מיט א פרעהליכען הארצען.

„ווי הייס איך? דער נאמען איז א קלייניגקייט, אבער זיי רופען מיך א מ ת און איך שטרעב עס צו זיין.״

* * *

דאס זאגענדיג, קלעטערט ער ווייטער.

# XXXII

## א קעלט אין קאָפּ.

איך וואָלט געזאָגט: איך האָב מיר צוגעקיהלט די קאָפּ, אָדער פארקיהלט ד ע ם קאָפּ, אָבער אזוי ווי עס איז שוין צייט, אז איך זאָל קענען רעדען ענגליש, זאָג איך, אז איך האָב א קעלט אין קאָפּ... מחשבות׳ן, א גרינער וואָלט עס ניט געגלויבט. א קעלט אין הארצען אין א זאך, וועלכע איז גאנץ נאטירליך צו קריגען אין אמעריקא ווייל דאָ וועהט נאָכאנאנד א שרעקליכער צפון ווינד — א ווינד וואָס שיינט צו קומען פון סיביר איבער אלאסקא דורך קענעדע אין די פאראייניגטע שטאאטען אריין; א ווינד וואָס ברענגט אריבער צו אונז א פארפראָרענעם זיפץ פון דער קאטאָרגא, א פארקיהלטען קרעכץ פון אן אויסגעגאנגענעם פרייהייטס־קעמפּפער און אזוי ווי מיר פארשטעהן ניט וואָס דאָס באטייט, ברענגט דאָס נור אריין א מורא׳דיגע קעלט אין אונזערע גליעדער, ארויסטרייבענדיג דאָס לעצטע ביסעלע עהרליכע ענטוזיאסטישע היץ פון הארצען פיעל שנעלער און גרינדליכער, ווי דער פראוואָסלאוונער האט טרייבט ארויס די אָרימע לעבעדיגע אידישקייט פון „טיעף־ראַסייע”. אָבער א קעלט אין קאָפּ? דאכט זיך, דער מוח דארף דאָ אין אמעריקא זיין ווארעם, ווייל ער ארבייט און שווינדעלט און דרעהט מעהר ווי אומעטום. יעדע זאך וואָס ארבייט און דרעהט זיך איז ווארעם, אָפּט זאָגאר הייס, ווי איהר וועט זיך איבערציינגען, ווען איהר וועט באטראכטען דעם ראָד אין א מאשין; אָדער די

ספעקולאַנטען אויף דער בערזע; אָדער אַ געבילדעטען בעל־שחרית וואָס איהם קומט אָן די עברי מיט גרינגע ווערים; אָדער אַ וועווערקע אויפ'ן רעדעל; אָדער אַן אונפּאָפּולאַרען פּאָפּוליסט וועלכער וויל געוועהלט ווערען און קען ניט; אָדער אַ קרענקליכע מיידעל אין אַ דייטשען וואַלצער; אָדער אַ סאַרקאַסטישען נאַר, וועלכער וואָלט זיך איין־וואָרט כאַפּען בייסען און האָט דערצו וועניג מוטה און שוואַכע צייהנער; אָדער... גענוג! איך האָב שוין, דאַכט זיך, אַזוי אויך צופיעל געאָדערט. איבערהויפּט איז געוועזען פון מיר אַ נאַרישקייט, וואָס איך האָב פון דער פעדער אַרויסגעלאָזען דער וואָרט „סאַרקאַסטישער נאַר". די היגע נאַרען זיינען אַ געפעהר־ליכע טיר־גאַטונג און זיך ניט באַנוגענדיג מיט'ן ליטעראַרישען גלעקעל וואָס זיי טראָגען אויפ'ן האַלז, באַנוצען זיי די אַמעריקאַני־שע רעדע־פרייהייט צוזאַמען מיט די היימישע זידעל־פרייהייט, אום אויף אייך אַרויפצופאַלען יעדעס מאָל ווען איהר רעדט אויס דאָס וואָרט „נאַר". פונקט ווי ביי אַ שרפה קריכען זיי מיט אַמאָל אַלע אַרויס פון זייערע לעכער און יעדער פון זיי ר ו פ ט ז י ך אָ פּ. אומזיסט וועט איהר שרייען און טענה'ען: געוואַלד, בהמה'לעך, וואָס ווילט איהר? קנאַפּ זיינען דאָ קעלבערנע צורות מיט'ן זיס־זויערליכען שמייכעל אויף זיי, ח ו ץ אייערע? זיי וועלען ניט הערען זיי וועלען לויפען צום ערשטען בעסטען זומפּ, וועלען זיך אָנ־זופּען מיט בלאָטע אום אויף אייך צו שפּייען. עס איז אמת, איהר דאַרפט ניט מורא האָבען: ווער איהר זאָלט ניט זיין, שטעהט איהר אימער ווניגסטענס אַזוי פיעל העכער פאַר זיי, אַז די אויסגעשפּוי־גענע בלאָטע דערגרייכט אייך ניט, שוין גאָר ניט רעדענדיג דערפון וואָס זיי שלינגען מעהר אַראָפּ וויפיעל זיי גיבען אַרויס פון זיך, וואָס דאָס איז אַ שטיקעלע טרייסט. פון דעסטוועגען איז גלייכער זיי ניט צו דערמאָהנען, זיי ניט צו באַריהרען, אַזוי ווי עס לוינט זיך ניט צו טשעפּען געוויסע ברואים, וועלכע קריכען אַרום אויף אייערע ווענד, אפילו ווען זיי דערעסען אייך, ווייל זייער גערוך בלייבט אויף אייערע פינגער פון די מינדסטע באַריהרונג.

אָבער, אָי, בין איך פאַרקראָכען! איך האָב געוואָלט עט־

וואָס זאָגען וועגען מיין ערקלעטונג, ד.ה., וועגען די קעלט וועלכע איך האָב אינ'ם קאָפּ.

און איהר דאַרפט דאָס וויסען: עס איז אַ יושר אַז איהר זאָלט זיך מיט מיר אינטערעסירען פון צוויי טעמים וועגען. ערשטענס, ווייל איך אינטערעסיר זיך מיט אייך, און צווייטענס ווייל איך קימערט ניט פאַר זיך אַליין און אַזוי ווי איהר זייט פאָרט סאָציאַלע ברואים — צי איהר ווייסט דאָס צי ניט — איז דאָך ניט מעהר ווי רעכט אַז איהר זאָלט נעהמען אַן אינטערעסע אין מיר... אפשר דורך דעם וואָס איהר וועט פאַרשטעהן מיין קעלט אין קאָפּ וועט איהר קומען צו באַגרייפען אַ סך זאַכען, וועלכע זיינען נוגע צו אייך אַליין.

אָה, ווען איהר זאָלט נור דיעזע אַלע זאַכען באַגרייפען! ווען אַלע אייערע חברים צווישען די אומות העולם וועלכע באַוואוינען דיעזע מדינה וואָלטען זיי נור ריכטיג באַגריפען! ווען איהר, צוזאַמען מיט זיי, וואָלט זיך נור אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירען מיט ז י ך ! ווי לייכט וואָלט איהר געקנט אָנהויבען צו לעבען פרייער, מענשליכער, זאַטער! אָבער וואָס העלפען אַלע מיינע אויסרופונגס־צייכענס ווען איהר זייט אַלע אַזוי גלייכגילטיג, ווען איהר קימערט זיך ניט פאַר זיך.

און איצט, ווען איך וואָלט אייך פיללייכט געקענט פאַראינטע־רעסירען אין מיר, און דורך מיר אין זיך, דורך די ערקלעטונג מיינע, — איצט קען איך אייך פון איהר קיין באַגריעף ניט געבען גראַדע דורך דעם, וואָס איך ה אָ ב איהר, דיעזע פאַרפלוכטע קעלט אין קאָפּ.

## XXXIII

# דער מענשענפריינד.

א זעלטענער יונגער מאנטשיק! פריש ווי א לאָנדאָנער לאָרד־מעיאָר דעם צעהנטען נאָוועמבער; רויטליך אויפ'ן פּנים ווי א ציענעל נאָר וואָס פון קאַלך־אויוען ארויס; גרונטאָוונע געבויט, ווי דער קבר פון רויטשילד אין פּאריז; מיט צוויי קלאָרע אויגען וועלכע זעהען אוים ווי א פּאָר דעטעקטיוום וואָס האָבען אקאָרשט געמאכט א לחיים; מיט פּלייצעס רונד ווי צוויי פּרנס־חדש'דיגע בייגלעך; אין א קאַפּאָטקעלע וואָס קלעפּט צו זיין איינגעפּונדעוועטען גוף ווי אן אמעריקאנער פּאָליטישען צו א פעטען „דזשאב"; אין א פּאָר שטיוועלעך וועלכע שיינען פארשווארצטערהייט, ווי א סוחר אויף זיין טאָכטער'ס חתונה א טאָג פאר'ן באנקראָט.... בקיצור א יונגער מאנטשיק וואָס בעט זיך פאר א לוסטיגען העלד אין א פּאריזער ראָמאן אריין און דאָך...

אָי, די דאָכ'ן! אָי, די אָבער'ן! וועלכער טייפעל האָט זיי ערפונדען? וואָס פארצייטען איז געווען ו י ה י איז היינט א דאָך: וואו נאָר א דאָך, דאָרטען איז א צרה. עס איז משוגע צו ווערען. אָט איז א יונגער מאנטשיק, וועלכער דאַרף זיין פריינדליך צו אלעמען; ווייך ווי פּוטער און זים ווי האָניג, און צום סוף איז ער גאָר א מענשענפריינד.

— דאָ האָט דער זעצער אָנגעמאכט א צרה — עס האָט אודאי געדאַרפט שטעהן „מענשענפיינד" און דער ריש האָט זיך אריינגע'גנב'ט אינ'ם פיינד, ווי דער הענגענדער נון אין משה, ווי

די ביידע נאפּאָלעאָנס אין די פראַנצויזישע רעפּובליק, ערשטע און צווייטע, ווי... נור לאָמיר בלייבען ביים ענין. דאָס גיב איך איבער אייערע רייד און איהר ווי'ט גאָר ניט, אַלואי וואָלט איהר דאָס גע־טאָן, וואָלט איך געקענט געניסען א רוהיגען עלטער.

בקיצור, דער אומגליק איז וואָס ער איז א מענשענפריינד. ווי אזוי? אָט הערט:

איך, — זאָגט ער צו מיר,— בין אפילו ניט קיין סאָציאַליסט, אָבער איך ליעב די מענשהייט. יאָ, הערר פילאָזאָף, איך בין א מענשענפריינד, איך...

—ענטשולדיגט, — האָב איך איהם אונטערבראָכען, — רופט מיך ניט פילאָזאָף, דאָ אין אַמעריקא זיינען דאָ שטיוועל־פּוייער, באַרביערען און אַנדערע אַזעלכע, וואָס רופען זיך פּראָפעסאָרען. דאָס איז נאָך צום אריבערטראָגען: א שטיוועל־פּוצער אוז א באַר־ביער זיינען יעדענפאַלס עהרליכע מענשען און עס איז זאָגאַר נאָך א גרויסע פראגע, צי זיי אָדער די פּראָפעסאָרען דארפען זיך געפי־נען באַליידיגט דורך דעם פאַרגלייך, אָבער פילאָזאָפען! ווען איהר וואָלט וויסען ווער... אָבער לאָמיך אייך אויסהערען. אַלזאָ, איהר זייט א מענשענפריינד, האָט איהר ליעב א ל ע מענשען? אָט, למשל, די ווילדע? וואָס מכוח זיי?

— איך קען ניט זאָגען אַז איך ליעב זיי. ווען מען רעדט ווע־גען מענשען טראַכט מען געוועהנליך ניט וועגען ווילדע.

— וואָרום ניט?

— קיינער טוט דאָס ניט.

— זעהר גוט, אָבער די ציוויליזירטע... וואָס זאָגט איהר וועגען זיי? האָט איהר ליעב, למשל, די אַמעריקאַנער?

— וועלכע, הערר פיל...? די זיד־אַמעריקאַנער האָב איך פיינט, זיי האַלטען אין איין בורענען זיך, אין איין מאַכען פּוסטע רעוואָלוציאָנען. זיינען גאָר קיין מענשען ניט.

— נו, און די נאָרד־אַמעריקאַנער?

— ניט איבעריגעס, זיי זיינען בלאָפערס אָדער פאַרבלאָפטע;

זיי האָבען די בעסטע קאָנסטיטושאָן אין דער וועלט און מאַכען פון איהר גראָדע אַזאַ געברויך ווי...

— אַ ליטווישער פויער פון זילבערנע עץ־חיים'ס — האָב איך איהם אַרויסגעהאָלפען — ניט זיי מאַכען דערפון וואָס, ניט זיי לאָזען אַנדערע מאַכען. ווי איך זעה האָט איהר צו זיי קיין גרויסע ליעבע ניט. אָבער איהר ליעבט געוויס די קאַנאַדיער און די ציוויליזירטע אין אויסטראַליען?

— ניין, זיי זעהט איהר גראָד ניט. מענשען וואָס לאָזען איבער זיך וואַיעווען אַ נאַרישע אַלטע גוי'ע האָב איך פיינט. אָה, יאַ!

— איך מוז צוגעבען אַז אַביסעלע רעכט האָט איהר, הגם די מעשה איז ניט אַזוי געפעהרליך ווי איהר מיינט. ווייטער. עס פאַרשטעהט זיך אַז איהר קענט ניט זיין קיין גרויסער פריינד פון די אַזיאַטען און אַפריקאַנער, סיי ווייסע, סיי געלע, סיי רויטע?

— געוויס ניט. זייט איהר?

— אַרום מיר רעדען מיר ניט. מיר האָבען אָפּגע'פּטר'ט אַן ערך פון עלף הונדערט מיליאָנען מענשען. איצט בלייבט אונז איבער די אַלטע איירָאָפּאַ.

— דאָס הייסט יוראָפּ. דאָ מוז איך אייך אָפען זאָגען, אַז איך האָב פשוט פיינט די טייטשען.

— די גאַנצע נאַציאָן? מיט שטעקער'ן, מיט אַלעמען?

— שטעקער'ן געוויס. וואָס קען זיין פאַר אַ גוטס אין אַ פאָלק, וועלכעס טרינקט ביער, עסט וואורשט און שטימט פאַר סאָציאַל־דעמאָקראַטען.

— זיינען די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ניט אַנאַרכיסטיש גענוג פאַר אייך?

— איך בין ניט קיין אַנאַרכיסט, איך...

דאָס מאַכט ניט אויס. לאָמיר געהן ווייטער. וואָס מכוח די פראַנצויזען? די שווייצער?

— זיי זיינען רעפּובליקאַנער ערגער ווי די מאָנאַרכיסטען.

— אלזאַ, האָט איהר די אַנדער פעלקער אויך ניט ליעב; ערגער באַטייט, אַז יענע זיינען אויך שלעכט.
— איך וועל אייך זאָגען...
—מחשבות'ן — האָב איך אונטערבראָכען, — וועט איהר נעהמען אַ שמעק טאַבאַק?
— איך האָב פיינט טאַבאַק — האָט ער האַסטיג געענטפערט.
— טאַבאַק אויך? גוט, גוט. וואָס האָט איהר געוואָלט זאָגען?
— די זיד־אייראָפּעער זיינען צו היציג און די נאָרד־אייראָפּעער — צו קאַלט. די אַנדערע זיינען ניט אַהין און ניט אַהער.
— ווי איך זעה, ליעבט איהר נור רוסלאַנד.
—'רוסלאַנד? פאַר וועלכע מעשים טובים? די רוסען אַליין זיינעז בארבארען מיט אַ ציוויליזירטע שפּראַך, די אַנדערע ראַסען וואָס לעבען דאָרטשען לאָזען זיך פון זיי אונטערדריקען.
— וועמען ליעבט איהר אויף דעם אופן? איהר זייט אַ מיטגליעד פון אַ פאַראיין, ליעבט איהר לכל הפּחות די מיטגליעדער?
— פערזענליך, געוויס ניט.
— ליעבט איהר אייער ווייב?
— איך האָב ניט קיין ווייב.
— ליעבט איהר אייער יונגע דאַמע?
— איך וואָלט זי געליעבט, נור זי האָט זיך פאַרקאָכעט אין אַן אַנדערן און איך מוז זי האַסען.
— אויף דעם אופן ליעבט איהר נור זיך אַליין.
— הערר פילאָזאָף... ענטשולדיגט וואָס איך רוף אייך אַזוי — איך בין קיין עגאָאיסט ניט.
— זיך אויך ניט? טאָ וואו איז אייער מענשענליעבע?
— הערט, — האָט ער אויסגעשריען — איהר נעהמט מיך צו שטאַרק אויפ'ן דאַפּראַס.
מיט די ווערטער האָט ער אַ האַק געטאָן די טיר, אַז עס זיינען שיער ניט אַלע מזוזות אַרויסגעפאַלען און איז אַוועקגעגאַנגען.
אַ זעלטענער יונגער מאַנטשיק, ניין?

## XXXIV

# איך, איך, און ווידער איך!

וואָס אַן אַלטער מאַן האָט אויסצושטעהן פאַר צרות! ווער עס האָט אַ קריוודע קומט צו מיר, אַ שטייגער ווי איך וואָלט געווען אַ היימישער פּרנס־חדש, אָדער אַ געזעץ־קאָלום אין אַ צייטונג, אָדער אַ גוטער איד מיט אַ בייזען מזל, אָדער אַן אָפּשפּרעכער פון עין־הרע'ס, אָדער אַזוי גלאַט עפּעס אַ קליינער רבונו־של־עולם... מחשבות'ן! מיין אייניקעל איז געקומען אויף אַן אידעע — די ניו יאָרקער שוירט־מייקעריי ברענגט צו אַלץ! — און זיין אידעע איז גאָר ניט קיין קרומע. ער וויל האָבען אַז דער אַמעריקאַנער רבונו־של־עולם, דער אַלמעכטיגער דאָלאַר, — אַזוי דריקט זיך דער חברה־מאַן אויס — האָט אונטער זיך דעם זעלביגען טראָן, דאָס הייסט, דעם זעלביגען כסא־הכבוד, ווי כביכול דעם אויבערשטענס אין דער געשטאַלט ווי יחזקאל הנביא האָט איהם געזעהן — אַזוי זאָגט ער, יחזקאל — אויפ'ן טייך כבר אין ארץ כשדים. „דער טראָן, שרייבט מיין אייניקעל, באַרוהט אויך אויף אַ מאַכעריי, וועלכע האָט אין זיך פיער פּנימ'ער פון פיער חיות — נעמליך פון אַ מענש און פון אַ לייב רעכטס, און פון אַן אָקס און פון אַן אָדלער לינקס. און זיי זיינען טאַקע אַלע חיות, הגם די זאָאָלאָגען פון אַלע רעליגיאָנען ווילען האָבען, אַז דער מענש איז אַ וואָרעם, דער אָדלער אַ לאַנדאָנער רב, דער אָקס אַ בהמה (פון אַנאַנדער גאַטונג) און אַז נאָר דער לייב אַליין איז אַ חיה. עס איז קיין שום ספק ניטאָ — שרייבט ווייטער מיין אייניקעל — אַז דער מענש און דער לייב ביי דעם היגען

רבונו־של־עולם'ס טראָן שטעהן צוזאַמען, מחמת דער דענקער און דער רויב־טיער זיינען דאָ ענג פאַרבונדען; עס איז אויך קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער אָקס (דער אַרבייטער וואָס געהט אין דער סאָכע ביי דער אַרבייט, און צו דער שחיטה אין דער מלחמה, וועלכער גע־ברויכט די הערנער ניט צום קאַמפּף מיט זיינע אונטעריאָכער, זאָנ־דערן צו שטעכען זיינס גלייכען, אַז דער אָקס איז אַ כשר'ה בהמה'לע און ניט אַ מעכטיגע חיה נור דערפאַר, ווייל ער שטעהט ביי'ן כסא־הכבוד פון גאָט מאַמאָן צוזאַמען מיט דעם אַמעריקאַנישען אָדלער, — אַ רויב־פויגעל, וועלכער ווערט אַזוי פאַרעהרט אַז זיין פּרצוף פּנים געפינט זיך אויף גילדערנע און זילבערנע מטבעות.״

אַזוי שרייבט ער.

איך האָב שטאַרק מורא, אַז דער בחור האָט דאָס פון מיר אַליין גע'גנב'עט. דאָס בלייבט יעדענפאַלס אין דער משפּחה (ווי איך זאָג צו מיינע ברידער ווען זיי זידלען מיך צייטענווייז) און חוץ דעם באַהאַלט ער דאָס ניט פאַר זיך, ער גיט עס אייך איבער, דאָס הייסט, ער גיט עס מיר אַליין איבער פאַר אייך. איך האָב אָבער שטאַרק מורא, אַז איך האָב אייך געוואָלט זאָגען גאָר אַנאַנדער זאַך. איך הויב אָן פון דאָס נייע.

כסדר אַזוי. אַן אַלטער מאַן האָט אויסצושטעהן אַ סך צרות. אָט קריג איך אַ בריעף פון אַ סאָציאַליסטישען, כלומר'שט־פּאָעטי־שען, רעדאַקטאָר, וועלכער האָט צרות פון דעם אמת. אַז אין אַמע־ריקאַ איז דער אמת קאָנטראַבאַנד, האָב איך נאָך אין מינסק גע־וואוסט. דאָ איז אָבער אַנאַנדער מגפה. צו איהם טשעפּעט מען זיך, ניט דערפאַר, ווייל ער זאָגט דעם אמת, נור ווייל זיינע אייגענע ברידער זיינען ניט געוואוינט צו **אַזאַ מין אמת ווי זייכעם**. זיי האַלטען, אַז דעם אמת דאַרף מען טאַקע זאָגען, אָבער אַז דאָס איז **זייער** עסק, און יעדענפאַלס טאָר מען ניט זאָגען צופיעל אמת געגען זיך אַליין. זיי האַלטען פון דעם פּסוק: לנכרי תשיך, ולאחיך לא תשיך — מיט אַנדערע ווערטער, אַז די בייסענדע סאַטירע, וועלכע איז אַ טאָכטער פון די אויפגערעגטע

ווארהייט, טאָר ניט באַריהרען אַ ברידערליכע הויט. אַט וואָס ער שרייבט:

„.... האָב לאַנג געליטען און געשוויגען, ווייל... בין פון נאַטור אַ געדולדיגער מענש. מען האָט מיך גערופען: געפּיהלפּאָל, איידעלע האַרץ און טויזענדער זאַכען, וועלכע זיינען אין אַמעריקאַ אַ באַליי־דיגונג און... האָב געשוויגען. איצט זאָגט מען, אַז.... ווייז אַרויס קליין־שטעדטעלדיגע גדלות (גרויס־שטעדטעלדיגע קליינליכקייט מאַכט, משמעות, ניט אויס!) אַז... בין אַ בעל־גואה, אַז... יאָג זיך נאָך דעם שאָטען פון מיינע איינבילדונגען, אַז... איך, איך, און ווי־דער איך".

האָב אַלע אַנדערע איך'ען אויסגעלאָזען, ווייל ער וויל אַזוי, אָבער ד י מוזען בלייבען. הערט ווייטער:

„...קען ניט פאַרשווייגען, ...מוז אויסרעדען מיין האַרץ, שיק איך אייך דאָ עטליכע פערזען, וועלכע... האָב אויפגעשריבען אין דעם ערשטען אימפּעט. דרוקט זיי אָפּ אין מיין נאָמען (פאַר אייך זיינען די פערזען ניט פּאַסיג — וואָלטען געדאַרפט זיין בעסער ... מיט וואָלקענס, מיט פייגעלעך, מיט צווייגען, מיט בלעטלעך, מיט בלומען, מיט'ן מזרח־ווינד, מיט די זון און אַלע שטערענדלעך, מיט אונפאַר־שטענדליכע ווערטער, מיט רוחניות, מיט איבערגעדרעהטע זעצע, מיט מלאכים, מיט זילבערנע וואַסערלעך פון ריזעלנדע קוועלכעלעך, מיט דוד המלך'ס פידעל, מיט האָמער'ס האַרף — בקיצור מיט אַלץ וואָס עס איז וואהרע פּאָעזיע) דרוקט דאָס אָפּ אין מיין נאָמען".

זעהר גוט, אַט האָט איהר דאָס. דעם פירוש דאַרויף וועל איך מאַכען נעקסטע וואָך, ווייל איך האַלט אַז ער איז ניט אין גאַנצען גע־רעכט. אַט איז זיין פּאָעטישע בורטשעריי:

איך, — איך, און ווידער איך,
אָי וועה, איז דאָס אַ צרה!
סיי איך הויב זיך, סיי איך קריך,
סיי איך בורבעל אונטער זיך —
איך ווער אַלץ די כפּרה...

רעד איך מעהר ניט ווי פון זיי,
דאַן שרייען זיי: „וואָס וויל ער?"
ענטפער איך אויף דעם געשריי,
זאָגט מען: „שטאָלצער האָהן, ניט קרעה,
דו רויטע קאַם, זיי שטילער".

קום איך דאַן, דערצעהל ווארום
איך מוז רק פון זיי רעדען,
שרייען זיי: „געוואלד, ווי דום!
אויפדעקען א קרוב'ס מום —
אזוי זיין אונבאשיידען!"

ווער איך שטיל און לאָז צו־רוה
דעם גאַנצען עסק, ווייל איך
רעכען, אז דעם רבי'ס קוה
מעג א זאך, וואָס ווען איך טו,
איך ווירקליך אונפארצייליך, —

שרייט מען אז פון אָנהויב־אָן
איז אַלץ געווען כשורה;
און איך בין דערזעלבער האָהן,
נור איך לאָז אראָפּ דעם טאָן
ביי'ן ערשטען שמיץ אין צורה.

אָי, איך — איך, און ווידער איך!
אָי וועה, דאָס איז די צרה!
צי איך רייד פון זיי, פון זיך,
צי איך הויב זיך, צי איך קריך,
איך ווער אַלץ די כפרה...

דעם פירוש אויף דעם וועל איך מאכען ניט נעקסטע וואָך. איך

וועל איהם מאכען טאקע שוין. ביז נעקסטע וואָך קען איך נאָך ארויסגעפינען, אז דער מאַן איז גערעכט און דאָס ווילט זיך מיר ניט.

כסדר אזוי. דער שרייבער פון דעם בריעף איז אומזיסט אויפגערעגט. ער דארף פארשטעהן, אז אין טעגליכע צייטונגען איז מען אָפט געצעטיגט א ו י ף ג י ך אויסצופילען פלאַץ און ווען מען האָט ניט קיין פארנינפטיגע ווערטער דערצו, נעהמט מען אבי וועלכע. צייטענווייז איז דער פלאַץ־אויספילער איבערהויפט קיין מקפיד ניט און ביי איהם קומט אויס, אַז די הויפּט־קונסט אין דער שרייבעריי איז, ווי גאָגאָל׳ס פעטרושקא האָט געמיינט, וואָס מען קען צונויפשטעלען פון אלערליי אותיות, אלערליי ווערטער. דאַן קען אזא פלאַץ־אויספילער זיין א מענש, וועלכער האָט ניט קיין צייט צו לייענען דאָס וואָס ער קריטיזירט, און אויב ער רעדט ניט צו דער זאַך איז דאָס נור ווייל ער האָט פון דער זאַך קיין ידיעה ניט. ער אַליין איז געווים א בראַווער עהרליכער מאַן, וועלכער האָט די בעסטע כונה.

און דאַן האָט מיין פריינד ניט געדאַרפט פארגעסען, אז דער דאָזירע פלאַץ־אויספילער איז זיינער א שטאַם־גענאָסע, א שרייב־גענאָסע, א פארטיי־גענאָסע און א צייטונגס־גענאָסע. עס שאַדט נאַטירליך ניט אפילו א ברודער צייטענווייז צו געבען א געזונטען קאַפּולער אָנצוהערענס ווען דער ברודער רעדט מיט אייך ווי א בייזע שוויגער נאָך א שווערען תענית, אָבער בלוט איז ניט קיין וואַסער און ווען די צייט וועט קומען, ווען מיר וועלען האָבען וואָס צו טאָן, וועלען די אַלע היציגע ווערטער אין פראָזא און אין פער־זען פארגעסען ווערען אויף אייביג, אָמן, ואמן!

XXXV

## חנוכה און קעלעריזם.

עס בענקט זיך שטארק נאָך דער ליטאָ, איבערהויפּט ווען עס קומט אָן חנוכה. אזא מינסק איז זיך אן אַלטער איינגעפונדעוועטער כרך; מיט אַלטע איינגעפונדעוועטע בעלי־בתים; מיט אַלטע איינגעפונדעוועטע מנהגים; מיט א גאָט, וועלכער האָט א דעה; מיט אן אמונה וועלכע האָט פאר זיך א שול־הויף; מיט א פּראָפעסיאָנעלען משוגענ׳עם אין שטאָדט; מיט א שטאָדט באָק, וועלכער איז א בכור און ווייס דאָס; מיט בתי מדרשים פאר ארימע בחורים צו שלאָפען אין זיי, און מיט הונדערט אנדערע זאכען, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם פייער פון אור כשדים און דאָס וואסער פונ׳ם מבול, און דעם קלאָג פון גזרת ת״ח און די שמחה פון די טויזענדער שכור׳ע שמחת־תורה׳ס. עס איז אמת, אז איך בין שוין א צייט פון דער היים, אז איך האָב זיך שוין לאנג אויסגעליטעֹ׳ט און אויסגעמינסק׳ט און רעד שוין אפילו ניט דעם הייליגען מינסקער לשון. עס קען זיין אז היינט איז מינסק שוין ניט מעהר מינסק, אָבער איך רעד פון פארצייטיגע יאָהרען און דאַן איז אַלעס געווען ווי איך האָב אייך געזאָגט; אויב ניט, האָט עס באדארפט זיין. אָה, חנוכה אין אונזערע מקומות אין יענע צייטען! וואָס ווייס אמעריקא דערפון, איהר קענט איהר דאָס ניט ערקלערען. ווי קענט איהר אזא מדינה געבען א באגריעף פון אונזערע בלייענע דריידלעך, איהר, וועלכע איז פארטאָן מיט דריידלעך פון גאָלד און זילבער און אקציען פּאַפּירען; מיט דריידלעך צו געווינען מיליאָנען, ניט קופּערנע ני־

קאָלאַיווסקע האַלבע און גאַנצע גראָשענס, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט אָנגעקליעבען ביז אַ דיטקע, מיט דריידלעך וועלכע געהן ניט אָפּען אַרום אויפ׳ן טיש, נאָר שטילערהייט, באַהאַלטענערהייט, ערגעץ־וואו אין אַן אָפּיס, אין אַ קלוב־רום, אין די לאָבים פון קאָנגרעס און די אַלע אַנדערע ערטער, פאַר וועלכע איהר קענט אפילו ניט געפינען אַ כשר׳ען אידישען נאָמען!

פרעגט אַמעריקאַ בחרם וואָס אַ חנוכה׳דיגער זעקס־און־זעכציג באַטייט! פרעגט איהר בחרם וואָס ברוך קאַלינער׳ס חנוכה־ליכט־בענשען באַטייט! וואָס פאַרשטעהט זי איבערהויפּט פון באַלייכטונג, וועלכע טאָר ניט באַנוצט ווערען, ווי אונזערע חנוכה־ליכט? זי זוכט פון אַלצדינג אַרויסצונעהמען אַ נוצען, זי איז פּראַקטיש, זי וויל ניט וויסען פון אַ לעמפּעל, אָדער אַ ליכט, וועלכער ברענט זיך און לייכט זיך צום אייגענעם פאַרגעניגען, און טאָר ניט געברויכט ווערען ניט צום אַרבייטען און ניט צום קנעלען, אַ שטייגער ווי אַ פּרוש אין דער היים, אָדער אַ נר־תמיד אין די הייִמישע שולען. אַמעריקאַ איז אַ שרעקליכע מדינה פאַר ליכט. וואָס צעהרט זיך אויף שיינענדיג ניט מעהר ווי פאַר זיך אַליין און דערפאַר טאַקע גיט זי ניט אָפּ דעם ריכטיגען כבוד אַ ליטווישען אָדער פּוילישען משכיל, וואָס ביי איהם איז יעדען שדכן געלאָפּען שפּייעכץ פון מויל, איהם באַטראַכטענדיג.

פון יהודה המכבי, זעהט איהר, האָט מען אין מינסק גאָר ניט פיעל געטראַכט. מיר האָבען זיך דאָרטען געהאַט אָפּגעוועהנט פון העלדען וועלכע שטעלען זיך געגען אַ גרויסע פינסטערע מאַכט און פרעגען ניט: „ווי פיעל זיינען מיר און ווי שטאַרק איז דער שונא?" מיר האָבען געקריצט די ציינער דערמאָהנענדיג דעם נאָמען פון אַנטיכוס מלך יון, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט אויף קלאָר וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג דיעזער אַנטיכוס האָט מיט די לאַטקעס, מיט די דריידלעך און מיט דעם מאַץ פון זעקס־און־זעכציג. מען האָט גערעדט פון חשמונאים, אָבער צי זיי זיינען געווען חסידים אָדער מתנגדים, צי זיי האָבען געבראַכט האָלץ אויפ׳ן מאַרק, אָדער זיי האָבען איינגעצעהלט אַ פּויער אַ גילדען אין אַ רובעל, דאָס האָט

א חוץ דעם רב און דעם מגיד קיינער אויף קלאָר ניט געוואוסט. עס זיינען געווים געוועזן פרומע אידען, וועלכע האָבען געמיינט אז די חשמונאים קומען ארויס פון אַשמינע פון ווילנער גובערניע. פון יהודה המכבי האָט מען ענטוועדער גאָר ניט געוואוסט, אָדער א ניט, אז ער האָט זיך עפּעס געשלאָגען מיט א יון וואו עס איז, ווי עס איז, ווען עס איז, און האָט איהם געוויזען ווער עלטער איז. פּארצייטען...

* * *

א שלים־מזל דאָס איז מיינער! טאָמער גיט זיך אמאָל איין א טאָג ווען איך קען קירעווען מיינע געדאנקען ווי א געניטער רוסישער יאַמשטשיק קירעוועט א טראָיקע, דארף מען קומען און מיר איבער־האקען אין מיטען אזוי ווי איך וואָלט געווען א בשותפות־געקויפטער הערינג.

איך שטעל אוועק דאָס וואָרט פּארצייטען, מיט אמאָל — א קלאַפּ אין טיר. א גאנצע שטיק פילאָזאָפיע ווערט אין ניוועץ גע־בראַכט און ווארום? דערפאַר ווייל א באקאנטער יונגער מאן דארף מיר דרעהען א קאָפּ מיט דייטשע פּאָליטיק.

— קעללער איז אוים קאַפּעלוש־מאַכער! — שרייט ער אוים ניט טויט, ניט לעבעדיג.

— נו, מאי בהאי? פרעג איך איהם, געלאַסען אויסטוענדיג די שפּאַקולען.

— סטייטש וואָס רעדט איהר? — זאָגט ער זעהר פּארוואונ־דערט, — קעללער, דער סאָציאַליסטען־פּרעסער, ער איז ניט מעהר מיניסטער, ער איז ארויסגעוואָרפען!! געדענקט איהר ניט זיין רעדע מיט עטליכע חדשים צוריק אינ׳ם רייכסטאָג, בעת ער האָט זיך אזוי גראָב אויפגעפיהרט און האָט געקראָגען א פּאַלאַמענטארישען כליושק אין פּנים פון בעבעל׳ן? נאָט אייך; זעהט דאָס דורך!

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען אין איילעניש ווי דער רוח וואָלט איהם אוועקגעטראָגען. אויפ׳ן טיש האָב איך גע־פונען פאָלגענדע פערזען, וועלכע איך גיב אייך איבער.

## א הספד נאָך א לעבעדיגען.

יוסטיץ־מיניסטער, הערר פאָן קעללער
איז אוים מיניסטער, און ווערט היינט
א פראָסטער ביער־און־בראָנפען־קעלער, —
באוויינט איהם ליעבע גוטע פריינד!
גיסט יעדער וועלכער קען פארגיסען
א טרעהר אויף הערר'ן קעללער'ס פאַל,
ביז טייכען טרעהרען וועלען פליסען,
פארפלייצענדיג דעם ערדענ־באַל;
דען ער וואר מאמאָן'ס טרייער פריסטער
פון וועלוועל'ס שפיעז דער שארפער שפיץ, —
אן עכטער פרייסישער מיניסטער
פון עכטע פרייסישע יוסטיץ.

יוסטיץ־מיניסטער הערר פאָן קעללער, —
איי, איי, — איז דאָס געוועזען א מאַן!
אינ'ם לאנד פון רויטע־חברה־קוועלער,
אין פארלאַמענט א באראבאַן.
ער האָט געזאָלט א ביסמארק ווערן,
און האָט געהאט דערצו דאָס... מויל.
און פלוצלונג פאלט אזא מין שטערן,
פלאַצט מיט א קנאַק פונקט ווי א קויל!
געארבייט שווער האָט גאָר אומזיסט ער
אין רייכסטאַג, מיט זיין שווערען וויץ,
אלס עכטער פרייסישער מיניסטער
פון עכטע פרייסישע יוסטיץ.

יוסטיץ־מיניסטער הערר פאָן קעללער!
דעם גרויסען קייזער'ס רעכטע האנד;
א שטארקער פיסעל אונטערשטעלער

פאַר זיי וואָס מאַכען אָן אין לאַנד
א קנאה־שנאה צווישען קלאַסען
פון מייסטערס און פון טרייע קנעכט —
ווערט דיר־נישט, מיר־נישט איצט „ענטלאַסען".
נו, זאָג־זשע ברודער, איז דאָס רעכט?
ווער זאָל איצט ווערן דער פאַרוויסטער
פון פרייהייטס טעמפעל, חוץ דעם בליץ,
ווען קעללער איז ניט מעהר מיניסטער
פון עכטע פרייסישע יוסטיץ.

דאָס איז אַלעס גאַנץ פיין, אָבער איז קעללער געוועזען יוס־טיץ־מיניסטער? איז עס זיכער אז ער איז אוים? צו האָבען דאָ ניט די היגע צייטונגען פאַרפּלאָנטערט מיין יונגען פריינד?

און איצט זייט מיך אַלע געזונד און האָט מיך אין זינען ביי די לאַטקעס.



## XXXVI

# אונזערע פליטען.

איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אויב איהר ווילט זיך אויסרעדען אייער הארץ, זאָלט איהר וואָס ווענינער האָבען אויפ'ן הארצען. עס איז געווען שלעכט צו וועלען עפּעס זאָגען און ניט האָבען וואָס, אָבער עס איז נאָך ערגער צו האָבען צו פ י ע ל. דאָס איז וואַרשיינליך דער גרונד דערפון, וואָס דער אַרבייטער שווייגט: ער האָט, אָרימער קערל, צו פיעל צו רעדען. אָה, יאַ! איך ווייס ניט, צי איהר זייט ווען עס איז געווען אין זיין הארצען. אויב איהר זייט געוועזען, האָט איהר געווים געזעהן, ווי דער קלאָג נאָך אַ טאַטען, וועלכע אַ פּאָר צוריסענע שיך האָבען אָטפּראַוועט פער גאַלאָפּירענדע שווינדזוכט (דאָס איז איינער פון די שנעל-ציגע אויף דער באַהן פון לעבען צום טויט) אין יענע וועלט, — ווי דער דאָזיגער קלאָג האָט ניט געקענט אַרויסקומען, ווייל ער איז געווען צו גרויס פאַר'ן גאָרגעל און דער אָרימער אַרבייטער איז כמעט דערשטיקט געוואָרען מיט איהם. איהר האָט פיליייכט אויך געזעהן, ווי דאָרטען אין הארצען איז אַ וואונד, וואָס איז אויסגעוואַקסען נאָך אַ געליעבטען קינד, וועלכע איינע פון די טענעמענט-הויז-מגפות האָט געשאָנקען דעם מלאך-המות צום אייביגען אַנדענקען, — ווי אַזאַ וואונד האָט זיך געריסען ביים אַרבייטער אויפ'ן צונג און האָט ניט געקענט אַרויסקומען, ווייל אַ גרעסערער שמערץ האָט איהר פאַרשטעלט דעם וועג, אַ שמערץ וואָס איז געקומען דורך דעם וואָס די איבעריגע קינדער זיינען געבליבען אָהן אַ מוטער אויף דער

וועלט... מחשבות'ן! ווייסט איהר וואָס א מוטער באַטייט? דאָס באַטייט אַ קאָפּ וועלכע פיהלט אַ קינד'ס קאָפּ-וועהטאָג; דאָס הייסט אַ מאַגען וועלכער פיהלט אַ קינד'ס הונגער; דאָס באַטייט אַ פרוי וועלכע לעבט מיט און לעבט דורך אַלע פריידען און אַלע ליידען פון איהרע קינדער פון די וויגעלע ביז די גרויע האָר; דאָס הייסט אַ מענש, וועלכער לעבט דריי פיער, פינף, זעקס, און מעהר לעבענס אינ'ם לעבען און ליידט אַזוי פילערליי יסורים און שטאַרבט ביסלעכווייז מיט יעדען קינד, וואָס געהט אַוועק פון דער וועלט. איהר גלויבט ניט? אָה, איהר נאַרען! געהט אַוועק אויף אַ בית-עולם, לעגט צו אַן אויער צו די קברים'לעך פון די קליינע קינדערלעך,איבערהויפּט פון די אָרימע, און איהר וועט הערען אַ בימערן קול פון אַן אָרימע מוטער; גראָבט אויף די קופּקעלעך ערד און קוקט גוט אריין, וועט איהר זעהן, ווי לעבען די קאַלטעביינדעלעך טוליעט זיך אַ שטיק מוטער-האַרץ, וואָס איז צוזאַמען מיט זיי באַגראָבען געוואָרען אָהן די קברנים'ס ידיעה, ווי דאָס טולעט זיך צו די ביינדעלעך די קאַלטע און דאָס וואַרעמט זיי טיעף אין דער ערד... אין לאָנדאָן האָב איך געקענט אַ זיעבעניאָהריגע מיידעלע, וועלכע האָט פאַרקויפט אין גאַס די פיינסטע בלומען. איין טאָג האָב איך ביי איהר געקויפט אַ ליליע, און גוט באַטראַכטענדיג די בלום האָב איך געזעהן, אַז די פייכטקייט איז ניט אַ וואַסערדיגע. נאָכהער האָב איך ערפאַהרען, אַז דאָס קינד האָט טעגליך ארויסגעטראָגען אויפ'ן גאַס בלומען, וועלכע די מוטער — אַ קראַנקע, שוואַכע אלמנה — פלעגט באַגיסען אַלע אין דער פריה מיט שטראָמען פון ביטערע טרעהרען. וועט איהר גלויבען, אָדער ניט, מיין אַלטע נאַרישע האַרץ האָט שיער ניט געפּלאַצט אויפ'ן שטעל... פון יענעם טאָג אָן פאַרשטעה איך וואָס אַ מאַמע איז, און פאַרשטעה אויך פאַר וואָס דער גרויסער וויקטאָר הוגאָ האָט געמאַכט פון איהר אַזאַ וועזען און ווי ער האָט אויסגעפונען מענשליכקייט ביי אַזאַ ווילדע חיה אויף צוויי פיס ווי לוקרעציאַ באָרדזשיא ווייל זי איז געווען אַ מאַמע.

אָבער ניט דאָס אַלעס בין איך אויסען. איך וויל אייך זאָגען

גאַר אַנאַנדער זאַך, מעהר ניט מיינע געפיהלען ראַנגלען זיך אין מיין הארצען איינס מיט'ן צווייטען און פארלויפען דעם וועג איינס דעם צווייטען. דאָ איז ניט ווי אימער א פראגע פון צושלאָגענע געדאַנקען, וועלכע זיינען ביי מיר א כראָנישע אונהיילבארע קראנקהייט, דאָ איז א פראגע פון צוטומעלטע געפיהלען.

ווי גיב איך אייך דאָס צו פארשטעהן? שטעלט זיך פאַר אזא מין זאך: —

צום אריבערגעהן דעם ירדן האָט איהר פון שטארקע דעמ־בען צונויפגעפלאָכטען א פליט, ווייל היינטיגע צייטען פאסירט שוין קיין נסים ניט מעהר, אויסער פילייכט ווען אן אַלדערמאַן מיט 20 דאָלאַר א וואך שכירות בויט אוים א צעהן עטאזשנעם מויער ניט האָבענדיג פון זיין טאטען קיין ירושה. דער פליט אונ־זערער איז איינער פון די הונדערטער, מאנכע שוואכער, מאנכע שטארקער, מאנכע אונגעהייער גרוים און מעכטיג. אונזער פליט — א פליט געפיהרט פון אידישע קאָנזאָרטניקעס — האָט זיך, ווי אנדערע אָנגעהויבען זעהר קליין, פון עטליכע קלעצלעך איז ביסלעכווייז גרעסער געוואָרען, פעסטער געפלאָכטען, וועהרענד די קאָנזאָרטניקעס זיינען געוואקסען אין צאָהל, ווערענדיג געניטער אויפ'ן וואסער און פעהיגער אריבערצופיהרען די מחנה איבער'ן ירדן.

און דאָס פאָלק איז געקומען אין מאסען, און האָט פון זיך ארויסגעגעבען אימער נייע קאָנזאָרטניקעס און האָט צוגעזעצט נייע באַלקענס צום פליט, און וואו א וויאָסלע איז ארויסגעפאלען פון אן אָפגעשוואכטע האנד, האָט א געזונטע, אינגערע האנד איהר איבערגענומען. די מאסען, וועלכע האָבען ביים שיפען זיך ניט פיעל געקענט טאָן, האָבען באנוצט די פליטען צום אריבערגעהן דעם פלוס, אימער פארמעהרענדיג די צאָהל פון די קעמפפענדע ארמעע.

און דער אידישער פליט האָט זיך אזוי א לאנגע צייט געטאָן זיין ארבייט, ביז עס איז צו איהם צוגעקומען נאָך איינער, דאַן א צווייטער, דאַן א דריטער.

נון, האָט מען גענומען מערקען, אַז די אַלע פיער פּליטען געהן עפּעס ניט ברידערליך צוזאַמען, אַז די קאָנזאָרטניקעס ווערען איי־נער פון דעם אַנדערען אַביסעלע דערווייטערט און זיי דערהערען ניט מעהר און פאַרשטעהן ניט מעהר אַזוי גוט ווי פריהער איינער דעם צווייטען; אַז מאַנכע פון די וויאָסלעס זיינען אָפּגעניצט און מאַנכע פון די באַלקענס זיינען דאָ אַ האָרעלע לויז, דאַרטען אַ האָרעלע צופוילט.

פון דעם פּליט, וועלכער איז שפּעטער ווי אַלע געפּלאָכטען גע־וואָרען, האָבען זיך דערהערט אַזעלכע שטימען. די עלטערע קאָנ־זאָרטניקעס האָבען זיך געפונען באַליידיגט, און אויף אַ ווײלע איז ענטשטאַנען אַ קליינע מהומה. אָבער דער רעש איז איבערגעגאַנ־גען און מען איז געקומען אויף אַ פּלאַן צו פאַררופען אַלע קאָנזאָרט־ניקעס און מאַנכע פון יענער זייט ירדן און זעהן צו קען מען ניט אונטערזוכען די פּליטען, אום אויסצובעסערען וואָס אין זיי פעהלט, אום, ווען עס וועט נויטיג זיין צו רעאָרגאַניזירען; איבערצו־פּלעכטען, ארויסצונעהמען און צוצולעגען אַ באַלקען וואו עס בעט זיך און אויף דעם אופן צו ברענגען די גאַנצע פּליטען־פּלאָטע אין אַ בעסערן צושטאַנד.

קענט איהר זיך דאָס אַלץ פאָרשטעלען? איצט שטעלט זיך פאָר די געפאַהר, אַז די אסיפה פון קאָנזאָרטניקעס זאָל דורך מאַנכע אורזאַכען צוטומעלט און צושטערט ווערן . . . אַז אָנ־שטאָט, וואָס אַלע פּליטען זאָלען איבערגעפּלאָכטען ווערען און קרי־גען די ריכטיגע וויאָסלעס און די ריכטיגע מענער — וועט ביי דער אסיפה גאָר ניט געטאָן ווערען און מאַנכע לויז געוואָרענע באַל־קענס וועלען אין גאַנצען צוגרונדע געהן! שטעלט זיך פאָר די פאַרשיעדענע געפיהלען וועלכע שטויסען זיך אין אַזאַ פאַל ביי אַ מענשען אין ברוסט און דאַן וועט איהר פאַרשטעהן אַז וואָס מעהר מען האָט האָס אויפ'ן הארצען איז אַלץ שווערער זיך אויס־צורעדען די האַרץ.

XXXVII

## וואָס זאָל איך טאָן?

„עס איז א וואונדערבארע זאך
„מיט מיין געלעכטער און געוויין:
„איך בין ניט לוסטיג ווען איך לאך
„און טרויער ניט בשעת איך וויין".

דיזע ווערטער זיינען געווען דער אָנהויב פון א געדיכט וועלכעס איך האָב נ י ט פארפאסט מיט זעקס יאָהר צוריק. איך האָב דאָס געדיכט ניט געמאכט ווייל איך האָב ניט געקענט און האָב דאָס אָנגע־הויבען צו מאכען, ווייל א מינסקער נעהמט זיך צו אלץ. ווען איך וואָלט ניט מורא געהאט, זיך צו פארדעדען אָן א זייט, וואָלט איך אייך דערצעהלט א גאנצע ציקעלע מיט מיינעם א לאנדס־מאן, וועל־כער האָט אָפּגעפינסטערט זיין גאנצען לעבען נאָר דורך דעם, וואָס האָבענדיג אין זיך מינסקער בלוט, האָט ער זיך גענומען צו אלץ אין דער וועלט: ער האָט זיך זאָגאר גע'שמד'ט אום צו פּראָבירען זעהן צו ער וועט דאָס קענען פּועל'ן ביי זיך און ער איז וואר־שיינליך געשטאָרבען, דאָס הייסט, גע'פּגר'ט אויך צוליעב דעם זעלבען גרונד, א שטייגער ווי איינער זאָגט: „לאָמיך זעהן צו איך וועל קענען אָפּטאָן אזא מעשה!" ער איז ניט די איינציגע חיה פון דיעזער גאטונג: ווילהעלם דער ליארם־מאכער איז אזא נפש און חוץ איהם איז דאָ אין אמעריקא פּאראן א שרייבער, וועלכער קוילעט זיך אליין דורך נעהמען זיך צו זאכען, וואָס זיינען ניט פאר

איהם געדאַכט, ווי למשל, זאָגען חכמות און רעדען אַרום אַנדערע, וועהרענד ער איז פון דער נאַטור געשאַפען צו רעדען אַרום זיך און זאָגען תפלה זכה, וואָס דאָס קענט איהר זעהן אויף זיין נאָז... איך ווייס ניט צי איהר האָט ווען עס איז געהערט פון נאַרציסוס, דעם שעהנעם יונגען מאַן, וועלכער איז געוועזען אַזוי פאַרליעבט אין זיך אַליין, אַז ער פלעגט זיצען ביי אַ טייך אום צו באַטראַכטען זיין פּנים (עס זיינען נאָך דעמאָלס ניט געווען קיין שפּיגלען, ליעבע לעזערינען!) און איז ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען פון ליעבע צו זיין אייגענע ליעבליכע פּערזאָן, ניט זאָגענדיג חכמות, ניט אַנדערע זאַכען. אָט אַזאַ ראָלע האָט געדאַפט שפּיעלען דער שרייבער וועלכען איך האָב עראינערט, אָבער די טבע צו נעהמען זיך צו אַלץ איז גובר דעם גראַדען שכל און דער אָרימער נ א ר ־ צ י ס ו ס קוילעט זיך אוועק מיט זיינע אייגענע גלייכווערטליך. ער... אָבער לאָמיך זיך צו־ריקקעהרען צו מיין ענין.

איך הויב אָן פון דאָס נייע. מיט זעקס יאָהר צוריק, ווען די ציּ־ווילּיזירטע וועלט איז ערשטוינט געוואָרען פון דעם ערשטען בינטעל פון מיינע „צושלאָגענע געדאַנקען”, האָב איך נ י ט פאַרפאַסט אַ געדיכט וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווערטער:

„עס איז אַ וואונדערבאַרע זאַך
„מיט מיין געלעכטער און געוויין:
„איך בין ניט לוסטיג ווען איך לאַך
און טרויער ניט בשעת איך וויין.”

צו יענער צייט האָב איך געהאַלטען אין איין קלערען וועגען מיין גע־לעכטער און געוויין און, ניט קענענדיג דאָס אויסקלערען אין פּראָזא, האָב איך פּרובירט קלערען אין פּאָעזיע, אָבער פּאָעזיע איז ניט מיין פאַך, און דער פועל יוצא דערפון איז געוועזען, אַז איך האָב די קלערעריי פאָרטגעזעצט אין פּראָזא און צום סוף פון 1889 בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך קום אַרויס פון אַ גלגול פון דיביידע אַלטע פילאָזאָפען: דעמאָקריטאָס, „דעם לאַכעדיגען” און הערַאקליטאָס, „דעם וויינענדיגען”, ווי מען האָט זיי גערופען אין די

אַלטע צייטען אין גריכענלאַנד. דאָס אַלעס קענט איהר לייענען גע־דרוקט אין אַן אַרטיקעל מיט דעם נאָמען „איך" אין דעם לאָנדאָנער „ארבייטער פריינד", סיידען איהר האָט ניצליכערע זאכען צו לייענען, ווי מיינע איך'ס.

און, מערקווירדיג! היינט געהן מיר עפּעס יענע פיער געגראַמ־טע שורות פון קאָפּ ניט ארויס. ווארום? איך וויים אַליין ניט. און אפשר איז דאָס דערפאר ווייל מיר ווילט זיך נאָכאַנאַנד אי לאַכען אי וויינען. אָבער דעמאָקריטאָס און העראַקליטאָס שטויסען זיך איינער דעם אַנדערען אין ברוסט ווי עשו און יעקב אין רבקה'ס לייב און איך קען ניט לאַכען.

מיר ווילט זיך וויינען, ווייל איך האַלט זיך ווידער אַמאָל ביי'ן געזעגענען מיט פיעלע פריינד, וועלכע האָבען צוזאַמען מיט מיר גע־ליעבט, און געהאסט און געהאָפט און געציטערט; ווייל פּנים'ער, וועלכע האָבען אָפּט אָנגעוואַרעמט מיט זייערע פריידענשטראַהלען מיין פאַרגליווערטע הארץ און האָבען געבראַכט צום שמעלצען און צום פליסען פיעלע פאַרהאַרטעווע געפיהלען, — ווייל, זאָג איך, דיזע פּנים'ר וועלען באַלד פאַרשוואונדען ווערען פון מיינע אויגען און וועלען באַצויגען ווערען מיט וואָלקענס פון „אַמאָל", וועלען ווערען געוועזענע, אַמאָליגע, פאַרגאַנגענע; ווייל פיעלע פריידיגע, באַ־גייסטערטע סצענען וועלען ווערען בלייכער, בלאַסער — בלאַסער, בלייכער, ביז זיי וועלען צוזאַמען מיט מיין גוף באַגראָבען ווערען אין קאַלטען קבר, וואו עס ווערט אויסגעמעקט דער זכר פון ליעבע און פריידע און באַגייסטערונג.

אָי, ווילט זיך מיר וויינען!

אָבער דער דעמאָקריטאָס אין מיר לאָזט מיך ניט. „איז דאָס א צייט צום וויינען?" שרייט ער אויס מיט א גיפטיגען שמייכעל אויף די ליפּען. די וועלט איז א גרויסער טעאַטער, אויף וועלכען עס ווערט נאָכאַנאַנד געשפּיעלט א געוואַלדיגע קאָמישע פּיעסע. קוק זיך צו צו די דומהייטען, וועלכע די אַקטיאָרען שפּיעלען אויף דער וועלט־ביהנע און לאַך" און איך קוק זיך צו און מיר ווילט זיך לאַכען. „ווי דום דיזע שטערבליכע זיינען!" רוף איך אויס אין

די ווערטער פון שעקספּיער'ס פּאַק; ווי לעכערלעך און לאַכהאַפּטיג די גאַנצע געשיכטע איז! וואָס שיידט מיך אייגענטליך פאַנאַנדער פון יענע אַלע ליעבּליכע געזיכטער? די אייביג מענשליכע דומהייט, וועלכע וויל זיך ניט זעהן אין דעם שפּיגעל פון דער וואַרהייט, אַ שפּיגעל וועלכער קען אייך ניט חנפה'נען, וועלכער מוז אייך ווייזען אייער פּנים מיט אַלע זיינע רונצלען, מיט אַלע פּימפּעלס, מיט אַל דעם שמוץ, וועלכער האָט זיך אויף איהם אָנגעזאַמעלט; אַ שפּיגעל וועלכער ווייזט אייך אַ זויערע מינע, און טאָמער ווערט די מינע נאָך זויערער פון דער באַטראַכטונג, ווייזט ער אייך דיעזע מינע אין דעם געשטייגערטען גראַד פון איהר זויערקייט. ער ווייס ניט פון קיין קונצען. טאָמער ווילט זיך ווערען עס איז דעם שפּיגעל צובּרעכען, טאָמער געלינגט דאָס אימיצען, טאָמער ברענגט דאָס מיט זיך מיט אַ שיידונג צווישען דעם שפּיגעל־האַלטער און זיי, וואָס האָבען דעם שפּיגעל באַשאַפען איז דאָך דאָס נור לעכערליך און אַלעס וואָס מען קאָן טאָן איז נור לאַכען, לאַכען ווי איבער די דומהייט פון דער אָבּער־זיאַנע אין קרילאָוו'ס פאַבעל.

און די טרעהרען אין די אויגען, וועלכע האָבען געוואָלט אויסדריקען אַ צובּראָכען הארץ, דריקען אויס אַן איבּערגעפּילטע הארץ, אַ הארץ וואָס קען פילייכט צופּלאַצט ווערען, אָבער ניט פון געוויין זאָנדערן פון געלעכטער.

אָי, ווילט זיך מיר לאַכען!

האַ־האַ־האַ! האַ.... „האַלט!" שרייט הערַאקליטאָס. ער רוקט זיך פאָרוועטס אַרויס אין מיין ברוסט, שטויסט דעם אַלטען דעמאָקריטאָס אַוועק אַן אַ זייט און איך הער אַ שרעקליך טרויעריגע שטימע:

אַלטער, דו געהסט מיט'ן שטאָב אין דער האַנד,
היינטיגען טאָג אַרויס וואַנדערן,
און דאָס עראָבּערטע שטיקעלע לאַנד
לאָזטו דאָ איבער אַנאַנדערן.

ווער, אין דעם ביטער־באַצוואונגענעם לאַנד,
איז יענער נייער דער אַנדערער ?
ענדיגט זיך דאָ פון אַ ווערק נור אַ באַנד.
אַרער — אונגליקליכער וואַנדערער ! —
שטעלט פּילייכט פאַר דאָ דיין איצטיגער שפּרוך
גאָר פון אַ ווערק אַ פאַרדאַרבענעם
איינפאַך דעם שלוס פון דעם טראַגישען בוך,
און ביי אַ מאַן אַ געשטאָרבענעם
פון דער גסיסה דעם שרעקליכען זיפץ,
אין דער צוואה דאָס בלאַסע געשריפּץ ?

„אונזין ! אונזין !" שרייט דעמאָקריטאָס. „נור ניט פאַרצווייפעלט ! דער שטאָב אין דער האַנד קען ווערען אַ מעכטיגע וואַפע געגען דעם פיינד, אַ מעכטיגע שטיצע פאַר'ן פריינד. געה, וואַנדערער, אָבער לאַך פון דער גאַנצער וועלט ; וואָס ערגער זי איז, גיט זי אַלץ מעהר שטאָף צום לאַכען !"

אָה, ניין, איך קען ניט לאַכען, אָבער איך קען אויך ניט וויינען, — זאָל איך שווייגען ? זאָל איך שלאָפען ?

מיר וועלען זעהן.



## XXXVIII

## וואָס דער עולם רעדט וועגען דעם „פאָרווערטס".

אַט ווי איך זאָג אייך: די צווייטע טעג פּסח האָט זיך מיר אויף די עלטערע יאָהרען תמיד געדרעמילט. ניט זינדיגען זאָל מען מיט די רייד, אָבער די צווייטע טעג זיינען עפּעס ניט אין גאַנצען אַ יום־טוב; זיי זיינען לגבי יענע כמעט דאָס אייגענע וואָס די צווייטע פּאָר פּראַסלעס ציינער זיינען געגען די ערשטע; די נפקא־מינה צווישען אַ פּלונית'טע און אַ ווייב, צווישען אַ ווייב און אַ כלה, צווישען אַ כלה און אַ געליעבטע, צווישען אַ געליעבטע וועלכע איהר האָט און אַ געליעבטע וועלכע איהר וואָלט וועלען האָבען — די נפקא־מינה צווישען זיי איז ניט גרעסער ווי צווישען די ערשטע און די צווייטע טעג יום־טוב.

און מיינט ניט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די מכות זיינען שוין אָפּגעטונקט, דער אפיקומן אָפּגע'גנב'ט, די הגדה אָפּגעזאָגט, די קשיות אָפּגעפרעגט. צווייטע טעג, ערשטע, — יום־טוב איז יום טוב, און די קניידלעך זיינען אין פלוג אַזוי פעט ווי געוועזען, און דער מאָגען, וואָס בורעט זיך, שילט די בייזע האַלז ווי גע־שאָלטען, און אויפ'ן טיש שטעהט ראָסעל, וואָס האָט דעם קאָליר פון אַ געכאַפּטען ליגען אָדער פון פּרעה'ס ערשטע מכה און אַ פאַרע געהט דערפון ווי פון דעם פּאָפּוליסטישען ענטוזיאַם, וועלכער איז (ווי די ראָסעל) אָנגעהיצט אָבער בטבע וואסערדיג, זויערדיג אָבער ניט קרעפטיג, קאָכעדיג אָבער ניט אויף לאַנג, רויט אָבער ניט רויט ווי די רויטע פאָהן, נאָר ווי אַ צופלאַמ־

טע באַק. ראָסעל איז פון דעסטוועגן ראָסעל און דאָס איז דאָ. חוץ דעם איז נאָך דאָ מעד — מעד, וואָס איז געוואָרען בעסער און פיינער איבערגעקלערט ווי א אידישער פּלאַן, מעד, וואָס האָט אין זיך די מתיקות פון דעם באַלעבעסעל׳ס א מה־יפית, די שטאַר־קייט פון יאַנקעל צוואָראַך׳ס ליטעראַרישען כריין, א מין כריין, אין וועלכע עס פעהלען, למשל, זאַלץ און פעפער, אָבער וועלכער איז פון דעסטוועגען ביטער גענוג, געזאַלצען גענוג און שטאַרק גענוג אייך צו געבען א גרעסערען האַק און נאָז ווי די ערגסטע לעמבערגער קעז. און דאַן איז נאָך דאָ מצה אין קאַסטען, הגם מייסטענס צוקראָכענע און צוגעסמאַליעט ווי די האַרץ פון א פאַנ־טאַזיאָרקע, אָבער מצה איז נאָך אַלץ דאָ אין קאַסטען ווי עס זיי־נען נאָך דאָ פּיוטים אין דעם מחזור, עטוואָס ריינליכקייט אויפ׳ן פּאָדלאָגע, צופרידענהייט אויפ׳ן פּנים, א ווייסער פאַרטוך ביי דער ווייב, וועלעשע נים ביי די קינדער, קרעדיט אויף אַן עליה אין קלויז, א ביסעל ריצען־אייל אויף אסרו חג, אַן אויסזיכט אויף עולם־הבא לאחר מאה שנים. און דערוויל שטימט נאָך דער חשבון פון די ספירה, און עס לעבט נאָך דער גוי וואָס האָט דעם ביל־אָוו־סייל אויף די קרעמעל חמץ, און עס איז דאָ א וואָל־וועלער מלמד פאַר׳ן איינגעל אויף דעם קומענדיגען זמן, און די נעקסטע זעקס וואָכען וועט מען ניט דאַרפען זיך לאָזען שערען.

היינט זאָגט מיר, קינדערלעך, וואָס וויל איך זאָגען? צו וואָס האָב איך אָנגעפיהרט דעם גאַנצען געשפּרעך? אמאָל וואָלט ניט אויסגעמאַכט וואָס און ווי איך זאָג און צי דאָס פיהרט צו א שטאָדט אָדער צי א דאָרף. אמאָל זיינען אַלע חסידים געווען מינסקער — און אַלע מינסקער — חסידים, און קיינער האָט ניט געפרעגט קיין קשיות אויף מעשיות. היינט מוז מען זיך היטען. היינט מוז מען וויסען דעם אויסלאָז איידער מען מאַכט אַן אָנ־הויב און טאָמער ווילט זיך זאָגען א בעזטאַלקאָווע זאַך, א ווער־טעל וואָס קלינגט ווי א גלעקעל מיט א לאָקשענעם צינגעל, אָדער אזוי גלאַט עפּעס אזוינס וואָס איז (א שטייגער ווי דער ילקוט שמעוני) ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, מוז מען געדענקען,

אז אויף דעם איז איצט דאָ אַ מאַנאָפּאָל און אַ געוויסער יאַרליק, און ווער עס האָט ניט דעם ריכטיגען הכשר מוז... זיין פאַרניגנפּ־טיג. ווען אַלזאָ, מען ווייסט ניט וואָס מען וויל אויספיהרען מוז מען זיך לעגען שלאָפען... שלאָפען? דרעמלען? האַלט! איך וויים וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען.

אַלע יאָהר וואַרפען אויף מיר אַרויף די צווייטע טעג פּסח אַ מין פאַרדרעמעלקייט, הייַנטיגען יאָהר האָבען זיך מיר גענומען צומאַכען די אויגען די לעצטע צוויי טעג חול המועד. איך האָב איינגעדרעמילט.

וואָס רעדט דער עולם וועגען „פאָרווערטס"? דאָס וועט איהר וויסען שבת, דעם קומענדען שבת.



XXXIX

## אַלזאָ, וואָס רעדט דער עולם?

הייסט עס, אַז איהר ווילט וויסען וואָס דער עולם רעדט? קיין עולה ניט. אויסער ווען די זאַך וואָס אימיצער וויל וויסען איז אַ דערוואַקסענע מיידעל אין די יאָהרען, אָדער די פּאָליטיק פון דעם אייראָפּעאישען קאָנצערט, — אַ קאָנצערט, וועלכער ער־אינערט אייך אָן קרילאָוו׳ס קוואַרטעט, אָדער אָן דער ניו יאָרקער פּאָליס־באָארד, אָדער אָן אַ ליטווישע אסיפה, איז... פאַרקראָכען!

כסדר אזוי: אויסער ווען די זאַך וואָס אימיצער וויל וויסען איז אַ דערוואַקסענע מיידעל׳ס יאָהרען, אָדער די פּאָליטיק פון דעם אייראָפּעאישען קאָנצערט, אָדער דער קץ, אָדער די באַדייטונג פון די צוויי יקום־פּורקן׳ס, אָדער די מאָס פון דעם אַרבייטער׳ס געדולד, אָדער די נאַטור געשיכטע פון אַ קאָקרויטש־באָס, אָדער דעם צוזאַמענהאַנג פון אַ קינעטאָסקאָפּ מיט אַ „פּייט" פון צוויי בויאַנעס, אָדער דער פּרייז פון בלאָנדקייט אויף די היגע דאַמענהאָר, אָדער וואָס די שמחה איז מיט׳ן קבצן׳ס אַ שמחה, — אויסער ווען אימיצער וויל וויסען איינע פון דיזע זאַכען, איז דער וועלען וויסען אַ גרויסע מעלה.

דער וועלען וויסען איז דער פּונקט וואו עס ענדיגט זיך די בהמה און עס פאַנגט זיך אָן דער מענש; וואו דער גלויבען קוסט די מזוזה און די וויסענשאַפט קלאַפּט אָן אין טיר; וואו אַלע אַר־בייטער הויבען אָן צו ווערען מענשען און שטרעבען, אַז אַלע מענשען זאָלען ווערען אַרבייטער; וואו עס הויבט זיך אָן צו

זעהן דער הויקערדיגער רוקען פון אונזיגיגע האָרעוואַניע און עס בע־ווייזט זיך אַ פרעהליכער זיסער פּנים פון ברידערליכע טעטיג־קייט; וואו ביסמארק הויבט אָן צו שטאַרבען און קאַרל מאַרקס הויבט אָן צו לעבען.

דער וועלען וויסען איז אַ גרויסע זאַך. באַטראַכט די ריינע, אונפאַרדאָרבענע קינדער אין דער שול, און די געלד־באַשמוצטע פּאַ־ריזער אַרבייטער בערזע און פאַרגלייכט איהר מיט די בערלינער אַקציען־בערזע; באַטראַכט דעם בעל־שם־טוב פון אַמאָל און דעם היינטיגע עדיסאָן; באַטראַכט די רענטגען שטראַהלען לגבי די שטראַהלען אַרום דעם הייליגען יאָהאַן׳ס פּנים, — באַטראַכט דאָס אַלץ און איהר וועט פאַרשטעהן וואָס מען רעדט מיט אייך.

אָה, יאַ! וועלען וויסען איז אַ גרויסע זאַך, און אפילו דער חכם פון דער „מה־נשתנה" איז אויך אַ חכם. נור וועלען וויסען! נור פרעגען קשיות! אָבער ניט פיער, ניט צוויי מאָל אַ יאָהר, ניט וועגען מצה, מרור און שאר ירקות, נאָר קשיות אָהן אַ שיעור, קשיות אַ גאַנץ יאָהר, קשיות וועגען ליעבע, לעבען, לופט און ליכטיגקייט. קשיות וועגען דעם, למשל, וואַרום אָקסען־פלייש אין די יאַטקעס איז טייערער ווי מענשענפלייש אויף די אייזענ־באַהנען; וואַרום מיימי׳ס הוט קאָסט איהר אזוי פיעל יאָהרען פון שאַנדע און וואַרום איהרע בעקעלעך קענ׳ נור זיין רויט ווען זי פאַרשוואַרצט איהר אָרימען פאָטער׳ס ויגען; וואַרום אַזוי פיעל אַרבייטער קינדער ווערען געבאָרען מיט די אויגעלעך צום בית עולם צו און וואַרום עס ווערען געמאַכט מעהר טרונעלעך ווי וויגעלעך; וואַרום די אונוויסענהייט איז אַ פערד, דער פערד אויפ׳ן טראָן, און דער טראָן אויף די רואינען פון פרייהייט און גליק; וואַרום מיר זאָגען עבדים היינו און ניט עבדים הננו און וואַרום מיר זיינען אין גלות ביי זיך אַליין.

און ווי גרויס דער וועלען וויסען איז אַזוי איז אויך שעדליך דער ניט וועלען וויסען: דאָס האָט אריינגעבראַכט אַלכסנדר דעם צווייטען פאַר דער צייט אין קבר און האָט אָפּגעשניטען זיין זוהן׳ס יאָהרען; דאָס האָט...

לאָז זיין געגוג! עס ווילט זיך שלאָפען, היינט איז אחרון של פסח און ארום אונז איז די אמעריקאַנישע ארבייטער באַווע־גונג...

האַלט! איהר ווילט וויסען וואָס מען רעדט וועגען דעם „פאָרווערטס"? א דאגה אייערע.



XL

## גראנט און מיין אייניקעל.

מיין אייניקעל אַמעריקאַניזירט זיך.

איהר האָט געדאַרפט זעהן ווי פאַרשמייעט ער איז געווען דעם טאָג ווען זיי האָבען אַריבערגעקרוישקעט גרענט׳ן אין זיין נייעם קבר! מעהר צורודערט, מעהר פאַר־ערב־פסח׳ט, מעהר צו קאָכט וואָלט ניט געקענט זיין אַ חסיד וואָס פאָהרט צום ערשטען מאָל צום ליבאַוויצער רבי׳ן, ניט אַ צוועלף יאָהר אַלטער קאָרעספּאָנ־דענט פון דעם „הצפירה", ניט אַ רייכע היימישע באַרישניא, ווען עס קומט אַריין אין שטאָדט אַ פּאָלק אולאַנען, אפילו ניט אַ קליין שטעטעלדיגע קליאַטשע (להבדיל) בעת זי דערזעהט די „טשוגונקע". דער בחור איז אייך פּשוט געווען אַרויס פון די כלים; ער וואָלט ניט געדאַפט מאַכען דערפון אַ גרעסערען וועזען, ווען דאָס וואָלט — ווי ער הערט ניט אַזוי זאָל דאָס איהם ניט שאַדען! — געווען זיין אייגענע לויה.

„זיידע — האָט ער פאַנטאַזירט (פאַנטאַזירט איז אַ גוטער וואָרט, ניין? אַלזאָ, זיידע — האָט ער פאַנטאַזירט) דו האָסט געדאַרפט זעהן דעם פּאַראַד! דו האָסט געדאַרפט זעהן די טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער פאָהנען! עס זיינען אויף די אַלע פאָהנען געווען מעהר פּאַסען ווי... „ווי אויף הונדערט ניקאָלאַיעווסקע סאָל־דאַטסקע רוקענס נאָך שמיץ" — האָב איך איהם אַרויסגעהאָלפען. ער האָט דאָס ניט גאַנץ קלאָר פאַרשטאַנען און האָט פאָרטגעזעצט:

„און מעהר שטערענס זיינען געווען אויף זיי, איך מיין אויף

די פאָהנען, ווי אין אַ שעהנע זומערדיגע נאַכט אויפ'ן הימעל... און מענשען האָבען זיך געשאָטען פון אַלע זייטען ווי צו תחית המתים... און מעהר קינדער מיט זייערע מאַמעס זיינען דאָרטען געווען ווי צו אַ טראַגעדיע אין אידישען טעאַטער... און סאָלדאַטען, אמת'ע און נאָכגעמאַכטע — דאָ מעג זיך אַ מיידעל אָנטון ווי אַ סאָלדאַט, זיידע לעבען! דאָ איז אַ פרייע מדינה, דאָ מעג מען, אויב מען קען נור, געהן מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס ארויף, וואָס דאָס איז גוט ווען מען רעדט מיט גאָט אין הימעל און מען וויל אַז דער קול זאָל בעסער ארויפגעהן אין דער הויך... ארויפצוצו..."

— מיין קינד — האָב איך איהם אונטערבראָכען — דו ווערסט שוין צוטומעלט; אין דיינע יאָהרען דאַרף אַ מענש נאָך רעדען סקלאַנדנע. דו האָסט געזאָגט אַז אמת'ע און פארקליידעטע סאָל־דאַטען זיינען...

„הום־הום! זיינען דאָרטען געווען פאָלקען־ווייז, גענוג צו דערשטיקען דעם גרעסטען סטרייק. דאַן זיינען דאָרט געווען צעהן־טויזענטיגע ציינענע מעדאַלען און אַלערליי פעהנדעלעך, וועלכע דער ווינד האָט געבלאָזען, ווי שמונה־עשרה'ת, צום מזרח־צו. און פאָלים־לייט אָהן אַ שיעור אַלע עקסטרא ארומגעגאַלט און זיי האָ־בען אויסגעזעהן געשייערט און גע'כשר'ט און שטאָלץ ווי..."

— ווי ביי אונז אין דער ליטא — האָב איך ווידער אונטערגע־כאַפּט — אַ פריסטאַוו, דעם טאָג ווען דער קיסר דאַרף גע'הרג'ט ווע־רען און ווערט ניט, מחמת עס נעהמט איהם ניט קיין קויל צוליעב די געפּאַנצערטע, דראָטענע העמדעל וואָס ער טראָגט אונטער די קאָמיזעלקע...

„לאָז זיין אַזוי!" האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכעל און האָט געוואָלט פאָהרען ווייטער, אָבער איך האָב איהם איינגעהאַל־טען זאָגענדיג:

— לאָז ניט זיין אַזוי, מיין קינד, לאָז זיין גענוג... אפשר איז דאָס פאַר דיר אַ שמחה, מיר איז דאָס קנאַפּ־וואָס נוגע. דיינע אמעריקאַנער זיינען נאַראָנים. זיי אינטערעסירען זיך דערמיט וואָס גרענט ציהט ארויס פון איין קבר און ציהט אריין אין אַנ'אַנדער

קבר. זיי, וועלכע קוקען און זעהען ניט, באטראכטען ניט די טענע־מענט־הייזער ווי איך באטראכט זיי. וואָלטען זיי דאָס געטאָן, וואָל־טען זיי געוואוסט, אז יעדע אָרימע לויה שטעלט נור פאָר א מין ארויסקרוישקענען זיך פון איין קבר אין א צווייטען: פון א קבר אויפ'ן טאפ־פלאָר אין א קבר אונטער דער ערד; פון א קבר וואו עס עסען דיך אויף די צרות אין א קבר וואו עס עסען דיך אויף די ווערים; פון א קבר וואו מען האָט ניט וואָס מען דארף צו א קבר וואָס מען דארף ניט וואָס מען האָט; פון א קבר... נור לאָז דאָס אויך זיין געננוג.

איך האָב מעהר ניט גערעדט, אפשר האָט ער פארשטאנען, אפשר ניט.

ער אמעריקאניזירט זיך, מיין אייניקעל.



# XLI

## ווי גוט מיר איז.

מיר איז שוין לאַנג ניט געווען אַזוי גוט אויפ׳ן האַרצען ווי היינט. ווען איך וואָלט זיך ניט געשעמט פאַר מיינע 72 יאָהר וואָלט איך געטאַנצט; ווען איך וואָלט געהאַט אַ שטימע וואָלט איך געזונגען; ווען איך וואָלט געווען משה רבינו׳ס אַ שוועסטער וואָלט איך געפייקעלט; ווען איך וואָלט געווען אַן אַמעריקאַנער וואָלט איך געטראַסקעט מיט פייער קרעקערס; ווען איך וואָלט געווען אַ רוסישער אָפיציר וואָלט איך געבראָכען פאַייאַנס; וואָלט איך געווען אַ טייטש וואָלט איך אויסגעליידיגט אַ פאַס ביער; ווען איך וואָלט געווען אַן ענגלענדער וואָלט איך געררוי־כערט אַ פיפקע, ערנסט שמייכלענדיג; ווען איך וואָלט געווען דער שפאַנישער קעניג וואָלט איך אָוועקגעמאַרשירט מיט אַ פאָלק צינענע זעלנערלעך איינגעהמען קובאַ (און וואָלט ניט געקוקט אויפ׳ן ים;) ווען איך וואָלט געווען אַן אַמעריקאַנער רב וואָלט איך זיך גענומען לערנען עברי; ווען איך וואָלט געווען אַ גערשט וואָלט איך זיך אַרויפגעכאַפט ביי מיינע שונאים אויף די אויגען און וואָלט געוואַקסען אויף זייערע צופלאַצענעס; ווען איך וואָלט געווען אַ שוחט וואָלט איך געבראַכט אַהיים דריי עקסטרא גוטע קישקעלעך, איין פעטע העלזעל און אַ לונג־און־לעבעריל מובחר מן המובחר; ווען איך וואָלט געווען דער פרינץ אָוו ווייל דער וואָלט איך געטרוימט אַז די מאַמע וויקטאָריא האָלט ענדליךביים שטאַרבען; ווען איך וואָלט געווען אַ די־

רעקטאָר פון אַ קייבעל־קאַר־קאָמפּאַניע וואָלט איך מיר געמאַכט דעם שפּאַס צוצו'הרג'ענען אין בראָדוויי אַן אונאַנגענעהמען צייטונג־שרייבער; ווען איך וואָלט געווען אַ שרייבער ווי אַלע שרייבער וואָלט איך אויפגעהערט צו וואָלט'ען און וואָלט אַזוי געזאָגט:

מיר איז שוין לאַנג אַזוי גוט ניט געוועזען אויפ'ן האַרצען ווי היינט. אַזוי גוט איז ניט געוועזען אונזער פּרעזידענט, ווען האַננאַ'ס גאָלד און ברייען'ס זילבער און דעם אַרבייטער'ס דומהייט און די הינגע ליעבע צום בייטען אַ שוך אויף אַ לאַפּטשע האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ פּרעזידענט; אַזוי גוט איז ניט געוועזען דער סטאַטוע פון דער פרייהייט ווען זי האָט געזעהן, אַז מען שטעלט איהר אַוועק אויף אַן אינזעל און אַז זי וועט ניט ווערען באַשמוצט פון די בודעל־פּאָליטיק, וועלכע פיהרט די גרענדע אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אַזוי גוט איז ניט געוועזען שלמה המלך ווען ער האָט געגעסען די גילדערנע יויך אויף זיין 999טע חתונה; אַזוי גוט איז ניט געוועזען לי־האָנג־טשאַנג ווען ער האָט אינטערוויוט די אינטערוויוערס און האָט געזעהן ווי מעיאָר סטראָנג לאָבט זיך מיט די טיי פון זיי כינעזישען פּאָטערלאַנד; אַזוי גוט איז ניט געוועזען דעם אינטעליגענטען ניו יאָרקער פּובליקום ווען עס איז אָנגעקומען אין דער ליטעראַרישער וועלט דער געלער „קיד"; אַזוי גוט איז ניט געוועזען...

ברידער, עס איז שלעכט! פאַר גרויס שמחה קען איך ניט אָנהויבען באַשרייבען מיין שמחה. וואָס אַ ווייילע שפּעטער ווער איך אַליין מעהר פאַרפלאָנטערט, ווי די אָריענטאַלישע פראַגע האָט געזאָגט צום בערלינער קאָנגרעס. לאָמיך מאַכען נאָך איין לעצטע פּראָבע און אויב עס וועט ניט געהן וועל איך אייך מיין שמחה דערצעהלען ווען מיר וועט זיין אומעטיג אויפ'ן האַרצען און די פאַנטאַזיע וועט ניט זיין אַזוי פאַנאַנדערגעראַזבושעט (מיסטער טייטש, אייך לויפט שפּייעכץ פון מויל זעהענדיג אַזאַ לאַנגען וואָרט, ניין?) און איך וועל קענען שרייבען ווי אַלע שרייבען,

וועלכע „דענקען ראַציאָנעל״ און וואָס זייערע פעדערען זיינען „דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען״ ווי זיי אַליין, און וואָס קיין זאַך ראַזבושעט זיי ניט פאַנאַנדער, אַפילו ניט... געווג! דאָס קען אָוועקפיהרען אין צו ווייטע דרכים.

בקיצור, איך וועל מאַכען נאָך איין לעצטע פּראָבע און אויב עס וועט ניט געהן וועט די שמחה מיינע ווערען געשילדערט אַנ־אַנדער טאָג.

כסדר אַזוי: מיר איז שוין לאַנג אַזוי גוט ניט געוועזען אויפ'ן האַרצען ווי מיר איז היינט. עפּעס דאַכט זיך מיר היינט אַז די וועלט איז פּאָרט ניט אין גאַנצען פּוליצער'ס; אַז די וואַהרהייט קען האָבען אַ ווינקעלע אַפילו אין אַמעריקאַ; אַז די ממשלה פון שלאָפען אין בלאָף און פון בלאָפען אין שלאָף וועט דאָ אויך קומען צו אַן ענדע; אַז די טיראַניי וועט פאַרטריבען ווערען אַזוי פאָלקאָמען, אַז אַפילו די פּראָפעסיאָנעלע געגנער פון טיראַניי וועלען מעהר ניט וועלען טיראַניזירען; אַז מיין אייניקעל וועט זוכה זיין צו זעהן אַן אַמעריקאַ אָהן באַטרוג און אָהן זעלבסט־באַטרוג, אָהן „קוויק לאָנטשעס״ און אָהן לאַנגזאַמע מיתות, — אַן אַמעריקאַ, וואו דעם ערשטען מאַי וועט מען פייערן דעם געבורטסטאָג פון די נייע אינטערנאַציאָנאַלע און דעם פינפטען מאַי דעם געבורטסטאָג פון קאַרל מאַרקס און די איבעריגע טעג פון יאָהר די פרייהייט און די גלייכהייט און אַנדערע זאַכען, וועלכע דאַרפען נאָך ערשט געבאָרען ווערען.

## XLII

# רעליגיאָן, טיטון און בולבעס.

**איהר לעבט אין אַ מדינה וואָס האָט ניט איהרס־גלייכען צווי־שען אַלע מדינות פון די ציוויליזירטע וועלט.**

די יונייטעד סטייטס זיינען ניט באַשאַפען געוואָרען אין די ששת ימי בראשית; זיי און די איבעריגע לענדער פון אַמעריקאַ שטעהען יערענפאַלס ניט אין משה רבינו'ס געאָגראַפיע. —

די פאַרשיעדענע אמונות, וועלכע איהר זעהט דאָ, זיינען אַהער אריינגעפיהרט געוואָרען פון די אַלטע וועלט, איבערהויפט ווייל אויף רעליגיאָן (אַ שטייגער, ווי אויף אַבעלע'ס קרענק) איז דאָ קיין מאָל ניט געוועזען קיין פאַשלינע. בשעת דער רבונו של עולם האָט געפּערלט מיט דער תורה און חוץ ישראליק'ען האָט יעדעס פאָלק געענטפערט: „היינט ניט, אפשר אַן אנדער טאָג..." איז ער, הענט ניט געוואשען, אַהער ניט געקומען. ער האָט די תרי"ג מצוות אָנגעבאָטען דעם וויסען, דעם געלען, דעם שווארצען אין אייראָפּאַ, אין אזיען, אין אפריקאַ, אָבער ניט דעם רויטען אינדיאַ־נער דאָ אין אַמעריקאַ. משה רבינו, וועלכער איז געווען דעם אויבערשטענ'ס אַגענט ביי אונזערע אבות אבותינו און האָט זיי צו־געגנאַראיעט די סחורה, און האָט זיי איינגערעדט און צוגערעדט מיט פיעל מיה, ווייל די תורה איז, נאָך אַלעמען, ניט געווען קיין וויל־דע מציאה, ניט קיין וואָלוועלער רעמנענט, ניט קיין צוגעסמאַלע־טער בארגיין, ניט קיין ארטיקעל וואָס דער טיקעט פון פאָון־שאָפּ באַווייזט אַז ער איז ווערט אַ סך מעהר, — משה רבינו, אַלזאָ, האָט

אפילו ניט געוואוסט פון וועסט אינדיען און דערפאר זיינען גע־בליבען ניט פארבאָטען ניט בולבעס און ניט דער פּיפּקעווען.

פון בולבעס און פון טאבאק האָבען אפילו די חכמים אונזערע ניט געוואוסט, ווייל ביידע ארטיקלען זיינען באקאנט גע־וואָרען אין די בתי מדרשים ערשט מיט א פּאָר הונדערט יאָהר צוריק. שטעלט זיך פאָר וואָס פאר א מסכת טיטון, וואָס פאר א פרק בולבע מיר וואָלטען דאָס אביסעל געהאט! ווי מען וואָלט דאָס אביסעל א קלער געטאָן אין פּומבדיתא צי די בלעטער פון טא־באק מעגען באנוצט ווערען צו באדעקען א סוכה אָדער ניט; צי דער רויך טויג פאר קטורת אָדער ניט; צי א פּיפּקע איז א קוימען אָדער א פייפעל; צי דער קאָפּ פון א פּיפּקע דארף טראָגען פּאות אָדער ניט; צי דער ציביק מעג זיין צעהן טפחים לאנג אָדער ניט; צי א ציגאר דארף געוויקעלט ווערען ווי א קליין־קינד אָדער ווי א בלינצע; צי א פּאפּיראָס איז א קליינער ציגאר אָדער א ציגאר איז א גרויסער פּאפּיראָס; צי א טרפה האלז פון א שוחט׳ס דריטע ווייב מעג אויסגערויכערט ווערען מיט דעם רויך פון טיטון, אָדער זי מוז געכשר׳ט ווערען אויף אנאנדער אופן.

און ווער רעדט וועגען בולבעס! דאָ וואָלט זיך פארקאָכט א היציגע פּלוגתא צי די פּעלצען פון בולבעס דארפען זיך היטען פון שעטנז אָדער, אזוי ווי די פּעלצען ווערען דאָך פאָרט ניט גענעהט, איז אפשר ארום דעם ניטאָ וואָס צו רעדען. מען וואָלט געקלערט צי א קיילעכדיגע בולבע מעג זיך קאָכען אין איין טאָפּ מיט א לאנג־ליכע בולבע און צי מען מעג, ווען מען האָט ניט קיין מעסער איהר קאלופּענען מיט די נעגעל, א שטייגער ווי מען טוט מיט אן אפּעלסין, אָדער צי איז שאָבען טאקי א חיוב. מען וואָלט ראזביראיעט די פראגע צי מען דארף אויף א מעהליגע בולבע מאכען די ברכה מיני מזונות און צי די רויטקייט וועלכע יאווועט זיך אמאָל אין א בולבע, קען בא־טראכט ווערען אזוי ווי א בלוט־טראָפּען אין אן איי און מען טאָר עס דערפאר שוין ניט עסען.

אָבער וואָס זאָל איך דאָ פיעל ברייען? די חכמים האָבען פון די ביידע ארטיקלען ניט געוואוסט און משה רבינו

א פשיטה ניט. דער פועל יוצא דערפון איז, אז קיינער האָט אַמעריקאַ ניט געהאַט אין דער לינקער פּאה ניט ווען עס איז באַשאַפן געוואָרען די וועלט, ניט ווען מען האָט אַראָפּגע־בראכט די לוחות פון בארג סני, ניט ווען דער הייליגער גייסט איז געוואָרען אַ טאַטע, ניט ווען דעם אויבערשטענס בן יחיד האָט גע־געבען אַ נייע תורה, אפילו ניט ווען אַ נייער נביא איז אויפגע־שטאַנען און האָט פון אַ פּעקל בייזע חלומות געמאַכט די נייעס־טע תורה, אַ תורה וועלכע איז פאַרברייטעט געוואָרען מיט דעם שווערד אין איין האנד און מיט דעם הייליגען געבאָט אין די אַנדערע, אַ שטייגער ווי געוויסע אַזיאַטסקע, דעספּאָטישע נאַטורען ווילען היינט פאַרברייטען די לעהרע פון ברידערליכקייט.

און אַזוי איז אַמעריקאַ אין אָנהויב געוועזען אַ ניט־דערשאַפע־נע, גאָטלאָזע מדינה, מיט אייז־בערען אין צפון, מיט בולבעס און טיטון אין די וועסט אינדיעס, אָבער אָהן תרי״ג מצוות, אָהן אַ דריי־אייניגקייט, אָהן אַ קאָראַן, אַפילו אָהן אַ רבינו תם.

און איצט... און איצט זאָגט מיר, געזונד זאָלט איהר זיין, צו וואָס האָב איך אייך דאָס אַלעס דערצעהלט ? זאָל איך אַזוי וויסען פון בייז, פון דינגלי׳ס טאַריף און פון שוואַכען עלטער, ווי איך וויים צו וואָס איך האָב דאָ צוזאַמענגעפּאַרטאַלעט דעם גאַנצען דרוש.

אויב איך וועל זיך דערמאָנען וועט איהר וויסען, אַניט וועט איהר דאָס אַלעס באַטראַכטען ווי ניט געלייענט.

## XLIII

# בייסיקעלס.

ווען איהר הערט איינעם זאָגענדיג: „מיר רייסט א פינגער", געהט דאָס געוועהנליך אין איין אויער אריין און אנדערן ארויס. א גרויסע זאַך, איהם רייסט א פינגער! דאָס איז איבעריגענס קיין גרויס וואונדער ניט. איהר זייט צו ערגערע זאַכען געוואוינט. איהר זעהט אַלע טאָג ווי עס רייסט א האנד, ווי עס רייסט א סך הענט, ווי עס פליקט און צופט און רייסט זיי; ווי עס רייסט די דאָזיגע הענט אַהן אַן אויפהער יעדער באָס, באַסעלע, באַסטשיקעל פון דעם גרעסטען ביז'ן קלענסטען, פון דעם באָס וועלכער איז נאָך נעכטען געוועזען אַן ארבייטער ביז דעם באָס וואָס וועט אַליין זיין אַן אר־בייטער מאָרגען.

דערפאַר, ווען אימיצער זאָל זאָגען: „מיר רייסט א פינגער", וועט מען אויף איהם ניט מעהר רחמנות האָבען ווי אויף די שפּאַ־נישע רעגיערונג בשעת זי שיקט א טיכטיגען גענעראַל איינצונעהמען קובא און ער נעהמט איין א מיתה משונה; אָדער ווי אויף א בייסיקעל־רייטער ווען ער קולעט זיך אראָפּ אויף דער ערד פון זיין ראָד (מען רופט דאָס א „ראָד" ווייל דאָס איז צ ו ו י י רעדער) און מאַכט א רושם אין דער בלאָטע; אָדער... האַלט! איהר מעגט דאָס וויסען, דאָס איז ניט קיין פּאַרטיי־אנגעלעגענהייט, איך מוז אייך דערצעהלען.

צוריק מיט א טאָג פינף בין איך געגאַנגען אין פּארק־ראָו (מען

רופט די גאַס־פּאַרק ראַו, ווייל זי געהט פאַרביי אַ פּלאַץ, וואו עס וואַקסען עטליכע בוימער, אַביסעל גראָז, אַ ביסעל בלומען און אַ סך עקסטראַ־ספּעשעל־וואָירלד־קינדער, וועלכע דרעהען זיך אַרום אין גאַס צווישען די קייבעל־קאַרס פּונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך וועלען רייצען מיט'ן מלאך המות, בקיצור) איך בין געגאַנגען מיט עטליכע טעג צוריק אין פּאַרק־ראַו און זייענדיג בטבע אַ פאַרטראַכטער מענש („מעהר פאַרטראַכט ווי מענש" וואָלטען מיינע שונאים געזאָגט, נור זיי האָבען דערצו קיין שכל ניט, ווייל שכל איז אַ זאַך וואָס מען קריגט ניט פאַר 20 סענט ווי אַ דיפּלאָם אויף סאָציאַליזם אין אַ רעאָרגאַניזירטען ניו יאָרקער דיסטריקט, בקיצור) איך בין מיט עטליכע טעג צוריק געגאַנגען אין פּאַרק־ראַו און זייענדיג בטבע אַ פאַרטראַכטער מענש בין איך נאָך אַ האָר געקומען אין אַן אונאַנגענעהמע באַריהרונג, ווי די טייטשען זאָגען, מיט אַ בייסיקעל. עס האָט ניט פיעל געפעהלט וואָלט דער רייטער געלעגען אויסגעצויגען פלאַך, ווי אַ קאַזיאָנער וויץ, אויף דעם ברוק און איך אונטער איהם, מיט דעם „ראַד", ווי די השגחה־פּרטית, איבער אונז ביידען.

די בייסיקעלס — האָב איך אַ קלער געטאָן — זיינען די ערגסטע ערפינדונג פאַר מענשען וועלכע געהן ניט אויף רעדער. זיי זיינען ווי דער שלים־מזל, די פליגען, די פּאָליציי (ווען מען דאַרף איהר ניט) און גנבים, אימער אַרום אייך און לעבען אייך. זיי פאַרפאָלגען אייך אַזוי ווי איהר וואָלט געווען אַ קיקער אין זייער פּאַרטיי, און לאָזען אייך ניט דורכגעהן אַ גאַס אַזוי ווי זיי וואָלט פון אייך געקומט געלד. זיי קומען אייך אַנטקעגען ווי אַ חתן צו קבלת פּנים; קריכען אייך אַריין אין זייט, אַ שטייגער אַזוי ווי זיי וואָלטען באַדאַרפט אַ ריפּ, אום פאַר אייך צו באַשאַפען אַ ווייב אָהן אַ שוויגער; יאָגען אייך אַרונטער פון הינטען ווי דער מלביש ערומים פון טשעטעם סקווער, וועלכער גיט אוועק פאַר וועלוועלער ווי אומזיסט די פיינסטע קליידער, נייער ווי נייע, הגם איבערגעניצעוועטע צום פינפטען מאָל, ווי — כאַפּט אייך אָן, אַ סאָציאַליסטישער אַרטיקעל אין אַ וויסאָטשאַיע אוטווערזשאָדיאָני פּראַוויטעלסטוועני וויעסטניק פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי, וועלכע פאַרטרייבט די סאָציאַ־

ליסטען און דערוויטערט די ארבייטער אום צו קענען ווערען א גרוי־
סע, מעכטיגע פארטיי.

„זיי לאָזען א מענשען ניט לעבען — האָב איך פאַרטגעזעצט צו
קלערען — דיעזע רעדער. און וואָס האָבען זיי צו מ י ר? וואָס
האָב איך זיי ווען עס איז געטאָן בייז? בין איך שוין, ברוך השם,
געוואוינט דערצו אז די פ ע ר ד זאָלען מיינען אז איך שטעה זיי אין
וועג, אָבער די בייסיקעלס...״

דאָ האָב איך געטראָפען א קאפולער אָנצוהערענס פון א פאָ־
ליציייסקען, אז אין גאַס חלום׳ט מען ניט, און איך האָב דעם אָנצו־
הערענס געפיהלט אן ערך פון צעהן מינוט... די פאָליציי נעהמט
זיך זעהר פיעל פרייהייט אין דיעזע פרייע מדינה און צייטענווייז,
ווען די דאָזיגע פרייהייט ווערט אויסגעדריקט מיט אן אייזערנעם
קולאַק אויף א דעלעקאטנע פילאָזאָפסקע פלייצע איז זי, די פריי־
הייט, אייך ניט זעהר אנגענעהם, סיידען איהר זייט געוואוינט צום
סערדזשענט־עט־ארמס אין די נייע ניו יאָרקער ערציהונגס־אַנשטאלט
פאר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. דאָך ווען דער פּאָ־
ליציייסקער (אינדעם בלויען ראָק, ניט מיט׳ן רויטען קראוואט) דער־
מאָהנט אייך אז אייער צודולטקייט ועט אייך אריינברענגען אין אן
עמבולאַנס־וואָגען אין דעם האָספיטאל אין די הענט פון די רייכע
יונגע לייט, וועלכע מאכען איבער אייך אנאטאָמישע עקספערימענ־
טען אום צו וויסען וואָס א פאציענט דארף האָבען אינעווייניג אום
מען זאָל פון איהם קענען מאכען א לעבען און א קאליקע — ווען
אלזא, דער פאָליציייסקער דערמאָהנט אייך אָן דעם, דאן דארפט איהר
דאנקען די גנבים און די גזלנים און די רוצחים וואָס צוליעב זיי איז
דאָ אויף דער וועלט א פאָליציי.

נור דאָס איז אלעס ניט אהין און ניט אהער. איך האָב מיט
אייך געוואָלט רעדען וועגען א פינגער וואָס רייסט און וואָס לאָזט א
מענשען ניט שרייבען און מאכט א שרייבער אוים מענש. אָבער
ארום דעם איז שוין היינט צו שפעט צו רעדען.

חוץ דעם איז ש ו ו ע ר צו שרייבען אויך. אין דרויסען איז
א היץ ווי אין אַברהם אָבינו׳ס קאלך אויוועון און די קאָמארעס כאַ־

פען זיך בייסען פון אלע זייטען, — קאמארעס, וועלכע... נור לאז זיין: איך האב צוגעזאגט ניט צו דערצעהלען קיינע פארטיי אנגעלעגענהייטען היינט.

האב איך דאס צוגעזאגט? איך פויל זיך איבערצולייענען וואס פריהער שטעהט, אבער אויב איך האב דאס אייך ניט צוגעזאגט, האב איך דאס גערארפט צוזאגען.

זייט געזונד. טאמער איז אייך זעהר הייס, דאן פאלגט אן עלטערן און לאזט זיך דערצעהלען די אקטען, וועלכע מאנכע אפיציעלע גרויסע לייט טוען אפ. עס וועט אייך איבערגעהן א קעלט איבער'ן לייב.



## XLIV

# שבועות

שבועות ! האָב פון אייביג אַן ליעב געהאַט דעם מילכיגען יום־טוב אונזערן, הגם איך בין אויף מילכיגס ניט קיין גרויסער בעלן. אַלע מילכיגע זאַכען זיינען ענטוועדער שיטער וואָס דאַן פויזט איהר זיך מיט זיי אַן ניט ווערענדיג זאַט, ווייל זיי האָבען קיין ממשות ניט, אָדער אַניט זיינען זיי פאַרהאַרטעוועט און איהר קענט זיי ניט פאַרדייען. עס איז וואָהר, אַז נאַרישע מענשען, איבערהויפּט ווען זיי קענען ניט קריגען עפּעס רעכטס, שלינגען אַמאָל אַראָפּ, זיך ניט קימערענדיג, זאָגאַר אַ שטיין־האַרטע גאַמעלקע, וועלכע קומט פון מילך און וועלכע לעגט זיך אַוועק אין מאָגען ווי עס פלעגט זיך אַמאָל אַוועקלעגען גראַף אָגינסקי׳ס אַן עקזעקוציע ביי אַ ריטעווער אידען אין דער האַלופּקע, ווי איינער זאָגט : איך ריהר זיך ניט פון אָרט און דו קענסט פון מיר ניט פּטור ווערען אָהן אַ שטאַרקען ברעך־מיטעל.

מילכיגס איז אַ פּאַסקודנע זאַך ניט אין עסען אַליין. איהר קענט די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור איינטיילען אין מילכיגע און פליישיגע (גייסטיגע) שפּייזען, דאָס הייסט, אין פּוסטע און קרעפ־טיגע עסענוואַרג. אַ קליין טעלערל גוטע פליישיגע זופּ זעטיגט און שטאַרקט אייך, וועהרענד אַ גרויסע שיסעל מילכיגע יאַויך פילט אייך אָן און לאָזט אייך הונגעריג. און דאָ רייד איך שוין גאָר ניט דערפון וואָס אין ציוויליזירטע לענדער קריגט איהר ניט קיין אמת׳ע מילך, וועלכע זאָל זיין ניט וואַסערדיג אָדער וועניגסטענס ניט פאַרוואַ־

סערט מיט די פליסיגקייט פון די רינעס. מילך (אין אמעריקא מעהר ווי אנדערש־וואו) ניט זייענדיג אונפארפעלשט, האט אין זיך א זיי־ערליכקייט גלייך פון אנהויב און עס צעקאכט זיך אזוי גיך ווי עס ווארעמט זיך אן. מילך... נור ווי בין איך ארויפגעקומען אויף די רייד? אה, יא! רעדענדיג ארום שבועות.

אלזא, ווי איך זאג אייך. איך האב פון אייביג אן ליעב געהאט דעם מילכיגען יום טוב אונזערן. ווען איך פלעג אין מיינע יונגע יאהרען זיצען ביי'ן תיקון־שבועות — א ספר צוזאמענגעזעצט פון שטיקלעך און ברעקלעך אהן א טאלק און אהן א סיסטעם, א שטיי־גער ווי די אידישע השכלה, אדער ווי אן איירישער סטיו — און פלעג פאנטאזירען וועגען די צייט ווען דער רבונו של עולם איז ארונטער־געקומען אויף'ן בארג סיני מיט די עשרת הדברות אין דער האנד און האט פראקלאמירט זיין געטליכקייט... און האב מיר פארגעשטעלט, אז אזוי פיעל טויזענדער יאהרען זיינען פארגאנגען און קיינער פאלגט ניט זיין געבאט, הגם חוץ אונז אידען האבען אן ערך פון דריי־הונדערט פופציג מיליאן קריסטען און צוויי־הונדערט מיליאן מאהאמעדאנער אנגענומען די זעלבע צעהן געבאט... און מיר איז דערביי איינגעפאלען אז דער גרונד דערפון איז וואס די עשרת הדברות זיינען געקומען ווי א פריקאז פון אויבען, פון א סאמאדערזשעץ אנשטאט צו קומען אויף א דעמאקראטישען אופן פון דעם פאלק גופא אלס א געזעלשאפטליכער קאנטראקט וועלכער באשטימט אז אום צו לעבען גליקליך, ברידערליך, פריי און ווי מענשען מוזען מיר איינער דעם אנדערן דאס און דאס ניט טאן.

און דאן זייענדיג יונג... אה, ווי ווערט מען ווידער אויף א ווייל־ינקע יונג! יונג, פריש, אונפארדארבען! וואס ווייסט איהר ווי גוט דאס איז! מיר אלטע לייט מעסטען און וועגען און ציילען און רע־כענען, און דאס טוענדיג האלטען מיר זיך פאר קלוגע, פאר פאר־זיכטיגע, פאר פראקטישע מענשען. די יוגענד ווייס ניט פון קיין שום חשבון, פאר איהר איז קיין משא ניט צו שווער, פאר איהר איז קיין האפנונג ניט צו גרויס, פאר איהר איז קיין ציעל ניט צו ווייט און קיין זאך ניט אונערייכבאר. ביי אונז איז דער „היינט" נור די

פאַרטזעצונג פון נעכטען, ביי איהר איז היינט דער אָנפאַנג פון מאָרגען. די יוגענד ליעבט און קוקט ניט אויף'ן זייגער, זי פיהלט און פילאָזאָפירט ניט איבער די געפיהלע; זי וויל און קימערט זיך ניט צו זי מעג וועלען אָדער ניט. די יוגענד איז רעוואָלוציאָנער, ווייל איהר ענטוזיאזמוס האָט נאָך אויף זיך ניט קיין קויפמאנישע קאָרע און זי קלערט ניט וועגען „פּראָפּיט ענד לאָס" בשעת זי אונ־טערנעהמט עטוואָס... און דערפאר איז זשעליאבאָוו א יונגער מאן און פעראָווסקאיא א יונגע פרוי!

אָה, ווי ווערט מען ווידער יונג, אויף איין קליין ווייליגקע יונג! ווי לעבט מען דורך פון דאָס ניי יענע יאָהרען, ווען מען האָט גע־פאסט א רעוואָלוציאָן „לא תרצח" און מען האָט ניט געוואָלט וויסען פון די שרעקליכע מאכט, וועלכע די מערדער בעזיצען; ווען מען האָט געזאָגט „לא תגנב" און מען האָט ניט געקלערט וועגען דעם אז א געזעלשאפט געבויט אויף גנבה קען דורך אזא באשלוס, אויף איינמאָל ניט איבערגעמאכט ווערען. עס איז וואהר מען איז געווען קינדיש, אפשר זאָגאר דום, אָבער דאָס איז געווען זיס... און דערביי דארף מען ניט פארגעסען, אז די קינדע־ און די נארען, דאָס הייסט די אונערפאהרענע און די אונבאזאָנענע האָבען אלעס אָנגעפאנגען וואָס די קלוגע און פראקטישע האָבען אויסגעפיהרט און איינגע־פיהרט און זעהר אָפט זאָגאר איבבערגעפיהרט.

אָה, די יוגענד! אין מיינע יונגע יאָהרען, געדיינק איך, איז מיר איין טאָג אריינגעפאלען אין די הענד א ביכעל פון לודוויג בער־נע. אין דעם ביכעל האָב איך געפונען דאָס, וואָס איהר געפינט איצט דאָ — א געשפרעך וועגען די יוגענד, נור אויף אַנ'אנדער אופן. דאמאלס האָב איך ניט פארשטאנען קלאָר און פּאָלקאָמען וואָ־רום ביי איהם קומט אויס, אז די יוגענד האָט אזוי פיעל צו באדויי־טען. איצט, ווען איך פארשטעה איהם ענדליך, בין איך אליין אי אלט אי שוואך, אי מיד, און איך שטעה מיט'ן רוקען צום לוסט־גארטען און מיט'ן פנים צום בית עולם און איך זעה ניט קיין אנדע־רע בלומען חוץ די וואָס וואקסען אויף די קברים.

אין מיינע יונגע יאָהרען.... מחשבות'ן זייט איהר ווען עס איז

געוועז יונג? יונג, פארשטעהסט איהר מיך, אָהן קאָפּדרעהעניש, אָהן א פּעקעל צייטונגען אונטערן אָרעם, אָהן קנאה־שנאה צוליעב קאָנ־קורענץ ווי ביי די זעקס־זיבען יאָהריגע קינדערשע סוחרים אין איסט בראָדוויי און אין קאנאל סטריט און אין אלע אנדערע גאסען פון ניו יאָרק? זיי זיינען קיינמאָל ניט געוועז יונג; ווי איהר זעהט זיי, זיינען זיי נור ניט דערוואקסען, אָבער ניט יונג. זיי האָבעוועז און לויפען ארום ווי פארסם'טע און בלאָפען און זאָגען ליגענס און האָבען זאָגאר א יוניאָן צו וועלכע זיי געהערען ניט אויסער אין א סטרייק, פונקט ווי גרויסע...

זייט איהר ווען עס איז געוועזן אמת יונג? שעמט זיך ניט, זאָגט? איהר שווייגט? נו, טו זייט אייך געזונדערהייט און האָט א זאַטען שבועות.



# XLV

## פּערזען וואָס שטערען.

**אָה, יאָ! יונג צו זיין, אמת יונג צו זיין — דאָס איז גליקלעך.** די קינסטלער ווייסען וואָס זיי טוען ווען זיי מאָלען אויס די מלאכים, דעם גאָט פון ליעבע, די כרובים אין יונגע געשטאַלטען. און מיינט ניט, אז נור ד ע ר איז יונג, וועלכער האָט נאָך וועניג וואָס געלעבט אויף דער וועלט. איך האָב געקענט שטארק באַיאָהרענטע יונגע לייט, 60־70 יאָהריגע יונגע מענשען און, גלויבט מיר, יעדעס מאָל ווען איך פלעג זיי באטראַכטען פלעג איך מיך אליין פיהלען אינגער, פרישער ; זויבער אין געפיהל און קלאָרער אין דענקען. איך וועל פּרובירען אייך שילדערן א פּאָר פון דיעזע יוגענדליך עלטערע מענשען אויב מיין פעדער וועט מיר פאָלגען...

פאָלגען? ווער ווייס. וועט איהר גלויבען אָדער ניט, אָבער זאָגען וועל איך אייך, אז איך ראַנגעל זיך שוין איבער א וואָך מיט עטליכע פערזען און קען פון זיי ניט פּטור ווערען... זיי געהען מיר ניט ארויס פון די געדאנקען און ארום וואָס איך זאָל ניט טראַכטען קומען זיי אָבער און ווידער און מישען זיך אריין אין די אונגעשפּראָכענע דבורים. לאָמיר זיי ארויפּברענגען אויפ'ן פּאַפּיר, אניט וועל איך ניט קענען ווייטער געהן און מיר ווילט זיך שילדערן יענע פּאָר מענשען. אָט זיינען זיי, די פערזען:

„...ווייל די לוסט צום פרייען דענקען,
„בעת מען צווינגט אייך בלינד צו גלויבען,
„קען די ליעבע אייך ניט שענקען,
„קען דער האס פון אייך ניט רויבען;
„איינגעוואקסען טיעף אין ברוסט
„מוז ביי אייך זיין דיזע לוסט".

וואו האָב איך זיי געכאפּט? זיי קומען זיכער פון א געדיכט און קור־מען ערגעץ־וואו פון׳ם מיטען. דאָס קענט איהר זעהן דערפון וואָס זיי הויבען זיך אָן מיט דעם וואָרט „ווייל". זיי זיינען עפּעס, כביכול, ווי דער הענט־ניט־געוואשען, ווי די רוסישע טיראניי, ווי די ענגלישע קאָנסטיטוציע — אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַן אויס־לאָז. פון וואנען האָב איך זיי גענומען? אימיצער האָט זיי געמאכט, ווער איז ער? ווארום פארפאָלגען זיי מיך טאָג און נאכט? וואָס האָב איז זיי געטאָן וואָס זיי לאָזען מיך ניט צו רוה?

זיי באַגלייטען אַלע מיינע רעיונות, אזוי ווי די געדאַנקען מיי־נע וואָלטען געוועזען פארקלאָגט פאר א פארברעכען, ארויסגעלאָזען אויף בייל און זיי — די פערזען — וואָלטען געווען זעקס דעטעק־טיווס. עס איז וואהר אז געוויסע מענשען וואָלטען, ווען דאָס וואָלט געוועזען מעגליך, מיינע געדאַנקען (צושטערט ווי זיי זיינען) שוין לאנג פארקלאָגט פאר א בית־דין של מטה און וואָלטען זיי אריינ־געזעצט אין תפיסה און וואָלטען זיי בשום אופן ניט ארויסגעלאָזען אפילו אויף די העכסטע בייל... דאָ אין אמעריקא זיינען נעמליך דאָ וואונדערבארע מענשען... דאָ זיינען פאראנען פרייהייטס־קעמפּפער, וועלכע וואָלטען מאכען א רעוואָלוציע געגען די אמע־ריקאנישע רעגיערונגען ווען זי זאָל פּרובירען אונטערדריקען די פּרעס־פרייהייט און ביי זיך אליין, אין דער פּארטיי, וועלכע זיי פיהרען, וואָלטען זיי וועלען האָבען א שטרענגע צ ע נ ז ו ר; פריי־הייטס־קעמפּפער, וועלכע וואָלטען געמאכט א רעש אין הימעל אריין אין דעם פאל ווען אימיצער זאָל אין וואשינגטאָן אריינבערענ־גען א געזעץ, אז קיינער טאָר ניט קריטיזירען דעם פּרעזידענט אָדער

א מיניסטער, אָדער א קאָנגרעס־מאַן, אָדער איבערהויפּט א פּאָלקס־פּארטרעטער, און ביי זיך אליין וועלען זיי ערקלערען פאר א פאר־ברעכען ווען אימיצער וועט עפּעס זאָגען געגען זייערען א פּארטיי־פּארטרעטער, א פּאָלקס־רעפּרעזענטאַט; פּרייהייטס־קעמפּפער, וועלכע וואָלטען ביי זיך אליין גערן האָבען א שטרענגען פּאַספּאָר־טען־סיסטעם, א דעטעקטיוו־אָפּיס, א שטענדיגען פּראָקוראָר, וואָס ווענינער עפענטליכקייט און וואָס מעהר בלינדע קוה.

אָט אזעלכע מענשען זיינען דאָ פאראַנען און דיזע מענשען קע־נען זיך ניט פאָרשטעלען, אז זייער איינציגע בארעכטיגונג צו טראָ־גען דעם טיטול „פרייהייטס־קעמפּפער״ איז נור ווייל זיי ב א ־ ק ע מ פּ פ ע ן די פרייהייט אין אנדערע, איהר זוכענדיג פאר זיך. און דיזע מענשען, וועלכע הייסען אייך זעלבסטשטענדיג דענקען, וואָלטען די געדאנקען אייערע אריינלעגען אין חרם, אזוי גיך ווי זיי הויבען זיך אן צו קירעווען אויף דעם וועג וואָס פארנעהמט זיך אביסעל אויף לינקס און אזוי גיך ווי זיי — די געדאנקען — הויבען אן צו שטערן זייער רוה און זייער פיהרונג.

ווען די טיראַניי איז געווען אם שטרענגסטען אין עסטרייך, האָט א געוויסער זאפיר אויפגעשריבען אויף דער וואנד איבער זיין בעט די פאָלגענדע צוויי צייל‎ען:

„אין אמת׳ן גליקליך איז דער שלאָפענדיגער נור:
„ער בראָפּעט אָהן פּאָליציי און טרוימט אָהן צענזור״.

און די וועלט האָט דאריבער פון יענער צייט אן געלאכט. — אונ־זערע פרייהייטס־קעמפּפער קענען נאָך דערגרייכען די מדרגה צו פּרובירען קאָנטראָלירען זייערע קאמעראדען אויף אזוי פיעל, אז זיי זאָלען חלילה ניט צו הויך בראָפּענען און ניט צו פריי חלום׳ען.

אָבער דיזע מענשען האָבען ניט אָנגעשטעלט פאר פארפאָלגער איבער מיינע רעיונות יענע עטליכע פערזען. זיי וואָלטען אזעלכע פערזען ניט געדונגען פאר געדאנקען־וועכטער, אָבגלייך זיי געברוי־כען אָפּט די הייליגסטע פראזען פאר אלץ וואָס איז אונהייליג.

הערט זיך נור גוט צו צו זיי! הערט ווי זיי פארשטעהן מענשען־ליע־בע, סאָלידאריטעט, גלייכהייט, און איהר װעט פערשטעהן וואָס איך מיין. זיי, אלזאָ, וואָלטען אזעלכע פערזען ניט געדונגען ארומ־צוקריכען ביי מיר אין מוח און צו פארפּאָלגען מיינע זינדיגע רעיונות. ווען אָבער זיי ניט, טאָ ווער דען?

דערווייל האָבען מיר זיך ווידער אמאָל פאררעדט און איך מוז אָפּלעגען מיין שילדערונג פון יענע פּאָר באַיאָהרענטע יונגע־לייט אויף די קומענדע וואָך.

עס איז שוין שפּעט, אגב געהט אוים די טינט פון מיין פּען — דער אויבערשטער האָט מיר אויף דער עלטער געהאָלפען מיט א פאונטעין פּען — און זי ווערט באַלד בעטען אז איך זאָל איהר אָנ־פילען דעם מאָגען, ווייל זי איז ניט קיין לוין־שקלאפין, וועלכע איהר קענט צווינגען צו ארבייטען מיט א פוסטען מאָגען. זי זאָגט: „ווילסטו איך זאָל פאר דיר פארשוואַרצט ווערען, טאָ פיל מיך ווע־ניגסטענס אָן!"

— און דאַן בין איך טאַקי מיעד און שלעפעריג, גוט נאַכט! איך וועל זעהן איינצושלאָפען, צו האָבען זאָגאַר א זיסען חלום אויב עס וועט מעגליך זיין, כל זמן חלומות זיינען נאָך פריי פון צענזור.



XLVI

## איינער פון זיי.

איהר ווייסט ניט וואָס פאר א משוגעים די קלאָרע מענשען זיינען, דאָס הייסט ניט אז איך וועל אייך דאָס דאָ, גלייך אויפ'ן שטעל, באווייזען, כדי אז איהר זאָלט וויסען. אָה, ניין! היינט לאָז איך מיר פון קיין שום חקירה אין דער וועלט ניט פארדרעהען א מוח, היינט מיין איך צו שילדערן פאר אייך איינעם אָדער צוויי פון די באַיאָרענטע קינדער, וועלכע איך האָב אין מיין לעבען גע־זעהן. איך האָב דאָ נור דערמאָהנט די קלאָרע משוגעים, ווייל איך וויל, אז איהר זאָלט מיך אָן דעם ערינערען שפּעטער אמאָל.

*   *   *

ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל געזעהן, איז ער שוין געוועזען עטליכע און פופציג יאָהר... יונג. זיין באָרד האָט אויף זיך געטראָגען דעם קאָליר פון שניי, פון דעם שניי וועלכער קומט אין דעם ווינטער פון דעם מענשליכען לעבען. די האָר אויף זיין קאָפּ האָבען זיך שוין אויך געהאַט אויסגעווייסט, און האָבען זיך געהאַלטען אונרוהיג, אזוי אונרוהיג, אז מען וואָלט געזאָגט יעדער האָר זיינער איז א רעוואָלוציאָנער, א מיאַטעזשניק געגען די אונ־גערעכטיגקייט, געגען די פאַלשקייט און געגען די טיראַניי ארום און ארום, זיינע אויגען שעהן, אָבער עטוואָס מאַט, האָבען אונטער דעם פיין געוועלבטען שטערען אויסגעזעהן ווי אויסגעמאַטערטע וועכטער אין צוויי עפענונגען אין א הויכע פעסטונג, — וועכטער,

וועלכע ווארטען א שטייגער, אז די וואך זאָל קומען און זיי אָפּ־וועקסלען.

אָה, יאָ! זיינע אויגען זיינען שוין געווען מיעד, באַטריעבט, שוואך. זיי האָבען טיעפער ווי אַנדערע אויגען אריינגעבליקט אין מענשליכע הערצער; אריינבליקענדיג טיעף אין די הערצער, האָבען זיי געגויער באַטראַכט די אַלע וואונדען פון אַלע מינים, באַטראַכטענדיג די וואונדען האָבען זיי אָפּט געטרעהרט, פיליכט געוויינט. און זיי זיינען געוואָרען מיעד, בליקענדיג אין די הערצער; בעטריעבט, באַטראַכטענדיג די וואונדען, און שוואך, זיך ווייקענדיג אין טרעהרען.

און דאָך האָבען זיינע ווייסע האָר און זיינע שוואַכע אויגען אייך ניט געלאָזט איינרעדען, אז דער מאַן, צו וועלכען זיי געהערען, איז אַלט.

„ווייס — האָבען צו אייך געזאָגט די האָר זיינע — איז ניט דער בלייכער טויט, נאָר די בליהענדע אונשולד, די ליליע”.

„שוואך — האָבען צו אייך געזאָגט די אויגען זיינע — ווערט מען ניט פון לאַנג באַטראַכטען טיעפע וואונדען, זאָנדערן אויך פון אַרויפבליקען אין דער הויך צו די ליכטיגע זון”.

און אזוי איז דאָס טיילווייז געווען. דער מאַן האָט אריינגעבליקט אין די פינסטערע נאַכט אַרום איהם און האָט דערזעהן די ליכט האַפענדע פלעדער־מייז און די טיעף־איינגעשלאָפענע, פון צרות, פון יסורים איינגעשלאָפענע מענשהייט איז ער געוואָרען באַטריעבט. דאַן אָבער האָט ער זיך א ריהר געטאָן, האָט פון זיך אָפּגעטרייסעלט די פינסטערניש און נאָך איידער דער האָהן האָט געקרייט, נאָך איידער די לערכע האָט גענומען זינגען, נאָך איידער דער פאַרמאַטערטער מענש האָט זיך גענומען ריהרען פון דעם ליידען־באַטרונקענעם שלאָף, נאָך איידער דער מאָרגען־שטערען האָט זיך גענומען באַווייזען, האָט ער שוין דערפיהלט די קומענדע ערוואַכונג, האָט ער שוין דערזעהן די באַלעבענדע שטראַהלען פון די הערליכע ליכטיגע זון, האָט ער שוין געמערקט ווי דיק די וואָלקען

זאָלען ניט זיין, דורך וועלכע דער הייליגער שיין דאַרף זיך דורכ־ברעכען, וועט עס דאָך באַלד, זעהר באַלד טאָגען.

און ער איז ערפיהלט געוואָרען פון יוגענדליכע האָפנונג, און די האָפנונג האָט איהם געגעבען אַ באַלזאַם פאַר די גליעדער, אַ נעקטאַר געטראַנק פאַר'ן אָפּגעשוואַכטען קערפּער, און ער איז פון דאָס ניי געוואָרען פריש, און ער איז ווידער געוואָרען יונג.

דען, מערקט אייך קינדער:

נור די פאַרצווייפלונג מאַכט אַלט, אין וואָס פאַר אַ יונגען גוף זי זאָל ניט זיצען; נור די האָפנונג מאַכט יונג, ווי אַלט דער האָפענדער מענש זאָל ניט זיין.

ווען איהר מערקט, אַז אין אייער האַרצען הויבט אָן אָפּצור־שטאַרבען די האָפנונג אויף בעסערע צייטען, די אמונה אין אַ פריי־ערע מענשהייט, דער וואונש צו ברענגען וואָס שנעלער דאָס גליק, צו באַפרייען וואָס גיכער דעם אַרבייטער־ריעז, — ווען, זאָג איך אייך, איהר מערקט עפּעס אַזוינס, דאַן זאָלט איהר פאַרשטעהן, אַז איהר זייט אַלט, אַז אייער קערפּער איז אַ באַוועגליכע טרונע פון אַן אָפּגעשטאָרבענע האַרץ. דאַן מעגט איהר נעהמען זאָגען וידוי מיט אייער מענשליכקייט און אָנהויבען נעהען תרכיכים פאַר אייער גליקזעליגקייט. דאַן איז אייער גאַנצער אָרגאַניזם אַזוינער, אין וועלכען די הויפּט ספּראָנדזשינע האַלט ביים פּלאַצען, דאַן, אין אַ וואָרט, זייט איהר ו ו י ר ק ל י ך  א ל ט.

דער מאַן פון וועלכען איך רעד מיט אייך איז קיינמאָל ניט געוועזען אַלט, ווייל ער האָט זאָגאַר אָפּט געטרויערט, ער האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרצווייפעלט.

און ער איז געוועזען אַ גרויסער דיכטער. אָבער גרויס ניט דער־פאַר ווייל זיין גייסט האָט געשוועבט זעהר הויך, ווייל זיין בליק האָט אריינגעדרונגען זעהר טיעף, ווייל זיין טאַלאַנט האָט וואונ־דערפאָל אויסגעמאָלט אין ווערטער דאָס וואָס ער האָט געזעהן. ניין! ניט דערפאַר אליין. ער איז געוועזען אַ גרויסער דיכטער, ווייל אויף איהם האָט די שמוציגע ווירקליכקייט קיינמאָל ניט איבערגעלאָזען דעם מינדסטען פלעק, ווייל זיין האַרץ איז געוועזען אימער ריין,

אימער פול פון ליעבע, פון האפנונג און פון גלויבען אין דער צוקונפט, טראַצדעם וואָס זי האָט מעהר ווי אַנאַנדער האַרץ גע־פיהלט דעם שמערץ פון די ליידענדע, דעם גיפטיגען שטאָך פון דעם מערדערישען דראַך, וועלכער זיצט אין א הענטעל פון גאָלד און קומט פון א שיידעל פון זילבער און איז געמאַכט פון דעם מעטאַל, פון וועלכע עס קומען די שרעקליכע קייטען אויף די אונ־גליקליכע מענשליכע ראַסע.

און האָפענדיג און גלויבענדיג, האָט ער געלעבט א לעבען, וואָס איז אימער געוועזען יוגענדליך פריש, וואָס איז אימער געבלי־בען אַזוי ריין און קלאָר ווי דער ליעבליכער שטראָם פון אַן אימער ווידער־אויפלעבענדען וואַסער־קוואַל, א קוואַל וואָס רעגט זיך און פליסט אין זיין זויבערקייט אום אַלעם צו באַפרוכטען און יעדען צו ערקוויקען.

און אַזוי איז געבליעבען ריין אין זיין אונשולד און יונג אויף דער עלטער דער מאַן, וועלכען די ליעבע, די פרייהייט, די גערעכטיגקייט האָבען גערופען „קינד", און וועלכען מיר, שטערב־ליכע מענשען, האָבען גערופען וויליאַם מאָררים.



## XLVII

# אַן אָנהויב אויף אַ נייעם חשבון.

געשטאָרבען? פּוסטע דבורים! ווער וועט איצט שטאַרבען? דאָס וואָלט פון מיר געוועזען מעהר ווי אַ נאַרישקייט, דאָס וואָלט איינפאַך באַוויזען אַז דאָס וואָס מיינע שונאים... מחשבות'ן! ווי געפעלט אייך דער עסק אַז איך זאָל אויף דער עלטער האָבען, דאָס הייסט קריגען, ווייל איהר קענט קיין זאַך ניט האָבען וואו איהר קריגט עס ניט, קיין זאַך ניט, סיידען אפשר אַ טעות אין מינסק און סמיכות אויף רבנות אין ניו יאָרק, חוץ וועמען עס איז אין דר'ערד, דאַן דעם טיטעל פּראָפעסאָר (אין אַמעריקאַ) און אימיצען אין טראָק (אין ווילנער גובערניע און גאַנץ ליטא ביז סאַמע ציוסק) — בקיצור אַז אַ מענש אין מיינע יאָהרען זאָל האָבען, דאָס הייסט, קריגען און טאַקע אויף אַן עהרליכען אופן קריגען שונאים... איך זאָג אויף אַן עהרליכען אופן, מחמת איך קען מענשען, וועלכע מאַכען זיך שונאים, ווייל נור דערמיט קענען זיי באַווייזען אַז זיי זיינען גוטע דיענער, גוטע הויף־הינט, גוטע, ערגעבענע, געטרייע שלעפּע־טרעגער פון זייער חברה, אָדער פּאַרטיי, אָדער בעל־הבית... בקיצור, אַז איך זאָל אויף דער עלטער קריגען, האָבען און פאַרדינען צו האָבען שונאים! איך! וואָס איך בין צו אַלט צו ערוועקען אייפערזוכט, צו אָרעם צו ערוועקען קנאה, צו פאָרזיכטיג אַרויפצוטרעטען אויף אימיצענס אַ נאַגאָטקע; איך, וואָס איך שטעק ניט מיין צונג אין אַ פרעמדען טעלער, און רייס ניט ביי קיינעם דעם ביסען פון מויל, און זוך ניט קיין גבאות, און בעט ניט קיין טובות, און האָב ניט קיין שעהנע כלה,

און טראָג ניט קיין רינגען אויף די פינגער און קיין שטאָלץ אין פנים און קיין שנאה אויף קיינעם ניט ; איך, מיט א לאַנגער גרויער באָרד אין א מדינה פון געסקראַבעטע מאָרדעס, וועלכע... נור לאָז זיין, מיט א נאַרישעוואַטע (מיסטער איניקעל, צופ ניט פאַר'ן פאָלע !) מיט א נאַרישעוואַטע צורה אין א לאַנד פון כיטרע פנים'ער , מיט א מויל וועלכע קען שוין כמעט מעהר ניט קייען (איבער־קייען האָט זי, געלויבט איז זיין הייליגער נאָמען, קיין מאָל ניט געקענט, וואָס דערפון האָב איך געליטען, ווי איך וועל אייך דער־צעהלען אנאַנדערס מאָל, וואָס דאָס איז זיכער) אלזאָ, מיט די אלע זאכען זאָל איך קריגען שונאים !

עס איז ניטאָ אין מינסקער גובערניע א איד, אפילו ווען ער גלויבט אין בייזע חלומות, אין חסידישע רביים, אין די נייע גאולה, אין שמע ישראל אלס א מיטעל פאַר פיער טייז, און קמיעות אלס אן אפהיטונג פון אן אביסק, אין צוגעטרונקענע ליעבע, אין אקדמות אלס געדיכט, אין חרוסת אלס א מאכל און אין א קאַזיאָנעם רב אלס מורה הוראה, — עס איז דאָרטען ניטאָ, זאָג איך, אזא גלויביגער, איד, אזא אני מאמין אויף צוויי פיס, וואָס וועט אייך גלויבען ווען איהר וועט קומען און איהם דערצעהלען, אז איך האָב דערלעבט צו האָבען שונאים.

איך אליין... אראָב פון נאָז ! צי דאָס איז א פליג, א קאָמאַר אָדער גלאַט א שטיקעל שמוץ — אָבער עס בייסט ווי א מלוה... איך אליין וואָלט מיט יאָהרען צוריק גיכער געגלויבט אין די אונ־מעגליכסטע, אפילו אין די מעגליכסטע, (ווייל דער מענש איז שוין אזוי געבויט אז ער גלויבט אין די מעגליכסטע אם ווענינגסטען, אלזאָ, אפילו אין די מעגליכסטע) זאכען, איידער איך וואָלט זיך פאָרגעשטעלט אזא מין זאך. איהר וואָלט ביי מיר גיכער גע־פועל'ט, אז די רוסישע אידען וועלען אמאָל ווערען אידישע רוסען ; אז פאָבעדאָנאָסצעוו און די פרייהייט וועלען זיך טרעפען און בלייבען גוטע פריינד ; אז וויקטאָריע וועט איהר זוהן ווייזען, אז זי איז צו איהם א מאמע און וועט שטאַרבען פריהער ווי ער ; אז נעזער וועלען זיך קענען פאַרטראָגען מיט העסטער סטריט און הערצער

מיט פינפטע עוועניו; אַז געוויסע באָסעס אין אַ געוויסע פּאַרטיי פון אַ געוויסע מדינה — אַלע דריי אָהן אַ געוויסען — וועלען ענדליך ווערען און פּנים דאָס וואָס זיי זיינען אין זייער מיינונג, נעמליך דוּיט... באַטראַכטענדיג זייער פיהרונג; אַז דער אויבערשטער וועט זיך ענדליך אָננעהמען פאַר די אידען אין ניקאָלאַיעוו, פאַר די קריסטען אין אַרמעניען און פאַר די אַרבייטער אומעטום; אַז ער כביכול, אויב ער יכול'ט, וועט בעשיצען די פינען געגען זייער רוסישען אונטערדריקער, די פיליפּינער געגען זייער אַמעריקאַנישען באַפרייער און די אַמעריקאַנער געגען זיך אַליין; אַז אין אַ צייט פון אַ יאָהר וועלען דאָ אַלע מענשען זיין סאָציאַליסטען און אַלע סאָציאַליסטען מענשען; אַז איך אַליין וועל זיך אויסלערנען שרייבען סקלאַדנע ווי אַ היימישער סופר, אָדער ווי דער ווילנער בריעף־שטעלער און וועל קומען צו אַזאַ מדרגה, אַז איך וועל אָנהויבען און אויסלאָזען ווי אַ פאַרנינפטיגער מענש און מיין פעדער וועט ניט אַרומשפּרונגען אויפ'ן פּאַפּיער ווי אַ מויז אויף אַ צימבעל, אָדער ווי ברייען אויף די סאָציאַלע פראַגע און איך וועל קענען אָנהויבען צו שרייבען טאַקי ווי איך האָב אָנגעהויבען, נעמליך:

„געשטאָרבען? פּוסטע דבורים! ווער וועט איצט שטאַרבען? דאָס וואָלט פון מיר געוועזן מעהר ווי אַ נאַרישקייט, דאָס וואָלט איינפאַך באַוויזען, אַז מיינע שונאים...”

און וועל ענדיגען, דאָס הייסט פאַרטזעצען ווי איהר וועט לייענען אין צווייטען אַרטיקעל, אויב איהר וועט לעבען, איך וועל לעבען, און אַלץ וועט געהן כשורה.

פאַרלויפיג מעגט איהר וויסען, אַז טויט בין איך דערווייל נאָך ניט. איהר זאָלט דאָס איבערהויפּט ניט גלויבען וואו איהר וועט דאָס ניט הערען פון מיר אַליין.

## XLVIII

### שטאַרבען און טויט ווערען.

הייסט עס: געשטאָרבען בין איך ניט. שטאַרבען ליגט אי־בערהויפּט ניט אין מיין נאַטור, איך קען העכסטענס טויט ווערען... וואָס קרימט איהר זיך? איך בין דערווייל נאָך ביים זינען, וואָס מיינע שונאים... פון וואַנען האָבען זיך צו מיר גענומען שונאים? דאָס רופעט מיך ווי אַ צאָן געשוויר, ווי די רויטע פּאָהן אַ געוועזע־נעם סאָציאַליסט, ווי ר' מאיר'ן האָט גערופעט אלישע בן אבויה'ס תורה, ווי... נור לאָז שוין זיין גענוג. איך זאָג: איך בין דער־ווייל נאָך ביים זינען, וואָס מיינע שונאים זאָלען ניט זאָגען, און מען זאָגט, אַז זיי זאָגען, אַז איך זאָג... נור כאַפּט זיי דער קאַדיק!

אַלזאָ, איך בין דערווייל נאָך ניט משוגע און מן־הסתם איז שוין דאָ אַ נפקא מינה צווישען שטאַרבען און טויט ווערען, ווען אַ מאַן ווי איך דריקט זיך אַזוי אויס... די גאוה שטאַמט ניט פון מינסק, זי איז צו מיר צוגעשטאַנען דאָ אין אַמעריקאַ, ווייל דאָ מוז מען זיך בלאָזען אום אָפּצוציהען דעם אָטהעם און ניט צו צולאָזען צו זיך קיין שמוץ... בקיצור, עס איז דאָ אַ נפקא מינה, און אויב איהר האָט חשק צו הערען... איך פרעג אייך, מחמת איך קלייב זיך צו זאָגען אַ חכמה; וואָלט איך געהאַט בדעה צו זאָגען אַ נאַרישקייט, וואָלט איך אייך ניט געפרעגט: אויף דעם זייט איהר אימער בעלנים, ווי אייך ווערען ערקלערען די אידישע פּאָבלישערס (צו וועלכע משונה'־דיגע ווערטער מען געוואָהנט זיך דאָ, בעונותינו הרבים, צו! דער טייוועל וויים זיי וואָס פאַר אַ לשון זיי רעדען! אָט זאָגט מיין

אייניקעל אַז דאָ איז אַ קרענק ניט אַ חלאת, נור איינער וועלכער זאָגט דעם אמת און רעדט לויט ווי זיין שכל גיט איהם איין און טוט ניט ווי אַלע טוען, ווען איהם דאַכט זיך אַז אַלע טוען נאַרישקייטען און לעזען זיי, וואָס דאָס ברענגט מיך צוריק צו די פּאָבלישערס, וועלכע ווענען אייך ערקלערען, אַז חכמות, וועלכע זיי דרוקען לעגען זיי אין דר'ערד אריין, און דאָס וואָס ברענגט זיי צוריק צום לעבען איז וואָס זיי קומען גיך צום שכל און נעהמען זיך צוריק צו די נאַרישקייטען וועלכע ווערען צוכאַפּט ווי דעם רבי'ס שאיריים, ווי הייסע גע'צלם'טע בולקעס ערב פסח (ביי די גוים), ווי אַ חתן תורה און חתן בראשית אין לאָנדאָנער שולען און ווי שמאַטעס אין אַ באַרגיין-סייל אין ניו יאָרק.

נור צי איהר ווילט צי ניט, זאָגען וועל איך אייך: שטאַרבען קען מען ביסלעכווייז, טויט ווערט מען מיט אַ מאָל, פון אויס-צעהרונג שטאַרבט מען, פון אַ מיתה משונה ווערט מען טויט. איהר זעהט אויף די גאַסען מענשען, וועלכע געהען אַרום דריי פערטעל מאַנכע פיער פינפטעל, אַנדערע נאָך מעהר אין די דעליקאַטנע תשבורת אַריין, אָ פּ ג ע ש ט אָ ר ב ע ן. אַ „האַנד" אין אַ פאַבריק, איבערהויפּט ווען ער אָדער זי איז אַ האַנד, וועלכע מען דאַרף ניט אין דער פאַבריק—אַזאַ האַנד אָדער אַ גרינער אָהן געלד, אָהן מוטה, אָהן קרובים און אָהן כח ש ט אַ ר ב ט, וועהרענד איינער וועלכער טשעפּעט צוזאַמען און פאַנאַנדער וואַגאָנעס אויף דער אייזענבאַהן לעבט אַזוי לאַנג ביז עס דערלאַנגט זיך אַ האַסטיגער רוק דער צוג און ער ו ו ע ר ט ט ו י ט. אַלכסנדר דער דריטער איז געשטאָרבען אַ יאָהר דרייצעהן נאָכאַנאַנד ציטערנדיג פאַר'ן טויט, וועהרענד זיין טאַטע איז טויט געוואָרען פּלוצלונג, מיט אַמאָל, ניט דערלעבענדיג צו ענדיגען ציטערען פאַר'ן טויט. אין אַ מענשען אַ אידעע קען אויך נפטר ווערען אויף איינעם פון די בייזע אופנים. איך האָב אין מיין לעבען געזעהן יונגע לייט און אַלטע לייט, וועלכע זיינען אַמאָל געווען סאָציאַליסטען און זיינען שפּעטער געוואָרען בעלי בתים. ביי מאַנכע פון זיי איז דער סאָציאַליזם טויט געוואָרען אַזוי גיך ווי אַ פּעקעל אסיגנאַציעס האָט

זיך פּאַנאַנדערגעוויקעלט פאַר זייערע אויגען. ביי אַנדערע ווי־
דער איז דער אידעאַל אָפּגעשטאָרבען. לאַנגזאַם, הינטערווייליך,
איין שריט, צוויי, דריי, ווי ר׳ יצחק אלחנן עה״ש פלעגט אויסגעהן
שמונה עשרה, ווי דער עהרענוואָרט געהט אוים ביי א סאָציאַליס־
טישען סוחר, און ווי די ליעבע נאָך דער חתונה ביי צוויי, וועלכע
זיינען שוין ניט א פּאָר, ווי דער היגער ענטוזיאַזם פאַר „פּרי קיובא״,
ווי אַן אָרימע אידישע צייטונג. ביי יענע פּאַקט זיך דער סאָ־
ציאַליזם האַסטיג איין און „מופּט״ ארויס, א שטייגער ווי ער
וואָלט געווען א קמצן א „באָרדער״, וואָס מען האָט איהם געהאַט
אָפּגעגעבען א „רומקע״, איין הארצען, כל זמן אז דער אָרט איז
סאַי ווי סאַי געשטאַנען ליידיג, און דאָ האָט זיך מיט אמאָל גע־
מאַכט א גליק איינגעוויקעלט אין טשעקס, אָדער אָנגעטאָן אין
א ספּאָדניצע, אויף א שמאָלע טאַליע (שמאָל סאַי פון דער
נאַטור, סיי פון דעם קאָרסעט ד. ה., אָהן עינוים, אָדער מיט עיניום,
יעדענפאַלס א שמאָלע טאַליע), אונטער א חן׳עוודיגע מאָרדיטשקע,
מיט א פּאָר גריבעלעך אין די באַקען, אונטער צוויי גרויסע אויגען,
וועלכע ווילען מעהר וויפיעל עס קען געבען דער קאָמוניסטישער
מאַניפעסט. און דאַן האָט מען צו דעם אָרימען באָרדער געזאָגט:
רוק זיך קבצן, עס קומט א ביליכערער פאַר דיר! ביי יענע אַלזאָ,
נעהמט דער סאָציאַליזם איין א מיתה משונה און ווערט כאילו לא
היה. ביי די אַנדערע שטאַרבט ער ביסלעכווייז אָפּ. ביי זיי טרייבט
מען ניט, ביי זיי פאַריאָגט מען ניט. ביי זיי גנב׳עט ער זיך שטי־
לערהייט אַרויס. ביי זיי געפינט מען אוים אז ער אַליין, דער סאָ־
ציאַליזם למשל, איז נאָך צום דערליידען, אָבער ער האָט צו־
פיעל געפּעק ארום זיך, צופיעל שמאָנדרעס. מען נעהמט וואַרפען
די פּעקלעך ווי מען וואַרפט אַראָפּ דעם באַלאַסט פון א לופט־
באַלאָן, בעת מען פיהלט אז עס ווערט אונבאַקוועם צו האָבען
אָט דעם באַלאַסט ארום זיך. דער ענטוזיאַזם געהט צוערשט און
נאָכהער די ערגעבענהייט און נאָכהער די ליעבע, וועלכע איז מיט
איהם געווען פאַרבונדען און דאַן די איבערצייגונג און דאַן, ווען ער,
דער סאָציאַליזם, איז שוין ניט מעהר ווי אַן עובר בטל, איז וועל־

כען עס קלאַפּט נאָך קאַם־קאַם אַן אַדער, קרווישקעט ער זיך אין אַ שעהנעם פּריה מאָרגען אין גאַנצען אַרוים און אין שטעדטעל יאַוועט זיך אַ נייע קרעמעל.

אָה, איך זאָג אייך, קינדער, עס איז דאָ אַ גרויסע נפקא־מינה צווישען שטאַרבען און טויט ווערען, און שטאַרבען ליגט ניט אין מיין נאַטור. איך... ליעבע לעזער, איז אייך אויך אַזוי היים ווי מיר? אַמעריקאַ וועט אויך ניט שטאַרבען: זי האָט פיינט אַ לאַנגזאַמען גאַנג סאַי אין לעבען סאַי אין טויט. ביי איהר איז ניטאָ קיין ניסן, אייר, סיון, תמוז; זי וואַרפט פון זיך אַראָב די גרויע הילע און פון פורים שפּרינגט זי אַריין אין תמוז, פון דעם פּעלץ אין אַ „באַדע אַנצוג" און טו איהר וואָס! זי וועט אייך ניו יאָרקעווען און ניו יאָרקעווען אַז עס וועט ביי אייך אין מויל קלאַפּען אַ צאָן אָן אַ צאָן און מיט אַמאָל — הייוועריהיל!

און דאָס ברענגט מיך צו מיין ענין און צו דעם אינטערעסאַנ־טען נפש'ל מיט די געשוואָלענע באַק, אַרום וועלכען איך וועל מיט אייך רעדען אין מיין נעקסטען אַרטיקעל.

דערווייל, ליעבע, גוטע לעזער, וואָלט איך פון אייך פאַרלאַנ־גען אַ שטיקעל טובה.

פיעלע פון אייך האָבען אַמאָל געברענט, וועהרענד היינט איז אין אייך וועלף צו טרייבען. זאָגט מיר, גוטע ברידער, ווי ווערט מען פטור פון די היץ?

וואָס זאָגט איהר?

— זיך אויסטאָן... פון אַלעמען... ווערען פאַרנינפטיג; גיסען אַן עמער וואַסער אין יעדען בעכער וויין און אַריינלעגען אַ גרויסע שטיק אייז אין דער וואַסער און ניט אַרויפלאָזען קיין הויך פון התלהבות אויף די אייז..."

איהר זייט אפשר גערעכט, אָבער די עצה האָט איהר מיר געדאַרפט געבען מיט 58 יאָהר צוריק. איצט איז שוין צושפּעט. פאַר אַ מענשען אין מיינע יאָהרען איז שוין קיין אַנדער מיטעל צום אָפּקיהלען ניטאָ, ווי אַ ווינקעלע אין יענעם קעלער, וואו עס ליגען קאַלט, אי די וועלכע שטאַרבען, אי די, וואָס ווערען טויט.

זייט געזונד און גרייט זיך צו צו „די געשוואָלענע באַק".

## XLIX

### די געשוואָלענע באַק (?)

דאָס איז איצט שוין אַ קיימאַ־לן פון עלף חדשים. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, אַ ברענענדיגער, פונקט ווי היינט. די לופט האָט געדריקט ווי אַ בייזער געוויסען; מאָגערע מענשען האָבען זיך געקאָכט און דיקע האָבען זיך געבראָטען; העמדער האָבען זיך געקלעבט צו לייבער און צינגער צו גומענס, ווי דער בודעל צו די היגע פּאָליטיק, אָדער ווי דער שקר צו דעם היגען סאָציאַליס־טישען סאָציאַליסטען־פּרעסער. אַלע האָבען זיך בעקלאָגט, חוץ די סאָדאַ־פּאַרקויפער, וואָס זיי פּאַליובעט די היץ; די בעקער־אַר־בייטער, וועלכע לעגען זיך שלאָפען ווען די זון געהט אויף; די גאַנץ רייכע לייט, וועלכע קרוישקען זיך אריין אין ים יעדען תמוז, און די מלביש־ערומים'ניקעס ביים וואסער, וועלכע גיבען אייך אויף פּראָקאָט תחתונים אָהן פּאָלקעס, בכדי אז אייער נשמה זאָל ניט וויינען ווען אייער גוף לעבט אַ גוטען טאָג, זיך לופטערענדיג אויפ'ן ווינד, זיך פּליושקענדיג אין וואסער און זיך קייקלענדיג אויפ'ן זאמד.

זעהר אַ הייסער איז געוועזען יענער טאָג — פּונקט ווי היינט... ווייסט איהר, קינדער, מיר דאַכט זיך אז מיינע שונאים.... פון וואַנען האָבען זיי זיך צו מיר גענומען? איך קלער אז מיינע שונאים זיינען גערעכט מיט דעם וואָס זיי זאָגען, אז איך בין ניט ביים קלאָרען זינען, אַניט וואָלט איך איצט, אַנשטאָט צו זיצען און צו

שרייבען, זיך געוויקט אין א צעבער קאַלטע וואַסער, ווי אַלע פער־
נינפטיגע מענשען, חסידים און אוגערקעס דאַרפען זיך ווייקען.

דער טאָג איז געוועזען זעהר א הייסער, געדענק איך. אויף די עלטערע יאָהרען איז שווער אריבערצוטראָגען די היץ, איבער־הויפּט ווען זי קומט אויף אייך פון אויבען, ווי א קללה פון הר עיבל, און ניט דורך איננערע אויפרעגונג ווי די היץ פון א קאַמפּף פאַר א גרויסע אידעע. ווען איהר זייט יונג קענט איהר זיך לייכט אָבקיהלען, איהר האָט הונדערט מיטלען דערצו. איהר קענט, למשל, זיך שטאָפּען מיט מאַראָזשינע האָבענדיג געזונדע ציינער און די נויטיגע מטבעות דערצו; איהר קענט ווערען מעמבערס אין דער היגער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי און אייך געהט גלייך אריבער א קעלט איבער'ן לייב; איהר קענט טאָן א סך אנ־דערע זאַכען, וועלכע אַן אַלטער מאַן קען זיך ניט פאַרגינען, און וועלכע ער קען אפילו ניט אויסטייטשען ווען ער וויל ניט פאַר־לירען וואו ער האַלט. לאָמיך אָנהויבען פון דאָס נייע.

עס איז געוועזען זעהר א הייסער טאָג. די זון האָט געברענט אזוי ווי עס וואָלט איהר געשטאַנען צו פאַרדינען אַן אוצר מיט גאָלד פון „אינשורענס". דער ווינד איז געוועזען א וואַרעמער, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט געקומען פון א „פּרייז־פייט", אָדער, אַניט, פון דעבס'עס ליעבפולע האַרץ. דער שר של מים האָט זיך א גאַנצען טאָג גערייצט מיט דער וועלט, אַלע ווילע פּאַרציהענדיג דעם הי־מעל מיט א וואָלקען, וואָס דערפון איז נור געוואָרען עטוואָס דונ־קעלער, אָבער קיין ערפרישענדער רעגען איז ניט געקומען, א שטיי־גער ווי דער גאַנצער עסק וואָלט געווען א מין ניקאָלאַיעווסקע רע־פאָרמע אין דער לופט. מענשען, קעץ און די ווענט אין טענעמענט־הייזער האָבען געשוויצט, אזוי ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געאַר־בייט אונטער'ן סוועטינג־סיסטעם און... אָבער לאָמיך קומען צום ענין.

א זייגער 7 פאַר נאַכט איז די זון ענדליך אונטערגעגאַנגען, אָבער לייכטער איז ניט געוואָרען: די שטיקעניש איז געוועזען נאָך גרעסער ווי ביי טאָג, וואָס דאָס האָט מיר דאַמאָלס ארויפגע־

בראַכט אויף די געדאַנקען דעם אונטערגאַנג פון דעם צווייטען פראַנצויזישען קייזעררייך, נאָך וועלכען די דריקעניש און די שטי־קעניש האָט אויך געדויערט אַ לאַנגע צייט.

איך האָב זיך געזעצט אויפ'ן „סטופּ" פון די הויז, אין וועל־כע איך, מיין אייניקעל און שעהנע עטליכע הונדערט קלענערע נפשות וואוינען. איך האָב אַריבערגעלעגט אַ האַנד איבער אַ האַנד און האָב גענומען באַטראַכטען די קינדער, וועלכע האָבען אָנגעפּילט די גאַס מיט זיך אַליין, מיט זייער פאָהר־געצייג אויף דריי רעדער, מיט זייערע קולות און מיט זייער געלעכטער, זיך שפּילענדיג, אַזוי ווי עס וואָלט קיין היץ ניט געווען אַזוי ווי דער מלאך המות וואָלט קיין שליטה ניט געהאַט אויף טענעמענט־היי־זער, אַזוי ווי פאַר די פּיסלעך, וועלכע האָבען געדרעהט די רעדלעך, וואָלט ניט פאַרגעשטאַנען אַ צוקונפט פון דרעהען אַנדערע רעדער, נעה־מאַשין־רעדער, וועה־מאַשין־רעדער...

„האַללאָ, זיידע!" האָט פּלוצלונג אַ שטימע אויסגערופען מיך אויפוועקענדיג פון מיין פאַר'חלום'טקייט. דאָס איז געווען דער אייניקעל מיינער. וויפיעל מאָל האָב איך איהם געבעטען ניט צו קומען צו מיר מיט אַזאַ תקע־בשופר גדול'דיגען האַללאָ! איך האָב פיינט דעם וואָרט, וועלכער פּאַסט פאַר אַ טעלעפאָן, אָבער ניט פאַר אַן אויער פון מינסקער גובערניע, און איך האָב פיינט גענומען צו ווערען מיט שטורם. דער חברה־מאַן איז אָבער שוין אַזוי אַמעריקאַניזירט אַז ווען ער זאָל היינט — אין אַ גוטע שעה צו רעדען — שטאַרבען, וואָלט ער דעם מלאך דומה אַליין געגע־בען אַ האַללאָ מיט אַ שלשלת אויף איהם.

איך האַלט ניט שטאַרק פון מוסר זאָגען. דאָס איז גוט פאַר דעם וואָס זאָגט, ווייל ער קען דערביי ווייזען מיט וויפיעל ער איז בעסער און קליגער און פרימער פאַר דעם, וועלכען ער שטראָפט, אָבער געוועהנליך העלפט דאָס ווי אַ לעבעדיגען באַנקעס... ליעבע לעזער, דאָס איז ניט אַ דרוקפעהלער. דער בעל־מגיה פאַרגינט זיך צו מאַכען פון טעלעפאָן — פעליעטאָן, פון העלד — געלד, פון וואָלקען — וואולקאַן, פון וואונדער — וואונדען און טויזענד

אַנדערע אַזעלכע קונצען, אָבער פון טויט לעבעדיג קען ער ניט מאַכען. דאָס איז, אַלזאָ, קיין גרייז ניט.. די היינטיגע דאָקטוירים האַלטען ניט פון בלוטלאָזען. משמעות ביי זיי קומט אויס אַז די מעדיצין דאַרף ניט נאָכטאַנצען די פּאָליטיק און זיי רעכענען, ווי עס ווייזט אויס, אַז צום עפּענען אַן אָדער זיינען דאָ גענעראַלען, פּאָלקאָווניקעס, שעריפס מיט „דעפּיוטיס״.... נישט־קשה פון אַ מדינה אַמעריקאַ! ביי אונז אין דערהיים איז אַ דעפּוטאַט אייגער וועלכער געהט צום גובערנאַטאָר און קעהרט זיך אום ווען ער דערזעהט דעם אָדון הגדול פון בודקע און דאָ איז ער גאָר אַ מין וואָיענער צירולניק, וועלכער לאָזט בלוט אַ סטרייקער! בקיצור, די היגע דאָקטוירים האַלטען, אַז אַזעלכער מעג און דאַרף קורירען מענשען דורך... איהר פאַרשטעהט דאָך וואָס איך מיין.

הייסט עס, מוסר זאָגען העלפט ניט, וואָס דאָס באַווייזט אייך דער גאַנצער תנ״ך, ישעיה הנביא׳ס טויט, דעם קעלמער מגיד׳ס לעבען, דעם דייטשען קייזער׳ס דרשות צו זיין אַרמיי און אַלע בריליאַנטענע רעדעס צו די אידישע אַרבייטער וועגען די נויטווענדיגקייט פון פאַראייניגונג. דערפאַר שטראָף איך קיינמאָל מיין אייניקעל ניט, הגם זיין „האַללאָ, זיידע!״ גיט מיר אימער אַ שטאָך אין האַרצען.

„דיין באַק? אָבגעגאַנגען?״ האָב איך איהם געפרעגט. איך האָב איהם געהאַט ניט געזעהן שעהנע עטליכע טעג. דרויסען איז געוועזען פינסטערלעך און מיינע ספּאַקולען האָב איך געוועהנליך ניט ביי זיך ווען איך בעדאַרף זיי און בעדאַרף זיי געוועהנליך ניט ווען איך האָב זיי: זיי זיינען ביי מיר דאָס זעלבע, וואָס די פּאָליציי איז אין פיעלע גרויסע שטעדט, וואָס דער שכל איז ביים אָרעמאַן און וואָס פרייע צייט איז ביי אַן אַרבייטער.

— אָבגעגאַנגען, אָבגעגאַנגען! — האָט ער געענטפערט — היים, ניין? — האָט ער ווייטער געזאָגט און אין דעמזעלביגען אָטעם האָט ער אויסגערופען, אַריבערשפּרינגענדיג, ווי אַן עכטער אידישער אַמעריקאַנער, פון אנקת מסלדיך צו באָזשע צאַריאַ בראַני, —

„סעי, זיידע! מיין פריינד וויל מיט דיר בעקאנט ווערען."
הינטער איהם איז געשטאנען א יונגער מאן אין זיינע יאה־
רען מיט אן איידעלען, מרה־שחורה'דיגען פנים (ניט בלאס) און...
נאר אייך איז ניט וויכטיג צו וויסען זיינע איבריגע פרימעטעס
און אגב איז דאס וואס איך שרייב ניט א פאספארט און ניט א
ראמאן, נאר נאך איין ניט־דערקאנטשעטער שמועס.
און געוועלט האב איך באשרייבען די מעשה מיט דער
געשוואלענער באק. האט געדולד, כל זמן עס איז דארויף ניטא
קיין מאנאפאל און איהר קענט זיך עס פארגינען.



## L

## גאָל אויף ראש השנה.

וואָס א איד קען זיך פארגינען דאָס קען זיך א גוי, להבדיל, גאָר ניט פאָרשטעלען. א איד קען זיך פארגינען אן עקסטרא נשמה אויף שבת, הגם דער גוף זיינער איז ניט שטארק גענוג איינ־צוהאלטען אפילו איינע; נור א איד קען זיך פארגינען אן עקסטרא משיח (בן־יוסף) צום גע'הרג'ט ווערען פאר די גאולה, וועלכע משיח בן דוד דארף ברענגען; נור א איד קען זיך פארגינען אן עקסטרא שמחת תורה נאָך אן אכט־טאָגעדיגען סכות; נור א איד קען זיך פארגינען אן עקסטרא שטיק פלאטשיגע, דארע, קיילעכדיגע געריע־דעלטע נודנעס פאר אן אפיקומן, ווען די פריהערדיגע אכילות קריכען שוין פון האלז; נור א איד קען האָבען אן עקסטרא שמש צו די חנוכה ליכט אזוי ווי דער ריח־ניחוח פון אויסגעגאַנגענע אכט אכטעל־גראָ־שענע ליכטלעך וואָלט ניט געווען גענוג פאר א הויז וואו עס איז דאָ א קאַץ אין שטוב, א גאנז אין ווינקעלע, א מיסט־קאסטען ביים טיר, א ישיבה־בחור אויפ'ן אויווען, א פאָמאָיניצע, וועלכע שטעהט פון שבת צו שבת, א מולטער מיט גרעט, א האלב ליידיגע דייזשע, א פעסעל מיט קרויט, א פארשימעלטער קב הישר, א שכן אין קאַ־מער, שמות אויפ'ן בוידים, מאכאָרקע בלעטער הינטער'ן שפיגעל, פוילע אייער וואָס עס לאָזט ניט די הארץ, אז מען זאָל זיי ארויס־ווארפען, עסיג וואָס זייערט זיך, א פאָר יוכטענע שטיוועל מיט פרישע זעגעכץ אויף זיי, א גאַוואר־פארטוכעל וואָס האָט קיין מאָל ניט פארזוכט דעם טעם פון זייף מיט וואַסער, א הייליגער טלית־זאַק

מיט די אינגעווייט אין איהם, און ווער ווייס ווי פיעל נאָך אזעל־
כע זאַכען.

נור א איד קען זיך פאַרגינען אַן עקסטרא יקום פּורקן ווען מען פאַרשטעהט קאַם־קאַם דעם ערשטען... און דאָס אויך ניט; נור א איד ווייס פון אַן עקסטרא חדש צו לעגען תפילין, פון אַן עקסטרא בלאָז צו די תקיעות פון אַן עקסטרא מקרא מיט א צוגאָב פון תרגום צו יעדע סדרה, פון אַן עקסטרא מפטיר צו זיעבען פּרשות, אַן עקסטרא שבט צו צוועלף שבטים, פון אַן עקסטרא דצ"ך, עד"ש, באח"ב צו גוטע געזונדע צעהן מכות, פון אַן עקסטרא יאַרמולקע צו א היטעל, פון אַן עקסטרא איד צו א מנין, פון אַן עקסטרא טאָג אין וואָך ביי אַן אָרעם־בחור און פון אַן עקסטרא הקדמה וועגען אידישע עקסטראַס, ווען מען דאַרף רעדען וועגען ראש־השנה.

אָט אזוי פאַררעדט מען זיך אויף די עלטערע יאָהרען, איבער־הויפּט ווען מען איז דערצו געוואוינט פון קינדווייז אויף. געדאַרפט האָב איך זאָגען אזוי:

וואָס א איד קען זיך פאַרגינען, דאָס קען זיך א גוי, להבדיל, גאָר ניט פאָרשטעלען. ביי זיי ביניהם איז אויך דאָ א נייער יאָהר, אָבער נור איינער. מיר אידען האָבען דריי נאָווי־גאָד'ען. ביי אונז איז זיך ברוך השם דאָ ראש השנה, א טאָג וואָס איז א נייער יאָהר; א ראש חדש ניסן, וועלכער איז דער ערשטער טאָג פון דעם ערשטען חדש אין יאָהר און טאָמער איז דאָס נאָך אַלץ ניט גענוג האָבען מיר ראש השנה לאילנות (פאַר די בוימער, ליעבע לעזערינען, פאַר די בוימער) דעם 15טען טאָג אין דעם חדש שבט.

„מיר האָבען — זאָגט מיין איידיקעל, וועלכער קומט אקאָרשט אריין — א ניי יאָהר, ווען די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען, דאָס איז א קאָסמאָגאָנישער ראש השנה; מיר האָבען א ניי יאָהר, ווען דער אויבערשטער משפּט די אידען, דאָס איז א יורידישער ראש השנה; מיר האָבען א נייע יאָהר פאַר בוימער, דאָס איז א באָטאַנישער ראש השנה".

ווי איהר זעהט, שניידט זיך מיין חברה־מאַן אויף א וויסענ־שאַפטליכען, ווי רופט מען דאָס. ער נעברויכט שוין לאַנגע פרעמדע

ווערטער און וועט מן הסתם מיט דער צייט נעהמען שרייבען לאנגע פרעמדע ארטיקלען...

אבער דאס אלעס איז ניט אהין און ניט אהער.

ראש השנה... ראש השנה... הערט, ליעבער לעזער איך וועל אייך ניט בלאפען. דער אמת איז, איך קען ניט שרייבען, ניט וועגען ראש השנה און ניט וועגען אנדערע זאכען. אנדערע דארפען צום שרייבען א קאפ — איך זאג ניט אז זיי האבען, איך זאג נור אז זיי דארפען צום שרייבען א קאפ — איך אבער מוז דערצו האבען א הארץ און מיין הארץ, מיין ארעמע אלטע הארץ האבען זיי פארגיפטעט.

אה יא! זיי האבען פארגיפטעט מיין הארץ און איך קען איצט מעהר ניט ליעבען; איך האלט אין איין האסען. און איך, ארימער אלטער נאר, קען אהן ליעבע ניט שרייבען...

עס געהט א נייער יאהר. וואס אין דעם קומענדען יאהר וועט דערפון ווערען ווייס איך ניט, דערווייל איז שלעכט... איך בין ניט טויט, אבער ערגער ווי טויט.

וואלט איך געהאט א ביסעל ליעבע אין הארצען, דאן וואלט איך אייך בעשריבען א יום הדין, מיט א נייעם זארט כתיבה וחתימה טובה, מיט... נור — לאז זיין, איהר זעהט אז עס געהט ניט.

זייט געזונד ליעבע קינדער און נעהמט זיך פון מיר אראפ א מוסר השכל... האט אייך א גוטען יאהר!

נאך א ווארט: אלע אידען האבען אויף ראש השנה האניג, איך האב גאל... נאך אמאל: האט א גוטען יאהר!

LI

## די פרייהייט קומט אָן אין טרויער קליידער.

איהר מעגט אָט דאָ גלייך אויפהערען צו לייענען... איהר דארפט ניט געהן אן אות ווייטער... איבערגעלייענט די קעפּעל — גענוג... עד כאן אומרים בשבת הגדול, א שטייגער...

ווארום? נו, ווייל איהר וועט מיין שרייבעריי סיי ווי סיי ניט פארשטעהן... היינט מיין איך צו שרייבען ווי אלע אנדערע פילאָזאָפען: פאר זיך אליין און א כפרה דער עולם, א כפרה די לעזער... איך מיין צו שרייבען — ווי א הולטיי מיט געלד לעבט, ווי א פארליעבטער פיהלט, ווי ער, כביכול, האָט באשאפען די וועלט, — פאר זיך אליין, פון זיין אייגענע הארץ וועגען, צוליעב זיך אליין און א סוף! איך וויל ניט פארשטאנען ווערען... איך וויל נור ארויסקריגען אויפ'ן פאפיר דאס וואס אין די לעצטע פאר וואכען האָט זיך אנגעקליבען אויף מיין אלטע, קראנקע הארץ, בכדי אז איך זאָל קענען פרייער אָטעמען, דאס איז אלעס.

ווארט! לייענט פון דעסטוועגען נאָך עטליכע שורות: מען דארף אייך געבען צו פארשטעהן פאר וואס איהר דארפט ווייטער ניט לייענען און ווי אזוי דאס קומט אז איהר וועט מיך ניט פאר־שטעהן... דאס וועט איהר פילייכט יאָ פארשטעהן...

אָבער ווי הויבט מען אָן? נעכטען זאָג איך צו מיין אייניקעל, זאָג איך... הייסט עס... נור דאס דערצעהל איך אייך שפּעטער... ווי הויבט מען אָן? אָה, אידישער שלים־מזל! דו,

וואָס אָהן דיר האָט זיך קיין זאַך ניט אָנגעהויבען (אפילו ניט דאָס יודענטום), דו וואָס דו שטעהסט ביים וויגעלע, זאָגאר ביים ברעכשטול פון יעדע נייע וועלט־געבורט — זעה, ליעבער, גוטער, הייליגער, אידישער שלים־מזל, שטעה מיר ביי, אז איך זאָל ווי עס איז קענען אָנהויבען...

כסדר אזוי... איהר האָט דאָך געווים געהערט דערפון, אז אין די עשרת הדברות זיינען די ווערטער „שמור" און „זכור" (את יום השבת לקדשו) ארויסגעקומען אויף אמאָל, בדבור אחד, ווי איין וואָרט.... וואָס? איהר פארשטעהט דאָס אויך ניט? נאַרעלעך, דאָס איז אַן אמונה־זאַך, דאָס דארפט איהר ניט פאַר־שטעהן, דאָס דארפט איהר נור גלויבען.... אויב איהר קענט.

בקיצור, איהר ווייסט אז דאָס איז אזוי געווען, וועניגסטענס, אז אזוי זאָגט מען... איצט פארשטעהט איהר מיך... נור, וואַרט! איך קען דאָס אייך בעסער ערקלערען.

שטעלט זיך פאָר, אז איהר זייט פארוואָרפען און פארוואָר־געלט אין דער פרעמד, אין מרחקים, ווייט, ווייט פון דער היים. און שטעלט זיך ווייטער פאָר אָז ווען איהר לעבט דאָ אויף דעם אופן אין גלות, א נע ונד, א בוים ארויסגעריסען פון זיין אָרט מיט די וואָרצלען מיט אַלעמען, און פארפלאַנצט אין אן אנדער ערד, — אז אין דערזעלבער צייט ווען איהר זייט אזוי דערווייטערט פון אייער אַלטע היים, האָט איהר פון דעסטוועגען דאָרטען איבערגע־לאָזען ניט נור אייער יוגענד מיט די יונגע חלומות, מיט די יונגע האָפנונגען, מיט די יונגע ליידען, מיט די ריינסטע, אונבאפלעק־טע קינדישע געפיהלען, נור אויך א פערזאָן, וועלכע איז אייך ליעב און טייער... אז איהר האָט דיעזע פערזאָן איבערגעלאָזען ביי א בייזע שטיף־מאַמע, מיט וועלכע איהר האָט זיך פארהיי־ראַט נאָך א גט מיט אייער ערשטע ווייב... איהר האָט דאָרטען א געליעבטע טאָכטער, כאַפּט אייך אָן.

און דיעזע טאָכטער האָט מען געפייניגט און פארפאָלגט יאָהרענלאַנג... מען האָט איהר געשלאָגען ווען זי האָט אויסגע־זעהן חן'עוודיגער פאר די אנדערע קינדער, ווען זי איז געווען גע־

ראָטענער, און אויך ווען עס האָט זיך אָבגעדראַכט אַז זי איז ניט שעהן און אַז זי ניצט אוים איהרע פעהיגקייטען צו שעדיגען די אַנדערע פונ'ם הויזגעזינד, אַז זי איז צו קלוג... מען האָט איהר ניט אריינגעלאָזען אינ'ם זאַל, וואו די אַנדערע האָבען געמעגט זיין, הגם אין צוויק האָט מען זיי אַליין אויך געהאַלטען!... מען האָט די זאָקאָנעס פונ'ם הויז אַזוי צורעכט געמאַכט, אַז אין דער צייט ווען פאַר די אַנדערע איז געווען ערלויבט אַלץ, וואָס איז ניט געווען ספּעציעל פאַרבאָטען, איז פאַר איהר, די שטיפטאָכ־טער, געווען פאַרבאָטען אַלץ וואָס מען האָט איהר ניט ספּעציעל ערלויבט.

און צייטען זיינען געווען ווען מען האָט זיך געבאָדען אין איהר בלוט, ווען מען האָט געשעפּט נחת רוח פון איהר ווייטאָג און איהר עגמת נפש... און בייזע הינט פלעגען איהר באַפאַלען אין פעלד און טיגערס, וועלכע לעכצען נאָך מענשען־בלוט, פלעגען אויף איהר לויערן אין וואַלד...

און זי פלעגט זיצען אין איהר ווינקעלע, פון אַלעמען אָב־געטיילט, פאַררוקט אין איהר אָבגעצאַמטען תחום, און פלעגט וויי־נען אין דער שטיל, און איהר קול פלעגט שטייגען אין דער הויך, צום הימעל צו, און די טרערען איהרע פלעגען זיך גיסען, גיסען אַרונטער טיעף אין דער ערד אריין. אָבער דעם הימעל פלעגט ניט דערגרייכען איהר געוויין, און די ערד פלעגען ניט ווייך מאַכען איהרע טרערען, און אַרום איהר פלעגט זיין פינסטער אין מיטען העלען טאָג, און שרעקליך צווישען לוסטיגע טענצער ביי די טע־נער פון דער האַרמאָניקאַ.

און זי האָט אָנגעהויבען צו פאַרגעסען ווי אַזוי מען לאַכט, און דער שמערץ אין האַרצען ערמאָרדען דעם שמייכעל אויף די ליפּען, און זי האָט בּיסלעכווייז אָנגעהויבען צו זינגען שיר־השירים מיט דעם ניגון פון איכה, און צו קלאָגען איכה גאָר אָהן אַ ניגון, מיט אַ דערשטיקטען קול, מיט אַ שלוכץ צום אָנ־הויב און אַ זיפץ צום אויסלאָז, זיך ווערגענדיג מיט די ווערטער פון איהר קלאָג־ליעד.

און... וואָס האָב איך דאָ געוואָלט אויספיהרען? עפּעס ווילט זיך מיר אייך געבען צו פאַרשטעהן, פאַר וואס איהר דאַרפט ניט לייענען דאָס, וואָס איך שרייב היינט, אָבער ביי מיר זיינען צוטומעלט די רעיונות אין מיין מח, און מיין אידעען־פאַבריק האָבען די געדאַנקען, משמעות, זיך אָנגעשלאָסען אן די סטריי־קענדע פּעטערבורגער ארבייטער: אַרויס אין אַ מין סימפּאַטיע־סטרייק. זיי פאָלגען מיר אַזוי אויך ניט איבעריגס... איצט זיי־נען זיי ווייט, ווייט...

און, יע... איך ווייס... הערט מיך אויס.

און מיט אַמאָל הערט איהר אַ בת־קול, וואס זאָגט אייך אין דעמזעלביגען אָטעם־צוג, אויף דעמזעלביגען אופן ווי עס איז ביים רבונו של עולם אַרויסגעקומען דער זכור צוזאַמען מיט דעם שמור אויפ'ן באַרג סיני, אַז אייער טאָכטער, די אונגליקליכע שטיפ־טאָכטער איז פריי, אַ מענש אין שטוב מיט אַלעמען צוגלייך, אָבער צובלוטיגט, כמעט ערמאָרדעט!

מען זאָגט אייך אָן, אַז זי, די פאַראַכטעטע און פאַרפאָלגטע און פאַרדאַמטע און פאַרשאָלטענע איז מיט אַמאָל געוואָרען פריי און מיט אַלעמען גלייך, אַ שוועסטער צווישען שוועסטער, אַ קינד צווישען קינדער; אַז זי האָט איצט רעדע־פרייהייט און לאַב־פרייהייט און שמייכעל־פרייהייט און געזאַנג־פרייהייט; אַז זי מעג איצט זינגען איכה מיט דעם ניגון פון שיר־השירים און האַל־טען הויך דעם קאָפּ בשעת זי זינגט; אַז זי מעג אַרומשפּרינגען אומעטום אין הויז, דאָס הייסט —

אָה, וואונדער איבער וואונדער:
איז דאָס ניט אַ וואונדער?

אַז די טיר פון דעם זאַל, די פאַרבאָטענע טיר פון דעם גרויסען זאַל איז ענדליך פאַר איהר אָפען, אָפען און פריי...

מען זאָגט אייך אָן, אַז די שטיפ־מאַמע איז אויס קאָזאַק, אַז איהר ממשלת הזדון איז צו ענד, אַז זי קען ניט מעהר וואַיעווען איבער דעם הויזגעזינד, אַז דער האָט קרוישקעט זיך אַרויס און די

ליעבע קרווישקעט זיך אריין, און פאר די שטיפ־טאָכטער עפענט זיך א פרייערע, ריינערע צוקונפט.

דאָס אַלעס זאָגט מען אייך אָן, און איהר שפּרינגט פון הויט פאר לויטער שמחה, אָבער... אין דעמזעלביגען אָטעם־צוג דער־צעהלט מען אייך, אז א באנדע פון ווילדע ברואים, צוויי־פיסיגע חיות, וועלכע זיינען ארויסגעשפּרונגען פון די אייזערנע שטייגען — שטייגען, וועלכע זיינען צופלאצט און צוטראָגען געוואָרען דורך דעם זעלביגען וואולקאן־אויסברוך, וואס האָט צוטראָגען און גע־שטירצט די אסטראָגען, די קאזעמעטען, די דירות פון די פריי־הייטס־העלדען, זייערע ענגע, שרעקליכע דירות פון צעהנדליגע יאָהרען, — בקיצור, מען זאָגט אייך אָן אז דיעזע ווילדע, בלוט־דורשטיגע חיות זיינען באפאלען די נור וואָס פרייגעוואָרענע, מענש־געוואָרענע טאָכטער אייערע דאָרטען אין דער היים — און אז עס גיסט זיך בלוט ווי וואסער.

און אייער פרייד מיט אייער לייד שטויסען זיך אין אייער ברוסט ווי יעקב און עשו אין רבקה'ס לייב, און די יללה מיט דעם יובעל־געזאנג ווערען צומישט אין איין זיס־זויערן, לוסטיג־שווידערהאפטען אויסברוך פון צווייערליי טענער... א כשר טאנץ און א טויטען מארש געשפּיעלט צוזאמען — אקאָמפּאנירט אין דער נאכט ארום אייך פון א נאכטיגאל מיט א בת־היענה...

היינט פארשטעהט איהר שוין אז איהר קענט דאָס ניט פארשטעהן? אז איך שרייב היינט ניט פאר קיין אנדערען ווי זיך אליין, ווייל מען קען דאָס אנאנדערען ניט ערקלערען? אז דערפאר האָט איהר ניט געדארפט לייענען ווייטער ווי די ערשטע שורה?

גוט... איצט לאָמיך אייך איבערגעבען א שטיקעלע גע־שפּרעך, וועלכען איך האָב נעכטען געהאט מיט מיין אייניקעל: אפשר וועט איהר דאָס פארשטעהן.

* * *

מיר זיינען געגאנגען שפּיציערען פריה אין אָבענד: ער און איך.

ער האָט געשוויגען, איך האָב געשוויגען. אין זיין הארצען, אזוי ווי אין מיינעם, איז געווען אזוי פול פון שמחה און פון טרויער אז מיר האָבען ניט געקענט ריידען.

און ארום אונז זיינען געווען גרויסע מאסען מענשען, וועלכע האָבען, משמעות, גאָר נישט געוואָלט וויסען ניט פון אונזער פריי־הייטס יום־טוב, ניט פון אונזער נייעם חורבן־טרויער; מענשען באַשעפטיגט מיט אנדערע זאכען, מענשען באַשעפטיגט מיט זיך, וואָס ווילען ניט וויסען פון גלות, ניט פון די גאולה, ניט פון דער שקלאַווערייַ, ניט פון דער ארבייטער־ערלייזונג. מענשען וועלכע געהען האסטיג מיט דאַמפף, האסטיג פאָרווערטס, האסטיג צו זייער ציעל צו, האסטיג ווי דער אויטאָמאָביל וואָס לויפט איצט פארביי, וואָס פליהט פיליכט צו זיין אייגענעם שטורץ, איבערלאָזענדיג הינטער זיך דעם גערוך פון זייער עגאָאיזם, פון זייער טרייב־קראַפט.

און איך זאָג צו מיין אייניקעל:

„זעהסט, מיין קינד, אָט דיעזע מענשען קען מען לייכט פאר־שטעהן, ווייל זיי האָבען נור איין זאַך פ א ר זיך, איין געפיהל א י ן זיך, איין לעבען ה י נ ט ע ר זיך.

„פאר אונזערע אויגען אָבער שטעהט אַן ערשיינונג, וועלכע האָט צ ו ו י י פנים׳ער מיט אַ טריאומפירענדען שמייכעל אויף איין פנים און אַ שווארצען שלייער אויף דעם אנדערען. דאָס קענען די מענשען אין גאַס ניט פארשטעהן און דאָס קענסטו זיי ניט ערקלערען.

„ווער וואָלט דאָס מיט אַ קורצע צייט זיך געקענט פאָרשטע־לען?

„אָט איז די דערנער־קרוין פארשוואונדען פון פרייהייט׳ס קאָפּ און איהר אָרט פארנעהמט אַ זיעגעס־קראַנץ.

„אָט איז פּאָביעדאָנאָסצעוו — ער, דער אבי אבות הטומאה, דער מענשענעהנליכער קנוט, דער שטן מקטרג פון יעדע פריי־הייטס־ליעבענדע נאַציאָנאַליטעט — אָט איז ער ארויס פון דער רעגיערונג, און ווי ער געהט ארויס אזוי עפענען זיך די טירען פון

פּראָלענקאָ'ס קבר, פון טויזענדער קברים פון אַנדערע לעבעדיג־באַגראָבענע.

„אַט זעהסטו, פּאַקט זיך איין ניקאָלאַי דער צווייטער, דער ווילענלאָזער, וויסענלאָזער, כמעט קאָפּלאָזער ניקאָלאַי, ער, וועל־כער וואָלט וועלען זיין אַזאַ טיראַן ווי זיין עלטער־זיידע ניקאָלאַי דער ערשטער און האָט דערצו ניט קיין כוח, ניט קיין מוח און ניט „די אַלטע גוטע צייטען", — אַט, זאָג איך, פּאַקט ער זיך איין צו אַנטלויפען פון רוסלאַנד און ווי ער פּאַקט זיך איין, קומט צוריק אַהיים די העלדישע וויערא זאַסוליטש.

„אַט, בקיצור, מאַרשירט אַריין די פרייהייט אין רוסלאַנד, און עס מאַרשירט אַרויס די טיראַניי און ביידע שווימען אַריבער אַ רויטען טייך פון אונשולדיגע אידישע בלוט, די אַרויסצוגעהן, יענע אַריינצוקומען.

„דו ווייסט, מיין קינד, דו ווייסט, איך ווייס, אי פאַר וואויל־טאָג, אי פאַר ווייטאָג, אָבער..."

— „זיידע, איך ווייס ניט וואָס מיין געוויין בעטייט, אָבער עפּעס עס..."

„יע, יע, מיין קינד, עס..."

— „זינגט זיך... און עס קלאָגט זיך... און וואָס עס ווילט זיך ווייס איך ניט."

---

קיינער וועט ניט פאַרשטעהן ניט איהם, ניט מיך, אומזיסט געשריבען, אומזיסט געלייענט. נור אויפ'ן האַרצען איז געוואָרען אַביסעלע לייכטער.

LII

## זיי שטימען ניט.

. . . אָט ווי איך זאָג אייך, זיי שטימען ניט. ער און זי... ווארט א ווײלינקע (ווי הער וויטטע זאָגט צו די רוסישע מדינה, זיך ארומטראָגענדיג מיט זיין קאָנסטיטוציע פון איין פּארטיי צו די אַנדערע, פּונקט אזוי ווי ער, כביכול, האָט זיך, מיט א יאָהר דריי טויזענד צוריק ארומגעטראָגען מיט זיין תורה פון איין פאָלק צו דעם אַנדערען ביז ער האָט, אזוי „פּעדלענדיג" מיט'ן פּאק מצוות, אָנגעקלאפּט אין ישראליק'ס טיר, ווייל חוץ איהם, ישראליק'ן, האָט קיינער די תורה ניט געוועלט אפילו אָנקוקען, א שטייגער ווי היינט וויל, ווי איך האָב שוין געזאָגט, קיין רוסי־שע פּארטיי ניט וויסען פון הער וויטטע'ס קאָנסטיטוציע און אזוי ווי פון אַלע זייטען פליהען פייערדיגע פּעטש און עס רעג־גענט מיט שוועבעל און מיט פּעך, בעט ער זיך: ווארט א ווײ־לינקע, און אזוי זאָג איך איצט און דערמיט ענדיגט זיך מיין מאמר המוסגר און איך שטעל אוועק — וואָס דער זעצער וועט דאָ אוועקשטעלען ווייס איך ניט, — אָבער איך שטעל דאָ אוועק דעם צווייטען קלאמער, אָט אזוי) מיט'ן רוקען צו די קומענדיגע ווער־טער, א שטייגער ווי פריעדריך ווילהעלם דער פיערטער, עליו השלום, האָט אין די 40־ער יאָהרען זיך אוועקגעשטעלט מיט זיין רוקען צו דער דעפּוטאציע, פון וועלכע יאָהאַן יאקאָבי איז געוועזען דער שליח צבור און זייער רעדנער, וואָס דער פּועל יוצא דערפון איז געוועזען, אז יאקאָבי האָט איהם ארויפגעלעגט די האנד

אויפ'ן מאיעסטעטישען רוקען, זאגענדיג: „דאס איז פון אייביג אן געווען דער אונגליק פון די קעניגע, וואס זיי האבען ניט גע־וועלט הערען דעם אמת...", וואס דאס האבען מיר געהאלטען פאר א וואונדערבארען שטיקעל מוט פון א אידען, מחמת דער נייער דור פון אידען אין רוסלאנד איז נאך דאן געווען א חנוכה חלום, א חלום אין דער צייט ווען מען רעדט פון די חשמונאים, אבער אלץ וואס מען זעהט איז עטליכע קליינע ליכטלעך, וועלכע ברענען א ווייליגקע און געהען אויס און לאזען איבער א גערוך, וועלכער... בקיצור, ווייל דער נייער דור רוסישע אידען איז נאך געווען א ניט־געבארענע נשמה אונטער דעם כסא הכבוד פון די געטליכע פרייהייט...

נאר איך בין, ווי געוועהנליך, פארקראכען.

הייסט עס, ער און זי, זייביידע, די יונגע פאר פאלק שטי־מען ניט. פאר וואס? אט וועל איך אייך זאגען. זי, זאל גע־זונד זיין, איז זיך... א ווייבעל און דערצו נאך א יונגע, און דער־צו נאך א שעהנע, און דערצו נאך א מבין אויף איהרע מעלות. איז וואס? איז פארדרעהט איהר צייטענווייז א קאלטען און קיינער קען זיך אויף דעם ניט וואונדערען, מחמת א יונגע ווייבעל, (אפילו אן עלטערע) וועלכער עס פארדרעהט קיינמאל ניט, — לחלוטין קיינמאל ניט — א קאלטען איז פונקט אזא מין איבער־נאטירליכע באשעפעניש ווי אן אמעריקאנער רעפארטער, וועלכער רעדט זיך ניט אמאל אויס אן אמת; אדער א דאמען־טאשען־זייי־גערל וואס געהט ניט אמאל ריכטיג אויך; אדער א היגער פאר־טיגער בגד, פון וועלכען עס פאלען ניט ארויס אלע קנעפלעך אין צייט פון א וואך; אדער א שעהנער יונגער מאנטשיק, וואס זיצט לעבען א שפיגעל אין א קאפע סאלון און קוקט אין דעם שפיגעל ניט אריין כאטש יעדע אנדערהאלבען מינוט ווען ער עסט, און יעדע אנדערהאלבען סעקונדען ווען ער רעדט, און ערגערט זיך דערביי ניט ביי יעדער געלעגענהייט איבער די שרעקליכע קאקעטסטווא פון די פוסטע ווייבספערזאנען...

בקיצור, זי איז זיך א ווייבעל נאך ניט אין גאנצען אויס־

מיידעל און דערפאר איז ניט מעהר ווי רעכט, אז זי זאָל זיך צוי־טענווייז בורענען און קרימען און זיצען אין א ווינקעל און שוויי־גען (יע, שווייגען!) און פארדרעהען דעם נאָז, דאָס הייסט, דעם געזועלע, און פארקאָרצענען דעם שטערן, און מאכען א קמץ פון איהרע ברעמען מיט די אויגען אונטער זיי, און, וואו עס בעט זיך, אראָפּקייקלען א טרער אויפ'ן באק, — א טרער וואָס מאכט נאָך קיין רושם ניט, ווייל די פארב אויפ'ן באק קומט דערוויייל נאָך פון געזונדע יוגענד און ניט פון א שמינק־קעסטעלע טיעף אין דעם שופלאָד פונ'ם קאָמאָד.

בקיצור, זי איז זיך א ווייבעל. ער, ווידער... ווארט! איך בין נאָך ניט אין גאנצען „פארטיג" מיט דער ווייבעל. זי, הייסט עס, איז זיך א ווייבעל, וועלכע האָט אָט די דאָזיגע אלע מעלות (נארען און מאנען רופען דאָס חסרונות) און איז דערצו נאָך ביי זיך א גרויסער תקיף. זי איז אויפגעוואקסען וואָס מען רופט ווילד, א ס א מ א ו ו א ל נ י צ ע, א מיידעל וואָס געהט ניט אין געשפאן, און קימערט זיך ניט וואָס דער עולם זאָגט, און טאנצט ווען דאָס פארגלוסט זיך איהר, צי איהר טאנצען שטערט אימיצענ'ס נאָכמיטאג־שלאָף, צי ניט. זי איז איינע פון די, וועל־כע הונגערען גיכער איידער עסען געשטאָפּטערהייט; וועלכע ווי־לען בעסער אויסזעהן וועניגער ג ר א צ י ע ז איידער אריינ־שפארען די ברוסט אין אן ענגע שנוראָווקע פון אייזען, פישביין און... עפעס נאָך וואָס; וועלכע דארף פרייהייט, באוועגונגס־פרייהייט פאר די פיס אין די שיך, פאר די הענט אין די הענטש־קעס, פאר דעם אמת אין איהרע רייד. זי איז איינע, וואָס טוט ניט אָן אויף איהר רוקען קיין יאָך, אויף איהר האלז קיין כאָמוט, אויף איהר קלייד קיין שלעפע, — ניט דעם יאָך פון „והוא ימשל בה", ניט דעם כאָמוט פון רעליגיעזע צופרידענהייט צו דיענען א טרייבער מיט א בייטש אין האנד, ניט די שלעפע אויף איהר קלייד, וועלכע די מאָדע פארלאנגט.

בקיצור, זי איז א ווייבעל, וועלכע איז און מוז בלייבען פריי, וועלכע איז די פרייהייט אליין. איהר קענט איהר איינגעהמען

ווי מען נעהמט איין א קריעפּאָסט, אָבער איהר קענט איהר ניט איינשפּאַנען ווי מען שפּאַנט איין אַ קליאַטשע; איהר קענט איהר אמאָל בייקומען מיט כיטראָסט, מיט דעם ריח פון בשמים, מיט דעם כשוף פון פּאָעזיע, מיט א הינרייסענדע ליידענשאַפט, אָבער דאָס דויערט ניט לאַנג. זי ערוואכט דערפון באַלד, און שאָקעלט אָב פון זיך די באַרוישונג, און ווערט ווידער פריי, פונקט אזוי ווי שמשון הגבור האָט פון זיך אראָפּגעריסען די פעסטגעפלאָכ־טענע שטריק און האָט זיך פון דאָס ניי פריי געמאַכט.

דאָס איז זי. ער, ווידער... אָבער צו וואָס דערצעהל איך אייך דאָס? זאָל איך אזוי וויסען פון בייז. ווען עס וואָלטען געווען אזעלכע בריות אויף מאַכען קעפּ פאַר מענשען ווי עס זיינען דאָ אויף מאַכען קעפּלעך פאַר צייטונגס־אַר־טיקלען (צווישען רעדאַקטאָרס) וואָלט איך זיך שוין לאַנג באַ־שטעלט א נייעם קאָפּ מיט א גוט־אָרגאַניזירטען דענק־מעכאַניזם, מיט אַן אַקטיאָרסקען זכרון, מיט אַן אַדוואָקאַטסקע השגה, מיט א גמרא־מלמד׳ס חריפות, מיט יונגע שווארצע האָר אויפ׳ן קאָפּ, און — פאַר איין גאַנג — טאַקע שוין מיט אַ זעקס־שפּיציגע מגן־דוד־יאַרמעלקע און א פּרכת־פּראַנז אויף איהר, אין דעם פאַל ווען איך זאָל דאַרפען מאַכען א לעבען פון אידישע פּאַטריאָטס־טוואָ... זאָל מען דערצו ניט געפּרואווט ווערען! — זכרון איז ווי שכל: דאַכט זיך א קלייניגקייט, ניטאָ וואָס אָנצונעהמען, אָבער מען דאַרף דאָס האָבען... קומט צוניץ, סיידען איהר האָט געמאַכט חובות צו פאַרגעסען און אייער געוויסען איז נאָך ניט אויסגעגרינט...

לאָז זיין, די שייכות וועט זיך שוין געפינען, לאָמיר געהן ווייטער.

הייסט עס, ער ווידער איז א מענש בטבע ניט קיין שלעכ־טער, אָבער א געבאָרענער לעהרער מיט א לאַנגען שלשלת היוחסין פון מלמדים־טיראַנען, יעדער פון זיי א קאַט, א שמייסער, א הויט־שינדער, א טירוף, מיט א ראַפּניק אין דער האַנד און א צופּליגע אויפ׳ן צוועק אונטער׳ן פּאָליצע, און א פויסט אין די לינקע קע־

שענע, און גיפט אויף די ליפען און גרימצאָרן אין הארצען... ער האָט אין זיינע אָדערען די בלוט פון דיעזע עלטערען און אור־עלטערען זיינע.

חוץ דעם איז ער צו אלע מענשען דאָס וואָס ער איז צו די קינדער: א ס א מ אָ ד ע ר ז ש ע ץ, א ב א פ ע ה ל ס ה א־ב ע ר, א רעכטהאָבער און א מאכטהאָבער... ער איז געוואוינט אז זיין וואָרט זאָל זיין דער געזעץ, זיין בעפעהל — די גאנצע תורה מיט אלע נביאים, זיין וואונק א זעלבסט־פארשטענדליכקייט, אויב איהר פארשטעהט וואָס איך מיין דערמיט. ער האָט פיינט אז אימיצער זאָל איהם ניט פאָלגען, ניט געהאָרכען, אָדער ניט פארשטעהן אויפ'ן וואונק... ער קען ניט ליידען אפילו א פריינדליכען ווידערשפרוך, ער לאָזט זיך ניט דיענען וואו דער דיענסט האָט ניט אויף זיך דעם אָנבליק פון שקלאפען־פליכט; ער האָט פיינט אן עצה, א טאָמער, אן אָבער, א קוועטש מיט די פלייצעס. דאן איז ער געקנאָטען און געבאקען אין חשד; איינגעמאכט אין א דייזע פון טויט־שרעק; צו פוכקע אינעווענינ און צו האסטיג, צו הויך אויפגעגאנגען; ניט־דערבאקען און דאָך צו־געברענט; ער האָט אויף זיך די טייערסטע זאפראן און די געלבעל פון פוילע אייער, אלץ אין איין חלה.

יע, ער איז פול מיט שדים. ער טרויט ניט זיין אייגענעם שיין. ער ציטערט רק אָט, אָט קריכט די צופלינע אראָב פון דער וואנד און הויבט אָן איהם אליין צו שינדען די הויט. אָט, אָט רוקט זיך אונטער דער אלטער געטרייער בענקעל און הייסט איהם אליין זיך אויסציהען און ליעגען רוהיג מיט'ן פנים צו דער פאָדלאָגע צו.

ער האָט מורא און דאָך איז ער בטבע א קאַט ווי זיין עלטערע־זיידע, דער ערגסטער הויט־שינדער אין זיין שלשלת היוחסין.

ער האָט דעם מוטה פון א קראָליק און דעם חשק פון א טיגער; ער האָט מורא פאר תקיעת שופר און וויל זיין א שטן המשחית; ער חלש'ט אוועק ווען ער שניידט זיך איין א פינגער און רעדט

מכות צאפּען בלוט. ער איז א וואָרעם און וויל אויסזעהן ווי א קראָליק.

בקיצור, ער איז א טרוס־טיראַן.

ווערט ער פון אַלעמען פעראַכטעט. קלערט ער וואס קען ער טאָן זיך אויסצופיינען צווישען די שכנים. קומט א מאַן (מירסקי, דאַכט זיך הייסטע ער) און רעדט איהם א שדוך אָט מיט די מייַדעל וואָס איך האָב אייך אויבען בעשריבען איהרע פרימעטעס. האָבען זיי חתונה. ער מיט איהר — זיך אויסצופיינען, זי מיט איהם — איהם צו מאַכען אויס קאַט.

שטימען זיי אָבער ניט.

איצט, הער איך, האַלט עס דערביי, אַז ענטוועדער ער וועט איהר דערשטיקען, אָדער זי וועט איהם דערשטיקען.

זיי שטימען ניט. דאָס איז געווען א גוטער שדוך, אָבער א שלעכטער זיווג; זיי ביידע אין איין בעט קענען נור אויפשטעהן אזוי, אז איינער זאָל זיך אויפכאַפּען ווען די זון געהט אויף און דער צווייטער ווען עס הערט זיך דער שופר־משיח צו תחית המתים, ניט פריהער.

איינער פון זיי מוז געהן פון דער חופה צו דער קבורה. איך קלער, אז דער איינער וועט זיין ע ר , דער שוואַכערער.

אָבער צו וואָס דערצעהל איך אייך דאָס? אהאַ! ס'אידאַ!

איך האָב זיך נעכטען ביי נאַכט אָנגעזופּט מיט ציימונגס נייעס פאַר'ן שלאָף און האָב זיך משמעות דערמאָנט אָן די דאָזיגע פּאָר פאָלק טראַכטענדיג וועגען דעם שדוך פון דעם רוסישען קיסר (אויב ער איז נאָך אימער א רוסישער קיסר!) און די יונגע, שעהנע, מוטוויליגע פרייהייט.

---

ניט צו פערגעסען.

מיין אייניקעל איז א... „בונדיסט". האָט ער א ספסוך מיט א... א געגנער, א שונדיסט.

לאַכט יענער פונ'ם „בונד", זאָגענדיג אז דער „בונד" וויל א רעוואָלוציע אין איישישאָק.

ענטפערט מיין אייניקעל און זאָגט:

„מיסטער ווער־זייט־איהר, זייט מוחל. די רעוואָלוציע אין איישישאָק איז טאַקי אַ קלייניגקייט, וויכטיג איז אָבער — איי־שישאָק אין דער רעוואָלוציע."

ניט שלעכט פאַר אַ יונגען מאַנטשיק אין זיינע יאָהרען, הא?

מחשבות'ן! ער האָט אויך חתונה געהאַט, אָבער וועגען איהם אנאנדערם מאָל.



# LIII

## פאַר דער חתונה.

מיין אייניקעל זיצט ביי מיר און לעזט. פאַר דער חתונה פלעגט ער אזוי אָפט ביי מיר ניט זיצען, — צו קיין גנאַי זאָל דאָס ניט זיין.

פאַר דער חתונה פלעגט ער, ווי אַמאָל האַמלעט אין שעקספיר׳ס דראַמאַ, געפינען אַ מעטאַל מיט אַ גרעסערע אָנציהונגסקראַפט, ווי זיין אַלטען, צוטומעלטען זיידען, וועלכער דערלעבט זיינע אייגענע יאָהרען און דערגעהט די יאָהרען אַנדערע מענשען... (ער טוט דאָס, למשל, נ י ט, אָבער דאָס נעהמט זיך גוט אויס: די פראַזע איז אַ שעהנע. מיר, שרייבער, זיינען ווי פראָווינציאַלקעס אין גרויסע שטעדט, מיר פ אַ ר ב ל י ס ט ש ע נ ע ן דעם עולם די אויגען מיט אונזערע דימענטען צי זיי פאַסען צום רומעל צי ניט. אַקטיאָרען דערלאַנגען זיך אָפט אַ הויב, אַ רוק, אַ שטעל, אַ זעץ־אַנידער אויף דעמזעלביגען אופן: עס נעהמט זיך שעהן אויס, הגם עס פאַסט ניט צו דער ראָלע. רעדנער טוען אָפט דאָסזעלבע. גראַף בילאָוו, למשל, אין דעם דייטשען רייכסטאַג און רעוו. מלאכאָוויץ אין פאַטריאָטישע אַסיפות, און ניט זיי אַליין, נור פאַר׳ן אויסזאָגען פון חדר שמייסט מען... אָבער נחזור לענינו.

פאַר דער חתונה פלעגט ער, מיין אייניקעל, ווי איך האָב געזאָגט, ניט זיצען אזוי אָפט ביים אַלטען זיידען; זיין אָרט איז געוועזן ביי איהר, ביי די דאָזיגע, די פלונית׳טע פון יענער זייט צוואַנציג, מיט די חן־גריבעלעך אין די באַקען, און די חן־גלעקעלעך אין דער שטימע, און די טויזענד אַנדערע מעלות וואָס היינע האָט באַזונגען און ירמיה האָט באַקלאָגט און שלמה המלך — אַ ליעבהאָ־

בער מיט אן אונגעהויער גרויסע פראקטיקע — האט באשריעבען אין זיין שיר השירים. איז וואס וויל איך אויספיהרען? יע! פאר דער חתונה...

מחשבות'ן! ווייסט איהר וואס דיעזע דריי ווערטער האבען צו באדייטען? פאר דער חתונה, קינדער, הייסט די צייט פון די אמת'ע, ראמאנטישע, פאעטישע ליעבע. פאר דער חתונה הייסט — אדם און חוה איידער זיי האבען פארזוכט דעם עפעל פונ'ם עץ הדעת: די צייט ווען מען איז בלינד צו אלץ וואס געפינט זיך הינטער דעם פארקען פונ'ם גן־עדן (התחתון); ווען מען איז בלינד צו די ווירקליכקייט אין דער ארומיגער וועלט; ווען מען זעהט נאך אין דער געליעבטער ניט קיין חסרונות און מען הערט פון איהר ניט מעהר ווי חכמות און... מען איז גלאט א נאר; ווען מען דארף נאך ניט פיעל, ווייל וואס ווייניגער געז מען ברענט איז אלץ בעסער, און וואס ווייניגער מעבעל מען האט אלץ לייכטער פאמיעסטשעט מען זיך אויף איין שטול, און וואס ווייניגער זייגערס אלץ מעהר הנאה האט מען פון די צייט.

פאר דער חתונה! ניט אומזיסט פלעגען אין מיינע צייטען די דראמען־שרייבער ענדיגען זייערע פיעסען ענטוועדער (אין קאמעדיעס) פאר דער חופה, אדער (אין טראגעדיעס) פאר דער קבורה, אבער אין ביידע פעלע פאר'ן צוזאמען־קומען, אדער פאר'ן פאנאנדערגעהן, אימער איידער עס האט זיך פאר די יונגווארג געבעטען א ברחן, אדער א חברה־קדישא־שמש, אימער איידער די גליקליכע ליעבע האט געקראגען א הכשר פונ'ם רב און די אונגליקליכע א פאסיר־צעטעל פונ'ם מלאך דומה.

פאר דער חתונה! ווייל מען איז גליקליך ניט מיט דאס וואס מען עררייכט — מען האט דערפון נור הנאה — מען איז גליקליך מיט דאס צו וואס מען שטרעבט, וואס מען וויל עררייכען און וואס גרעסער די שוועריגקייטען, וואס גרעסער די שטערונגען, די הינדערניסע; וואס מעהר דערנער אויפ'ן וועג, וואס מעהר גראבענס אריבערצושפרינגען, וואס מעהר לוזשעס ארומצוגעהן, וואס מעהר פלאנקענס אריבערצוקריכען, וואס מעהר בייזע הינד

אויסצואווייכען, אלץ מעהר גענום אין דעם שטרעבען צום גליק, אלץ מעהר גליק אין דעם שטרעבען צום ציעל.

פאר דער חתונה! איידער עס הויבט זיך אָן דער פּראָזאַ־אישער לעבען, ווען צווישען די ליפּען און דעם קום קלאפּט אָן דער לענדלאָרד וואָס קומט נאָך רענט; ווען די ווייב׳ס שיכע־לעך שטעהען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג און די פיסעלעך, וועלכע מען האָט אַמאָל געהאַלטען פאר אזוי ליעבליך־קליין, הויבען אָן צו בריקענען און צו ווארפען זיך, ווייל עס איז שווער צו ענטשיי־דען די פראגע וועגען די שיכעלעך — און זיי, די פיסעלעך הללו, זעהען שוין אויס כמעט צו גרויס, יעדענפאלס צו בריקענדיג, — א נומער צו גרויס, א פֿוּד צו שווער און די שכנים אונטען זיינען אזוי נערוועז...

הייסט עס, פאר דער חתונה פלעגט ער ניט אזוי אָפט זיצען ביים אלטען זיידען, אפילו ניט ווען ער פלעגט קומען מיט איהר. היינט זיצט ער ביי מיר שטונדען־לאנג, זיצט און בלעטערט אין די אלטע פּאַפּירען.

אָט געפינט ער דעם „פּוילישען אידעל” פון דעם יאָהר 1884 און ווערט אלע ווייל נתפּעל פון אָן אנאנדער זאַך.

„זיידע, זאָגט ער, געדענקסטו אָט דעם שיר אויף דעם סוף יאָהר תרמ״ד?”

און ער ווארט ניט איך זאָל איהם ענטפערען (ווי מען טוט ביים דאווענען מיט׳ן רבונו של עולם אין שול) און לייענט:

לאָזט איהם געהן, דעם יאָהר דעם אלטען,
האַלט איהם ניט צוריק,
ער איז פול מיט שרעק־געשטאַלטען,
טויט איז אין זיין בליק;
לויטער צרות — קיין נחמות —
האָט ער אונז געבראכט,
אין דער גאַנצער וועלט מלחמות,
מאַסען־מאָרד און שלאַכט.”

און איך לאָז איהם ווייטער ניט לייענען.

**איך ערקלעהר איהם, אז דער יאָהר וואָס ענדיגט זיך איצט...** מחשבות'ן! **ניי־יאָהר איז ניט דער געבורטס־טאָג פון יעזוס** קריס־טוס, נור דער טאָג פון זיין ברית, דאָס הייסט דער טאָג **ווען דער** קריסט איז געוואָרען א איד, א וואָך נאָך זיין געבורט... נישט־קשה פון א פלאָנטער... ניי־יאָהר ביי די גוים איז ניט ניי־יאָהר, ווי ראש השנה ביי אונז איז ניט קיין ראש־השנה, און ניי־יאָהר ביי די מחמד'אַנער איז אויך ניט ניי־יאָהר, ווייל זייער לוח איז גאָר צו־דרומשקעט. ער געהט צוריק און צוריק ווי א קרעבס, אָדער ווי דער סאָציאַליסטישער וואוט אין נויאָרק און מיט אמאָל גיט ער א שפרונג פאָרווערטס ווי דער פאָרטשריט אין פראַנקרייך.

איך ערקלער, בקיצור, מיין אייניקעל, אז דער יאָהר וואָס ענדיגט זיך איצט האָט אונז טאַקע געבראַכט פיעל צרות אָבער נחמות אויך; אז מלחמות און מאַסען־מאָרד, דאָס הייסט, מאַ־סען־מאָרד פון ציווילנע נאָך דעם מאַסען־מאָרד פון מענשען אין אוניפאָרמס זיינען דעם יאָהר געוועזן נאַטע־געגנוג, אָבער דערפאַר האָט זיך אויך דעם יאָהר אָנגעהויבען די גרויסע דראַמאַ אין רוס־לאַנד, אין אונזער פאַרהאַסט־געליעבטער אַלטער היים... די דראַ־מאַ, מיט דעם פּראָלאָג אין 1904, אין וועלכען די זעמצעס זיינען געוועזן דער „כאָרוס" און סוויאטאפּאָלק מירסקי דער הויפּט שויי־שפּיעלער... די דראַמע, פון וועלכע נאָך דעם ערשטען אקט אין פּעטערבורג אין יאַנואַר, איז געקומען דער צווייטער אין פּוילען, דאַן דער דריטער און שרעקליכסטער אין זיד־רוסלאַנד... דער דריי־טער? ניין, דער פיערטער, ווייל דער דריטער האָט זיך אָבגע־שפּיעלט אויפ'ן ים, אויפ'ן שווארצען ים, איבער וועלכען עס האָט צום ערשטען מאָל געפלאַטערט א רויטער פלאַג... די גרויסע דראַ־מאַ, וואָס איהר פינפטער אקט שפּיעלט זיך איצטער אין מאָסקווע און האָט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט פאַר צוזעהער אפילו די אמעריקאַנער, הגם דער מאָסקווער גרויסער ספּעקטאַקעל פאַר־כאַפּט זיי ניט אזוי שטאַרק דעם אָטעם ווי, למשל, דער פייט צווי־שען פּיטץ־סימאָנס און קאָרבעט.

יאָ, דער פינפטער אקט וועט באַלד זיין צו־ענד. ווען דער

פאַרהאַנג וועט זיך אַראָפּלאָזען וועלען מיר וויסען צו דאָס איז געווען אַ שווישפּיעל, אָדער אַ טרויער־שפּיעל; אויב די ליעבע פון דעם יונגען פּראָלעטאַריער פון רוסלאַנד צו די פרייהייט, די יונגע פרייהייט... אפשר אָהן חן־גריבעלעך אין די באַקען, אָבער מיט העלדען־גריבעלעך אַרום און אַרום איהר... אויב דיעזע ליעבע וועט זיך ענדיגען מיט אַ חתונה, אָדער מיט אַ לויה פאַר איהר אָדער פאַר איהם.

עס וועט ניט לאַנג דויערען. און ווי דיעזע דראַמע זאָל זיך ניט ענדיגען, דער טעאַטער וועט לאַנג ניט בלייבען ליידיג און פינסטער.

דאָס שווישפּיעל וועט זיך אָנפאַנגען פון דאָס ניי. אי דער פּראָלעטאַרישער ליעבהאָבער, אי די געטליכע פרייהייט צו וועלכע ער שרכנ'ט זיך — ביידע זיינען זיי אונשטערבליך. ביידע האָבען אַ תחית המתים.

דערווייל לעבט ער, דער העלד פון דיזע דראַמע, לעבט ער איבער זיינע גליקליכסטע טעג.

ער שטרעבט צו זיין ציעל, ער קעמפּפט פאַר זיין גליק און אין דיעזעם שטרעבען צום גליק וועלכעס איז זיין ציעל, איז ער גליקליך.

עס איז אמת, מיט זיין בלוט איז רויט געפאַרבט זיין גאַנצער וועג... טראָפּענס, טראָפּענס, טראָפּענס בלוט אויף יעדען צאָל פון דעם וועג, וועלכען ער איז דורכגעגאַנגען — דם, ואש ותמרות עשן — בלוט און פייער און רויך אַרום און אַרום; עס איז אמת, ער וועט געבען זיין כלה, דער פרייהייט, ווען די דראַמע וועט זיך ענדיגען גליקליך, דעם ערשטען קוס מיט פאַרשמאַכטע ליפּען, דורך דעם שרעקליכען שווערען קאַמפּף ווען עסען איז ניט געלעגען אין די געדאַנקען; עס איז אמת, ער וועט זיין געליעבטע אַרומנעהמען מיט פאַרוואונדעטע, בלוטענדע אָרעמס, אויב ער וועט איהר ענדליך מקדש זיין.

דאָס אַלץ איז אמת, אָבער אין דיזען קאַמפּף איז זיין גליק; אָבער דאָס גליק באַשטעהט אייגענטליך נור אין דעם קאַמפּף.

די ליעבע איז ליעבע נור פאַר דער חתונה; נאָך דער חתונה איז זי נור א זיווג. גוט, שלעכט, אָבער נור א זיווג. און דערווייל שפּיעלט זיך אין מאָסקווע אָפּ דער לעצטער אקט און... יונגע לייט, ווערט איהר דאָס גאָר ניט רויט פאַר שאַנדע, איהר, וועלכע זייט רויט אין דער פּאָליטיק אייערער?... און מיר אַלע שטעהען פון ווייטען און זעהען צו...



LIV

## די מאָדע.

ביי זיי איז געווען אַ שטילע חתונה... שטילע חתונות געהען, למשל, בּיסלעכווייז אריין אין דער מאָדע... די מאָדע איז אַ מאָד־נע זאַך: אַלץ געהט ארויס פון דער מאָדע, חוץ די מאָדע אַליין, זי, ווי דער טויט, שטאַרבט קיין מאָל ניט. זי געהט ניט אריין און געהט ניט ארויס.

איך פאָהר ווייטער, נור דאָ וועל איך זיך אויף אַ ווייליגקע אָפּשטעלען. „סטאַנציע מאָדאַ, פּאָיעזד סטאָאיט פּיאַט מינוט!" אזוי וואָלט מען אין מיינע צייטען אויסגעשריען אין אונזערע מקומות... דאָרטען, אין רוסלאַנד, לעבּט מען ניט, ווי דאָ, בּחפזון, אין איילעניש, אויפ'ן האָררי־אָפּסקען אופן.

. . . דאָרטען פאַרגינט מען זיך צו מאַכען אַן אָבּשטעל אין דער רייזע פון יענער וועלט דורך ד י וועלט צוריק אויף יענער וועלט... צו מאַכען אַן אָפּשטעל און אַ טראַכט צו טאָן און צו פאָ־טאָגראַפירען אין דעם אייגענעם מוח די לאַנדשאַפט ארום זיך, מיט די שעפּסעלעך וואָס פּיטערען זיך אויף דער לאַנדשאַפט, מיט די פּויערים פון ווייטען, וועלכע זעהען אויס אזוי אונגעהויער קליין, אַז מען קריגט זיי קאָם־קאָם וואָס ארויף אויפ'ן בּילד, הגם איין פּויער גיט מעהר ברויט ווי ניין פּראָצענטניקעס, און עס איז זאָגאַר דאָ אַ סברא אַז ווען ניט דער „קליינער", גראָבּער פּויער וואָלט דער גרויסער איידעלער מענש געמאַכט זיין רייזע צו יענער וועלט, ווי ר' ירוחם דעם מלוה'ס פּלימעניק פּלעגט ארויסקומען

פון זיין פעטער — א הויב, א פליה און ארויס ! מיט א פאנטאפעל, אדער א קרבן־מנחה סדור, אדער א וואלגער־האלץ, אדער זאגאר א בעסערע זאך, וועלכע איז ביי ר׳ ירוחם׳ן געווען א משכן (אן אייגענע וואלט ער אפילו אין גרעסטען גרימצארן געזשאלעוועט צו ווארפען) — אלזא מיט איינע פון די אלע זאכען פליהענדיג, דאס הייסט, נאכפליהענדיג נאך דעם פלימעניק, ווען ער פלעגט קומען נאך א גמילת חסד נאך אן אקע ביז פינף פארטאג, נאך עטליכע פאסקודנע בלא־ראיה׳ס (חוץ אין גאט זאכען איז בלא־ראיה אימער א געפעהרליכער עסק — דארטען וואו עס רעדט זיך וועגען אמונה קענט איהר זיך ניט העלפען, נאטירליך) א. אז. וו.

נור גערעדט האבען מיר... האבען מיר? יע, דאס רעדט זיך אזוי; אין אמת׳ן, ווען א שרייבער אדער א רעדנער רעדט מיט אייך, רעדט אייגענטליך נור א י י ן צד — דער שרייבער, דער רעדנער; איהר עפענט ניט א מויל, סיידען אפשר צו טאן א גענעץ אויב איהר זייט א איד. אדער צו נעהמען א פרישע שטיקעל קיי־טאבאק אויב איהר זייט אן אמעריקאנער, וועלכער איז געוואוינט אז מען זאל איהם האלטען פאר א כשר׳ע בהמה וואס איז מעלה גרה...

נאך אמאל: נור גערעדט האבען מיר ארום מאדעס. צוליעב דעם האבען מיר דא געמאכט דעם אפשטעל און וועגען דעם לוינט צו זאגען א פאר ווערטער. לאמיך נור צוזאמעננעהמען די געדאנקען.

כסדר אזוי. א מאדע, זאג איך, איז א מאדנע זאך. יע, אבער מיינט ניט, אז איך האב דא אין זין די ווייבערשע פאריזער מאדעס ווי, למשל, א ספאדניצע אויף רייפען, וועלכע הייסט קרינאלינע, וועלכע האט פאר־א־יאהרען געהאלטען ביים צוריק אריינגעהן אין דער מאדע און וואלט ווארשיינליך אריין אויך, נור מען האט נאך באצייטענס אויסגעפונען, אז עס וועט קאסטען צו פיעל צו מאכען אויף אזוי פיעל ברייטער די טירען אין די קארס און אין די וואגאנעס, אום אז זיי זאלען קענען דורכלאזען א האלבקוגעל, וואס האלט דריי פוס אין דיאמעטער אויפ׳ן קלענסטען

רייף, און איבער פינף פֿוס אויפ׳ן ברייטסטען. — ניט קרינאָלינעס האָב איך אין זין, ניט געשוואָלענע אַרבעל, ניט זומערדיגע רעשע־טע־ווייסטס, וועלכע זיינען, ווי אמאָל די פענסטער אין בית־המקדש, שקופים אטומים, ד. ה. אי פֿאַרמאַכט אי דורכזיכטיג (מעשה דיפּלאָמאַט אין אַ קליינעם פֿאָרמאַט) אָדער אַנדערע אַזעל־כע מאָדעס אויף ווייבערשע קליידער. דאָס איז איבערהויפט ניט מיין עסק. אויף דעם איז דאָ אין ניו יארק א ספּעציאַליסט אַ מאַ־דים. ער וואוינט ניט אין מיין ז א ו ו א ו ל אָ ק . ער וואוינט אַנדערסוואו. ער שרייבט ניט אַליין וועגען די זאַכען: ער קען ניט; ער שרייבט במסירת הקולמוס, יענער שרייבט און איהם לויפט די שפּייעכץ פֿון מויל. „טיילונג דער ארבייט” — איינער האַקט די האָלץ און דער אַנדערער אָכקעט, אויך אַ מאָדע היינ־טיגע צייטען... מחשבות׳ן! צום שרייבען דאַרף מען שכל, אָבער ניט דוקא אייגענעם שכל: אנאַנדערען׳ס איז אויך רעכט, כל זמן איהר קענט איהם קריגען במקח השוה, אמאָל קעפּעלט מען זאָגאַר מיט אַ פרעמדע קאָפּ... זאָל אַזוי ניט טרעפען ווי עס טרפעט זיך...

**איז וואָס וויל איך אויספיהרען?** יע. די מאָדע געהט קיינ־מאָל ניט אַרויס פֿון דער מאָדע. די מייסטע מענשען פוילען זיך צו דענקען פאר זיך און אזוי ווי זיי האָבען מורא צו געהן אין נאָך־ניט־אויסגעטראָטענע וועגען, טאַנצען זיי נאָך דעם כלל און דער כלל טֻוט צו יעדער צייט דאָס וואָס איז אין דער מאָדע.

הכל תלוי במזל? אָה, ניין! קיין זאַך העננט ניט אָב פונ׳ם מזל, ווייל דער מזל, אפילו ווען עס וואָלט ערגיץ־וואו געווען אַזאַ זאַך, און מיר דאַכט זיך אז ער איז — ווי גרינקישקער מאַרצעפּאַ־נעס, אָדער דער צפּיחית בדבש, אָדער די אייזערנע קאַץ — אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אויסגעטראַכט אום צו האַלטען דעם מיליאָ־נען־קעפּיגען דלות אין צוויק; כדי ניט צו דערלאָזען אַז ער, דער דלות, זאָל נעהמען פרעגען קשיות, נעהמען טראַכטען צו קען אפשר ניט געמאָלט זיין, אז דלות איז גאָר ניט אַזאַ אייביגע זאַך, אַזא

אונפארענדערליכע זאך ווי מאנכע זאגען און פיעלע מיינען? אויסגעטראכט, כדי אז, ווי אין פרעה'ס חלום, די מאגערע קיה זא־לען ניט איינשלינגען די פעטע, קלערענדיג אז דאס וואס איינער האט אויף זיך ניט מעהר ווי הויט און ביינער בשעת דער אנ־דערער קייקעלט זיך און ווערט שיער ניט דערשטיקט אין זיין איי־גענע שמאלצגרוב; וואס איינעם געהט ארום א ווינד דורך די פוסטע קישקעס, וועהרענד זיין שכן ווערט כמעט דערוואָרגען, זיך האסטיג שטאָפענדיג מיט פרעמדע קישקעלעך און פרעמדע העלזלעך, — בקיצור, קלערענדיג, אז דאס איז ניט קיין יושר, וואס דערפאר, הייסט עס, האט מען אויסגעטראכט דעם דאזיגען מזל, א מין שלאפטרונק וואו מען האט קיין רפואות ניט פאר'ן חולה און מען האט מורא אז ער זאל פון פיבער ניט ארויס געהן פון די כלים און מאכען פון אלץ א תל.

הכל תלוי במזל? נארישקייט, קינדער! אלץ איז די מאָ־דע, און די מאָדע איז די איינציגע וועלכע געהט קיינמאל ניט ארויס פון דער מאָדע, וועט קיינמאל ניט ארויסגעהן ביז (אָדער ביסקעלוואנען — ווי דער סאָציאליסטישער מעפיסטאָפעלעס יצחק אייזיק, איבריגענס, זעהר א ניצליכער בייזער גייסט, וואלט גע־זאָגט) מענשען וועלען זיך ניט אויסלערנען דענקען (א שטייגער ווי סוחרים שרייבען זיך אויס סחורה פון דייטשע פאבריקען) „אויף אייגענע רעכנונג, און געפאהר", דאס הייסט פאר זיך, אליין — מחשבות'ן! ווי פלעגט די באָבע עליה השלום זאגען בשעת מיר האָבען גענומען ארויסקריכען פונ'ם ארומקריכען?

אליין — אליין
וועט קינדעלע געהן,

וואס דא וואלט זי מן־הסתם געזונגען:

אליין — אליין
דענק שכל'ע קליין,
אליין — אליין
צום אמת דערגעהן...

און אזוי ווייטער. און דאן וועט ניט נאר די קליינינקע כשר'ע בהמה'לע אויפהערען צו קריכען, זיך צו שארען אויף דעם געגענ־זאץ פונ'ם קאפ, צו געהן אויף אלע פיער, זאנדערן עס וועט אנ־פאנגען נאכצוגעהן דעם אייגענעם שכל; אנשטאט צו טאן ווי אלע טוען, וועט זי זיך אויסלערנען צו האלטען די אויגען אפען א גאנ־צען טאג און וועט זאגאר, ווען נויטיג, קענען א שפרונג און א לויף טאן, ניט פאלענדיג און ניט זיך מזיק'ענדיג.

טאן ווי אלע טוען, געהן וואו אלע געהען, שטימען ווי אלע שטימען, שרייבען ווי אלע שרייבען, גלויבען אין וואס אלע גלוי־בען, דענקען נאך דעם לעצטען מוסטער, אויף דעם אופן רעדען, שווייגען, ליעבען, לעבען און שטארבען — דאס הייסט מאדע און די מאדע איז ביז איצט קיינמאל ניט ארויסגעגאנגען פון דער מאדע.

און ווי איהר קענט זעהן מענשען, וואס האבען ניט קיין מורא צו געהן געגען די מעכטיגסטע טיראניי און וואגען פון דעסטוועגען ניט אויסצוטאן דעם שטייפען, ווייסען קאלנער — ד. ה. זיי וואגען ניט צו געהן געגען די מאדע;

און ווי איהר קענט זעהן מענשען, וואס שטעלען זיך מוטיג געגען משה רבינו, די נביאים, די אנשי כנסת הגדולה, די תנאים, די אמוראים, די גאונים, די רבנים און ר' ישראל סאלאנטער (וויי־בער און מיידלעך האבען געמעגט איבערהופען די לעצטע דריי שורות) און אסמיעלעווען זיך פון דעסטוועגען ניט צו צווייפלען אין דעם וואס דער רעדאקטאר פון ז י י ע ר ציימונג זאגט;

און ווי איהר קענט זעהן ווי מענשען, וועלכע גלויבען שוין פון יאהרען, פון זייערע קינדער־יאהרען ניט אין די השגחה פרטית פון גאט, שטעלען זיך מיט „דאנקבארע עהרפורכט" אונטער די השגחה פרטית פון א סאסייעטי־פרעזידענט, פון א צעהן־פיסיגע חיה, וועלכע מען רופט דא קאמיטע־דאס, אדער קאמיטע־יענעס, — ווייל אזוי איז די מאדע;

און ווי איהר קענט זעהן ווי די גרעסטע אפיקורסים אין אמונה־זאכען נעהמען אן פאר כסף עובר לסוחר, אהן א קלער, אהן

א שאלה, אָהן אַ רגע נאָכדענקען אַלץ וואס מען זאָגט זיי כּל־זמן ווי דאָס איז די „אַלגעמיין־אָנגענומענע״ מיינונג פון דער פּאַר־טיי און אין דער דאָזיגער פּאַרטיי שוין פון יאָהרען מאָדע, —

ווי איהר קענט דאָס אַלעס זעהן, אַזוי קענט איהר אויך אין דעם פּרט זעהן פיעלע אַנדערע זאַכען, ניט וואַרטענדיג ביז איך וועל זיי אייך צוקייען און אַריינלייגען אין מויל, לקיים מה שנאמר:

אַליין — אַליין
דענק שכל'ע קליין,
אַליין — אַליין
צום אמת דערגעהן.

און מכוח די שטילע חתונה? וואַרט, וועט איהר זיך דערוואַרטען. דער פּאָיעזד איז געשטאַנען צו לאַנג, אָבער מיר וועלען ווייטער פאָהרען.



LV

## א שטילער תנאים.

איז ווי איך זאָג אייך: ביי זיי איז געווען א שטילע חתונה און... יע, און נאָך א שטילערער תנאים.

דאָ אין אמעריקא ווערט קיין זאך ניט געטאָן שטיל חוץ טאקע אפשר א חתונה, א באנקראָט, אן אונגעזעצליכע גנבה (דער היפך פון א באנקראָט) און די גרינדונג פון א טראָסט...

מחשבות'ן! „טראָסט" הייסט אויף ענגליש בטחון... אזא מין בטחון ווי דער פרומער איד, למשל, האָט אין זיין עולם הבא, אין זיין צוקינפטיגען חלק שור־הבר און לויתן, וואָס ער וועט קריע־גען בעת ער וועט דערהערען דעם שופר־משיח און די טויטע ווע־לען אויפשטעהן תחית־המתים... און מען וועט גרייטען צום טיש און מען וועט זיי דערלאַנגען זייער חלק שור־הבר און לויתן און א גלעזעלע יין המשומר... אָט די זאכען, אין וועלכע א איד האָט בטחון, וואָס דאָס הייסט אויף ענגליש טראָסט, וואָס דאָס איז איי־נע פון די גרינדונגען וועלכע ווערען דאָ אין אמעריקא אָבגעטאָן אין דער שטיל — ווי שטילע חתונות און געזעצליכע און אונגע־זעצליכע גנבות.

ארויסגערעדעהט זיך! חד־גדיא, חד־גדיא!

איז ווי איך זאָג אייך: ביי זיי איז געווען א שטילע חתונה און נאָך א שטילערער תנאים.

עס ווילט זיך ניט פון דאָס ניי פארקריכען... ווען א מענש געפינט ענדליך אויס וואו ער האַלט, דארף ער שוין זעהן נאָך

אמאָל ניט צו פאַרבלאָנדזשען. אין לעבען, פונקט אזוי ווי אין שרייבען און אין זאָגען, פאַרלירט מען אָפּט וואו מען האַלט, דאָס הייסט, מען געהט אראָפּ פון׳ם גראַדען וועג און מען פאַרקריכט אין האָצע־פּלאָצע... און מען פאַרשלעפּט פיעלע אַנדערע הינטער זיך, ביז מען פאַרזינקט אין ערגעץ אַ זומפּ... פאַרזינקט לאַנגזאַם: צוערסט מיט די שיך, דאַן מיט די פיס, דאַן מיט׳ן אונטערלייב, דאַן מיט׳ן ברוסט און מיט׳ן הארצען, דאַן ביז׳ן האַלז און ענד־ ליך מיט׳ן קאָפּ, מיט אַלעם מיט אַנאַנדער... אָה, ניין! דאָס ווערט ניט אויף אמאָל; קיין זאַך ווערט ניט אויף אמאָל.

הייסט עס, האָט מען ענדליך געפונען וואו מען האַלט דאַרף מען שוין ווייטער ניט פאַרקריכען, אָבער אַ סוד וועל איך אייך פאַרטרויען. רעדענדיג וועגען ביאת הגואל און שופר־משיח און די גרויסע סעודה פאַר די אויפגעשטאַנענע מתים, איז מיר איינגע־ פאַלען אז ווען משיח זאָל ניט קומען באַלד, מאָרגען, איבערמאָר־ גען, שבת נאָך שלש סעודות, ווי אַלע פרומע אידען — חוץ די ציוניסטען, די משיח־לאָזע ארץ ישראל־אידען — גלויבען, האָפען און ערוואַרטען, וועט פּליוכט דער שור־הבור זיין אין די הענד פון׳ם ביף־טראַסט און די אויסגעהונגערטע מתים וועלען מוזען וואַרטען ביז זייערע פּאָרציעס וועלען אָנקומען פון שיקאַגאָ אין בלעכענע קענדעלעך, גוט געפּאַקט, מיט אַ פּלאָמבע פון זולצבער־ גער דעם איד און אַרמאָר דעם גוי, און אַן אמעריקאַנער געביל־ דעטען רב, וועלכער איז צווישען גוים אַ איד און צווישען אידען אַ גוי, און פאַר די אידישע אמונה אי אַ תכשיט אי אַ מכה בצרה.

איז ווי איך זאָג אייך: ביי זיי איז געווען אַ שטילע חתונה און נאָך אַ שטילערער תנאים. דאָס רעד איך ארום מיין אייניקעל און זיין פלונית׳טע.

שטיל איז דער עסק צוגעגאַנגען, אזוי שטיל אז אפילו די יונגע פּאָר פאַלק האָבען דערפון ניט געוואוסט, — אפילו זיי אליין ניט.

די אמת׳ע ליעבע ווייס ניט אז זי איז דאָ, ווייס ניט אז זי עקזיסטירט, ווי דער אמת׳ער העלדענמוט קען ניט אויסלעגען זיין

אייגענעם נאָמען, ווי די אמת׳ע עהרליכקייט פארשטעהט ניט צו וואס מען דארף א יאָרליק מיט א כתב.

און וואו די אמת׳ע ליעבע נאָדעט זיך איין אין א מענשליכע הארץ, דאָרטען ווערט דונקעל, ווערט עפּעס אזוי ווי פול מיט ווייה־רויך, און עס דרעמעלט האלב איין דער פארשטאנד, — ער, וועל־כער קלערט, און גריבעלט זיך, און נעהמט פאנאנדער, און שטעלט צוזאמען, און פילאָזאָפירט, און זוכט פּגימות, און פרעגט קשיות, און סאָנדזיעט, און ראָנדזיעט, און שטעלט ארונטער א שמייבעל אונטער א מיקראָסקאָפּ און איז אזוי גלאט א מין קהל׳שער קאָב־לעפעל אין דעם מענשליכען הארצען, — אלזאָ ער, דער פאר־שטאנד, דרעמעלט האלב איין און די ליעבע, פארטראכט, צו־דרומשקעט, פאר׳חלום׳ט, פיהלט אז זי איז א בעל־הבית׳טע ביי זיך און קיינער שטערט ניט.

פרעגט ביי איהר: ווער ביסטו? וואָס ביסטו? מה שמך? פון וואנען קומסטו? וואָס ווילסטו? — ווייס זי אליין ניט, יעדענפאלס ניט אויף קלאָר.

זי — מיין אייניקעל׳ס זי — וואָלט אייך דאָס געגעבען דייט־ליכער צו פארשטעהן. אן אכציג־יאָהריגער אלטער מאן — וואָס ווייס ער פון אזעלכע זאכען?

איך געדענק ווי זי פלעגט זיצען ביים פענסטען זומער פאר נאכט און פלעגט האלטען די אויגען אָפען, כדי ניט צו זעהן ניט די מענשען וואָס געהען פארביי אין גאס, ניט די פוהרען וואס צוטרייבען די קינדער, ניט די קארס, וועלכע פליהען פארביי ווי דער רוח, ניט דעם פיין אָבגעקאָרמעטען פאָליצייסקען, וועלכער האלט אין צוויק א צובאלעוועטע מענשהייט.

זי האלט די אויגען אָפען ניט צו זעהן ווי אנטקעגען ברעכט די הענט אן אָרעמע פרוי, וועלכע געהט ארום פון אין דער פריה אָן מיט א געבראָכענעם הארצען, מחמת איהר האָט עפּעס פאסירט אן אונגליק... איינער פון די אונגליקען, וועלכע פאסירען אין גרויסע שטעדט טויזענדערווייז אלע ליעבע טאָג: דער מאָן האָט געקראָגען א טשיסטע אָטסטאַווקע פון זיין באָס... אָבער ניט ווע־

גען דעם רעדען מיר, דאָס קימערט אונז ניט, דאָס איז דעם סטאַ־טיסטיקער׳ס עסק, לאָז ער דאָס פאַרצייכענען אין זיין ביכעלע אונטער דער רובריק „ארבייטסלאָזיגקייט", און מכוח דעם וואָס די פרוי מיט די צובראָכענע הארץ שטעהט און ברעכט די הענט... איז... איז דאָס ניט ראָמאנטיש און מיין אייניקעל׳ס זי, הגם בטבע א רך־לב, קימערט זיך וועגען דעם ניט, מחמת זי זעהט עס ממש ניט; זי האלט די אויגען אָפען, גרויסע אויגען, ווייט־אָפען, אָבער זי זעהט ניט.

אָט דאכט זיך — איך געדענק דאָס ווי היינט — זיצט זי און קוקט אויף א וועלט, וועלכע עקזיסטירט ניט פאר איהר, און דורך די קארס, דורך די וועגען, דורך די קינדער, דורכ׳ן אין־צוויק־האלטער אין בלויען ראָק — דורך דאָס אַלעס זעהט זי נור א י ה ם , הגם ער איז צוויי־הונדערט מייל ווייט פון איהר, איהם, איהם אליין.

און אין איהר מוח ווערט אויפגעשטעלט א ביהנע און דאָר־טען שפיעלט זיך פון דאָס ניי אָב איהר שטילער תנאים, דער פראָ־לאָג פון איהר לעבענס־דראמא.

און איהר מוח׳ס סצענע שטעלט פאָר א מיטינג־פלאַץ, און א גרויסער עולם זיצט דאָרטען, און עס הערט זיך ווי מען רייבט פארלאָר־מעטשעס, וועלכע צינדען זיך אָן מיט א קנאַק, ווי אי־דישע התלהבות, און ווי יונגע ליַיט רויכערען אוים זייערע שכנים און שכנ׳טעס און ווי עס הויבען אָן מענשען צו הוסטען.

און באלד קומט ארויף אַן ערנסטער, עהרליכער, ענטוזיאס־טישער יונגער מאן און האלט א פייערדיגען פאָרטראַג, און ער ווערט אזוי שעהן, אזוי נאָבעל אויפ׳ן פנים, און זיינע ווערטער קומען ארוים פון זיין מויל און געהען דירעקט צו איהר אין האר־צען אריין און שטעלען זיך דאָרטען איין אויף קוואַרטיר.

און אין א ווייל'ע שפעטער וואַרט זי שוין ניט מעהר ביז די ווערטער זיינע וועלען צו איהר צוקומען, זי שלינגט זיי איין כמעט נאָך איידער זיי קומען ארוים פון זיין מויל.

און דאָ פאסירט עטוואס.

ער דערלאַנגט, צופעליג, אויף איהר אַ קוק. זי ווערט רויט ביז אין די וואָרצלען פון איהרע האָר אריין... ער מערקט דאָס. ער פארלירט וואו ער האַלט. ער פּלאָנטערט זיך אַ ווײַלע, דאַן אָבער געפינט ער זיין פארלאָרענעם אָרט צוריק... ער איז צו ערנסט... ער רעדט ווייטער, אָבער רעדען רעדט ער שוין ניט מעהר צום גרויסען עולם, ער רעדט צו איהר, צו איהר אַליין, הגם ער סטאַרעוועט זיך אויף איהר ניט צו קוקען און נור צייטענווייז, ערטערווייז, גנב'עט זיך אָב זיין בליק אויף אַ ווײַלינקע, דער־לאַנגט אַ שפּרונג צו איהר און קומט צוריק אויף זיין אָרט.

זיין רעדע איז צו ענד. ער געהט אַרונטער פון דער פּלאַט־פאָרמע. ער רעדט מיט פריינד און זיין הארץ זוכט די דאָזיגע, איהר... זי איז ניטאָ... ער געהט אַרונטער אין גאַס; עס טריפט אַ מילדער רעגען, דער „סאַידוואָק" איז פול מיט מענשען, נאָר וואָס ארויס פון האָל.

מיט אַמאָל דערזעהט ער איהר פון יענער זייט גאַס. זי שיינט איהם אי אויסצומיידען אי צו זוכען אין דערזעלביגער צייט. ער דערזעהט איהר. זי ווערט רויט. ער ווערט בלייך, און אין הארצען קוליעט זיך עפּעס וואָס איבער.

אַ דראָטלאָזע טעלעגראַמע קומט און געהט צווישען זיי ביי־דען. דאָס דויערט אַ רגע, דאַן לויפט זי, יאָ, זי לויפט אַוועק. ווער איז זי? ער ווייס ניט.

אָבער אין יענער רגע איז דאָס ביי זיי געווען דער שטילער תנאים.

---

דיעזע סצענע שפּיעלט זיך אָב אין איהר מוח אַ קורצע צייט שפּעטער, זיצענדיג ביים פענסטער.

LVI

## ווענען די כלה פון אמעריקא.

. . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . ווען.

און געוועלט וואָלט זיך מיר היינט דוקא זיין געזונד. איך האָב וואָס צו זאָגען און דאָס מוז געזאָגט ווערען היינט, היינטיגען טאָג, אין דער פריה, באַגינען צו־טאָגען, פאַר׳ן דריטען האָן, אפשר נאָך פריהער, פיעל פריהער, אפשר גאָר נעכטען ביי נאכט... מוז דאָס נאָך געזאָגט ווערען.

עס זיינען דאָ זאכען וואָס אפילו א פילאָזאָף, דאָס הייסט, א מענש וואס נעהמט זיך צייט און נעהמט זיך נ י ט צום האַר־צען, און נעהמט זיך צייטענווייז די פרייהייט, זיך צו נעהמען די פרייהייט, אפילו אין אזעלכע ערטער וואו מען גיט איהר אייך בתנאי אז איהר זאָלט זי ניט נעהמען, א שטייגער ווי מען ענט־פערט אויף אייער „ברוכים היושבים!" מיט א „קומט עסען!" זייענדיג זיכער אז איהר וועט קיין גראָבער יונג ניט זיין און וועט זיך ענטזאגען; אָדער ווי מען באָט אָן ביי די סדרים אליהו הנביא זיין כוס וויין (יין צמוקים, כשר׳ע: אָהן א טעם) בתנאי אז ער זאָל ניט נעהמען... וואס נעהמט זיך, אלזאָ, די פרייהייט זיך צו נעהמען די פרייהייט אפילו דאָרטען וואו זי ווערט אייך געגעבען בתנאי אז איהר זאָלט איהר ניט נעהמען, ווי למשל, אין פאַרטייען; אין א געריכטס־זאַל; אין וויטטע׳ס קאָנסטיטו־

ציע; אין דעם לייב־אָרגאַן פון די פריידענקער; אין אַן אונ־טערהאַלטונג מיט אַ פּריסישען שוצמאַן ביי־טאָג און — מיט אַ היגען פּאַליסמען ביי נאַכט; אין דעם פּרט פון בחירה אין אמונה, וואו איהר מעגט טאָן וואָס איהר ווילט, כל זמן איהר טוט ניט וואָס מען טאָר ניט, און אין טויזענד אַנדערע אַזוינע פעלע און ערטער.

בקיצור, עס זיינען דאָ זאַכען וואָס אפילו אַ פילאָזאָף טאָר ניט אָבלעגנען אויף שפּעטער, זאַכען וועלכע ער מוז טאָן תיכף־ומיד אויב ניט נאָך פריהער, מחמת דער ענין, ארום וועלכען ער וויל רעדען קען ניט אָבגעלייגט ווערען, מחמת דער דאָזיגער ענין איז אַ שידוך און די מדינה איז אמעריקא, און אין אמעריקא ווערט אַ זאַך אַלט פון פריהשטיק ביז מיטאָג, אפילו ווען איהר זייט זיך נוהג צו עסען דריי מאָל אַ טאָג, כמנהג בעלי בתים חשובים און כל־ישראל־רעדאַקטערע אין ניו יארק; מחמת איך האָב אין מיין לעבען מעהר ווי איינמאָל געגעסען פריהשטיק זונטאג נאָך האַלבען טאָג און מיטאָג דינסטאג בין־השמשות, — אַלזאָ ווערט אַ זאַך אַלט פון פריהשטיק ביז מיטאג, דאָס הייסט, אז ווען, למשל, עס וואַלט קומען אויף ניו יארק אַ מבול, אָדער אַ מהפכת־סדום וואָל־טען דערמיט פול געווען די עקסטרא׳ס, וועלכע קומען ארוים מיט אַ שעה פריהער איידער אַזוינע זאַכען פּאַסירען, אָבער פאַר נאַכט וואָלט דער מבול מיט דעם שוועבעל־און־פעך־רעגען, מיט נח׳ס זיהן און לוט׳ס טעכטער, מיט נח׳ס שכרות און לוט׳ס יונגאַצ־טוואָ, שוין זיין פאַרגעסען, מעהר פאַרגעסען ווי אַ צוזאָג אָבצו־געבען אַ געליהענעם בוך — אַ טאָג שפּעטער.

בקיצור־הדבר, עס זיינען דאָ זאַכען, וועלכע אפילו אַ פּי־לאָזאָף מוז טאָן גלייך אויפ׳ן שטעל ווייל דער ענין גופא קען ניט וואַרטען.

און דאָ טוט אייך וועה דער קאָפּ, ווייל איהר האָט — אויך כמנהג בעלי־בתים חשובים — נעכטען ביי נאַכט גוט, צו גוט געגעסען... מחשבות׳ן! אונז, די היגע וועל־אָפּניקעס, די אַל־ראַיטניקעס, די הלואי־וויטערניקעס טוט וועה דער קאָפּ מחמת מיר

האָבען נעבכטען  א ל י י ן  צו־גוט געגעסען, צו־גוט געטרונקען; דעם ארבייטער, אָבער, קרענקט אמאָל דער מוח דערפון וואס זיין בעל־הבית, זיין ברויט־געבער (ד. ה. זיין זיך־טייגאכץ נעהמער) האָט צו פיעל און צו גוט געגעסען און געטרונקען און האָט זיך פארזאָרגט מיט צופיעל אויף להבא... מען זאָגט אַז ווען ראקע־פעללער, למשל, וואָלט אין זיך אריינשפּארען וויפיעל ער קען זיך פארגינען ווערליג נאָך זיין הכנסה נאָך וואָלט זיין בויך געוואָרען געשוואָלען ווי א בארג אויף דעם פּלאנעט יופּיטער, וועלכער איז עפּעס גאָר א מאסע מאָל גרעסער ווי אונזער ערד־קוגעל (ניט דער ווילנער לאָקשענער און ניט א היגער מאָד־פּודינג... איך מיין דער־מיט אונזער ערד, די ערד  א ו י ף  וועלכע און  א י ן  וועלכע מענשען און מיינערס און סאָבוויי־אייזענבאהן ארבייטער לעבען).

הייסט עס, אָבלעגען טאָרט איהר ניט און דאָ שפּאָלט אייך דער מוח — צום צושפּאָלטען ווערען האָט יעדערער, אפילו א טאנצ־מייסטער, א מוח — און דער שרייבען קומט אייך אָן מיט׳ן טויט צוגלייך, — איך וואָלט געזאָגט: מיט גרינגע ווערים, נאָר דאָ גע־פינט זיך א וואָרעם באלײדיגט ווען מען רופט איהם גרינגער, אפילו די גראָז אין די שטעדט באהאַלט זיך אונטער׳ן ברוק, כדי מען זאָל ניט זעהן אַז עס איז גרין; איך אליין רוף אפילו די גרינע טיי ניט גרין: איך רוף עס, נאָך דעם טעם נאָך, ראמונקעס. אזוי בין  א י ך  זיך נוהג, נור פאר אייך איז דאָס קיין חיוב ניט. איהר מעגט זיך אייך רופען טענעמענט־קברים — דירות, די פּוסט־קייט אין זיי — לופט, די ניט געשטאָרבענע אין זיי — מענשען וואָס לעבען,, און די ארבייטער — לעבען־מאכערס אנשטאט טויט־אָבהאַלטערס; דאָס איז אייער זאך. איך געה מיר מיין וועג און רוף אַלץ מיט׳ן אמת׳ן נאָמען.

בקיצור־קיצורי־הקיצורים... די דריי יודען אין די דריי ווער־טער זיינען איינגענטליך איבריג, נור ביי מיר איז א כלל — בעסער א יוד מעהר איידער ווייניגער, אויף סאוואָרין׳ס צופּלאצעניש...

אלזאָ, בקיצור־קיצורי־הקיצורים, עס זיינע דאָ זאכען, וועלכע מען טאָר ניט אָבלעגען.

מען טאָר ניט, ווייל דער ענין גופא איז א באַשטימטער, אָב־געמאכט מיט אַ פעסטען טערמין, אַ זאַך, וועלכע קען ניט האָ־בען קיין אָבלייג, קיין נדחה ווי דער תענית יום כפור, ווי דער וויזיט פונ'ם מלאך המות נאָכ'ן וויזיט פונ'ם פעלדשער אין אַ געפעהרליכע קראַנקהייט.

און וואָס איז דער ענין ?

אָט וועל איך אייך זאָגען. פרעזידענט רוזוועלט האָט אַ טאָכטער, הייסט זי עלים... עלים איילאַנד, וואו די גרינע קור־מען אָן, דאָס הייסט די אָרימע גרינע... אלזאָ, עלים איילאַנד האָט מען ניט אַ נאָמען געגעבען נאָך איהר: עלים איילאַנד און עלים רוזוועלט האָבען אזוי וויניג שייכות איינס מיט דעם אנ־דערען ווי אַ באַנק אין אַ בית מדרש מיט די באַנק פון ענגלאַנד. דאָרטען וואו עס שמעקט מיט דלות איז ניט דער אָרט וואו מען געפינט עלים רוזוועלט.

איז ווי איך זאָג אייך:

עלים רוזוועלט האָט היינט חתונה. זעהר גוט. קיין עולה ניט. זאָל זי חתונה האָבען. עס איז אמת, זי נעהמט אַ פּאָלי־טישען פאר אַ מאַן, אָבער ווען מיידלעך זאָלען ניט חתונה האָבען אוואו זיי קריגען ניט קיין עהרליכען חתן וואָלט אין יעדע שטוב געווען אַ פארזעסענע און ביי זיי ביניהם וואָלט דאָס געמאכט אַ יקרות אויף קעז... אין ענגלאַנד איז צעהן קעז ניט צופיעל פאר אַן אלטע מויד.

זאָג איך: לאָז זי חתונה האָבען און טאַקע אין אַ מזל'דיגע שעה, וואָרום דאָס וואָס איהר טאַטע איז געבאָרען געוואָרען אין מזל מאדים און וואָס, דערפאַר, איז ביי איהם אַ יאַגד־הונד חשוב'ער ווי ביידע דערעשקעס מיט פּאַדערעווסקי'ן צוזאַמען, — דאָס איז ניט איהר שולד.

איז אָבער דאָ אָט וואָס פאַר אַ צרה.

דאָ ניט לאַנג איז, עלים'ען אויף לענגערע יאָהר! נפטר געוואָרען דער אַלטער קעניג פון דענמאַרק — אין 1879 האָב איך איהם געזעהן אין אַ טעאַטער אין קאָפּענהאַגען, וואו מען האָט גע־

שפּיעלט שיילאָק, אָבער קיינער האָט מיר איהם ניט פאַרגעשטעלט און ער איז זיך אַזוי אוועקגעשטאָרבען — ווי מען זאָגט אין׳ם בריעפענשטעלער אין די גערוסען — אונבעקאַנטערווייזע.

איז דער קעניג, עליו השלום, געווען א מחותן מיט אַלע אייראָפּעאישע הויפען... מלכים און בהמות און עופות האָלט מען אין הויפען... וואו נור עס איז דאָ ערגיץ א געקרוינטע קאָפּ (מיט אָדער אָהן א פּ...ך) איז דאָס זיינער א קרוב דורך הייראַט.

איז דערפאַר האָט מען איהם גערופען דער שווער פון אייראָ־פּאַ.

איז ער, הייסט עס, געשטאָרבען.

האָט עפּעס געפעהלט.

האָב איך זיך אין א שלים־מזל׳דיגע שעה פאַרנומען מיט א לאַנגע ציקעלע וועגען דעם ענין פון שטילע און שרייענדיגע חתונות און דאָ האָט זיך געיאַוועט — כמעט גלייך נאָך דעם טויט פון דעם שווער פון אייראָפּאַ — די חתונה פון די כלה פון אַמעריקאַ.

היינט האָלט זיך איין און שרייב ניט. שטאַרבען, חתונה האָבען — אַלץ אונבעקאַנטערווייזע?

שיקט זיך עפּעס ניט.

ווילהעלם פון דייטשלאַנד, וועלכער איז אייערנעכטען ארוים־געפאָהרען באַגראָבען אייראָפּאַ׳ס שווער — אָהן איהם קען קיין קבורה ניט אויסקומען — שיקט מתנות; דער קעניג פון אי־טאַליען, דער פּאַפּסט, עטליכע רויטע אינדיאַנער, פּיעלע ווייסע און דונקעלע פירשטען, פּרעזידענט לובע (דער מי שהיה פּרעזידענט) פון פראַנקרייך און טויזענדער אַנדערע געקרוינטע און אַנדערע קעפּ שיקען דרשה געשאַנק, און איך זאָל שווייגען הויל דערפאַר וואָס איך קען ניט פאַרדייען שווייצער קעז און מיין קאָפּ טוט וועה ווען מיין מאָגען איז צודרומשקעט?

שטות! עס מוז געשריבען ווערען. יע, עס מוז, און ווען ניט צוליעב אַנאַנדער גרונד, ווייניגסטענס צו פּראָטעסטירען גע־גען דעם וואָס די אַמעריקאַנער אידען האָבען ניט געהאַט די איי־דעלקייט צו שיקען רוזוועלט׳ן, דערפאַר וואָס ער האָט אין דער

צייט פון די אַדעסער הריגות אויסגעשטעלט זיין מויל צום מזרח צו, צו צאַרסקאָיע סעלאָ צו, און האָט האַלב־אָפיציעל, אָהן פורכט פאַר דעם רוסישען קיסר, דרייסט, ווען אויך שטילערהייט, א זיפץ געטאָן פאַר׳ן כלל ישראל — וואָס, זאָג איך, די היגע יהודים האָבען איהם, איך מיין זיין טאָכטער, דערפאַר ניט גע־שיקט בתורת דרשה־געשאַנק כאָטש די צוויי פאַנצער־שיפען, וועל־כע זיי האָבען געהאַט בדעה צו שענקען דעם מיקאַדאָ, ווען דער רוסישער קריעג מיט יאַפּאַן האָט זיך אָנגעהויבען.

דאַרף מען, מוז מען שרייבען. געוואַלד!

אָבער עס טוט פּאַרט וועה דער קאָפּ. וועט איהר וואַרטען. וועל איך אייך אגב שוין זאָגען דעם מיין פון די — צוויי דריי שורות פינטעלעך אויבען.



## LVII

## די שוואַרצע פּינטעלעך.

האָב גרויסע צרות פון די „כלה פון אמעריקא"... גרויסע צרות.

מיין אייניקעל, זאָל לעבען און געזונד זיין, בייזערט זיך פאַר פּאָסט וועגען דעם גאַנצען פּעקעל חתונה־אַרטיקלען. פון ווילד־פרעמדע מענשען קריג איך כערא־דאבוה'דיגע, אַנגעבלאָזענע אַנפראַגען וועגען די צוויי שורות פּינטעלעך אין יענעם — דעם „כלה־פון־אמעריקא" אַרטיקעל — וועלכע די שרייבערס פאַר־שטעהען ניט, און פאַרשטעהען, פאַרשטעהט איהר, איז מיט אמאָל ביי זיי געוואָרען א חיוב, א מוז... ביי זיי וועלכע... נור לאָמיך ניט כאַפּען די פּיש פאַר'ן נעז.

און טאָמער איז די מַיְּס נאָך ניט פאַר פול, קומט צו מיר א רויטליך־גרינליך־עהרליכער יונגער מאַן נאָר וואָס אַראָב פון שיף; א בחור פון דעם סאָרט, וואָס איבער זייער רעוואָלוציאָנערען גייסט איז דער קנוט פּונקט אַזוי מאַכטלאָז ווי איבער משה רבינו'ס פאַר־שטיינערטען האַלז איז געווען — ווי איך קויף אַזוי פאַרקויף איך — פּרעה'ס שאַרפער שווערד, — א יונגער מאַן, אַלזאָ, פון דעם דאָזי־גען מין קומט צו מיר מיט אַן אַנדער תביעה.

ער איז פון דער היים ניט געוואוינט צו „כלות פון אמעריקא", און נאָך זיינע רייד נאָך קומט אויס, אַז מען קען אַזעלכע שריי־בעריי לייענען ביז'ן שופר משיח, ביז די אויגען הויבען אָן צו טרי־פען און צו טרערען אַזוי ווי אַן איבערגעהאָרעוועטער אַלטער מע־

שענער קראַן, אָדער ווי א „פּאָניע" אין „טיעף ראַסייע" איבער די די זיבעצעהנטע גלאָז הייסע טיי, אָדער ווי... נור לאָז זיין. ער, הייסט עס, האַלט אז מען קען אזעלכע ארטיקלען לייענען און לייענען עד אין קץ, און אַלץ ניט ווערען קיין קלאַסענבאַוואוסטער, אָדער ווי זיי זאָגען אין רוסלאַנד קיין „באַוואוסטזיניגער" סאָציאַל־דעמאָקראַט, דאָס איז וואָס מען פלעגט דאָ אין אמעריקא רופען אויף אנגלאָ־דעליאָנעזיש: קלאַסען־באַוואוסט, קלאָרגעשניטען, רעוואָלוציאָנער, קאָמפּרמאָמיסלאָז און אזוי ווייטער.

ווען איך האָב איהם געפרעגט וואָס ער רופט סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם, צי דאָס איז דער דאָזיגער מין סאָציאַליזם, וועלכער איז ווי די ערשטע פראַנצויזישע רעפּובליק, „איינס און אונגעטיילט" און צוטיילט זיך פון דעסטוועגען אין רוסלאַנד אויף דריי חלקים, אויף דריי פּאַרטייען, וועלכע פארברענגען זייער צייט הויפּטזעכליך, זיך מאַטערנדיג ארויסצוגעפינען אין וואָס אייגענטליך זיי שטימען ניט און פארוואָס זיי קענען זיך ניט פאראייניגען צווישען זיך, שוין ניט ריידענדיג ארום אנדערע, וועלכע זיינען צו זיי אויך פיעל ווענינגער שונאים ווי דער שונא אויפ'ן פערד מיט דער נאַגייקע אין דער האנד... בקיצור, ווען איך האָב איהם געפרעגט וואָס אויף זיין לשון סאָציאַל־דעמאָקראַטיזם בעטייט, האָט ער ניט פארשטאַנען ווי אזוי א פילאָזאָף, און דערצו נאָך אַן אמעריקאַנער, און דערצו נאָך איינער, וועלכער האָט א שם פאר א מטורף, דאָס הייסט פאר א בעל שכל — די קלאָרע פילאָזאָפען זיינען אָפט פאר'חלום'טע מענשען, וואָס פארשטעהען איבערמאָרגען דאָס וואָס זיי דערהערען מאָרגען אויב מען זאָגט עס היינט — האָט ער, הייסט עס, ניט פארשטאַנען ווי אזוי א מענש ווי איך קען גאָר פרעגען אזא קשיא.

עס האָט ניט געהאָלפען די רייד, ווייל איך האָב אין איהם אריינגערעדט א גאַנצע צאינה־וראינה. ער איז געבליבען ביי דאָס זייניגע אז פון צושלאָגענע געדאנקען וועגען „כלות פון אמעריקא" קען א מענש קיין קלאַסען־באַוואוסטער סאָציאַל־דעמאָקראַט ניט ווערען; ער האָט אפילו ניט צוגעגעבען אז א קלאַסען־באַוואוס־

טער סאָציאַל־דעמאָקראַט קען דערפון ווערען א מענש, אויב ער איז דאָס נאָך ניט... אָדער ער איז שוין מעהר ניט, זייענדיג ענט־ווערער צו גרין אָדער צו גרוי...

אָבער וועגען איהם וועל איך מיט אייך נאָך אמאָל רעדען באריכות... ביי מיר איז א קלאַסענבאוואוסטער סאָציאַל־דעמאָ־קראַט קיין בראָק ניט, כל זמן ער איז ניט סעקטען־באוואוסט און ניט מעהר חסיד ווי איד, און מעהר איד ווי מענש.

אינטערעסאנטער ווי דעם בחור'ס תביעה איז א בריעף, וועל־כען איך האָב געקראָגען פון מיין אייניקעל, דאָס הייסט פון מיין אייניקעל'ס פּלונית'טע — א ווייבעל א פּלוים! — וועלכע שרייבט מיר פון באָסטאָן בזה הלשון: —

דיער זיידע! איך גלייך ניט דיר צו באָדערן מיט קאָמפּליינס. איך וויים אז דו ביזט צו ביזע צו לייענען לאָנגע לעטערס און אויסצוהערען מיינע גריוועגסעס. דאָס וויים איך, יו בעט — אָלד מען...

נישט־קשה פון חוצפה, נור לאָמיר לייענען ווייטער:

איך בין ניט קיין בייבי, נאָט איי! באָט איך מוז דיר זאָגען דו גיסט מיט דיינע אַרטיקעלס אין די פּייפּערס לאָטס אָוו טראָבעל.

הערסטו? אָבער ווייטער, ווייטער:

ווען איך זאָל ניט מיטען אין סטריט, אָדער אין די פּאָבליק לייברערי...

אויף די לייברערי האָב איך געוואַרט: א בריעף פון באָס־טאָן אָהן די לייברערי אינעוועניג איז עפּעס ווי דער ציוניזם אָהן דעם כותל מערבי, נור לאָמיר ענדיגען לייענען איהר בריעף:

קוקען זיי אויף מיר און שמייכלען... דהעי גרין, יו נאָו... און... איט'ז וועריִ אָננאָיאינג."

איך זאָג זיי: מאַינד יור אָון ביזנעס, באָט איט'ז נאָ יוז. איז, גלויב איך, דיער זיידע, אַז דו האָסט געמאַכט אַ מיסטייק. שרייב נעווער

ניט אַרום חתונות, עספּעשעללי אַרום אונזערע, ביקאָז אַזוי טייטשט מען דאָס אויס.

און דאַן געהט זי אוועק אין אַנדערע ענינים, וועלכע קענען איך ניט אינטערעסירען.

וויכטיג וואָלט געוועזען דאָ גלייך אַרום דעם זיך גוט דורכצורע־דען, „באָט" איך מוז קומען צו די פינטעלעך. מחשבות'ן! מיין איינִיקעל'ס פּלונית'טע איז אַ געבילדעטע ווייבעל... זי קען כמעט קיין אידיש ניט רעדען און טראָגט גילדערנע שפּאַקולען אָהן אַלאַב־לעטשקעס, נור מיט אַ נאָז־קנייפּער, און געהט צו מיטינגס, וואו מען רעדט רוסיש (דעם רוסישען לשון אויף צופּוקענעם!) און... נאָר לאָמיך ניט פאַרקריכען.

איז ווי איך האָב אייך שוין געגעבען אָנצוהערענס, קריג איך פון ווילד־פרעמדע מענשען געזאַלצענע און געפעפערטע אַנ פראַגען מכוח די פינטעלעך אין דער „כלה פון אמעריקא".

מיין ענטפער קען געגעבען ווערען אין עטליכע שורות, אפשר זאָגאר אין עטליכע ווערטער, אָבער פאַר מיר איז פיעל אינטערע־סאַנטער ווי אַלץ, דאָס וואָס מענשען ווילען איבערהויפּט פאַר־שטעהן דעם מיין פון פינטעלעך, פון שווארצע פינטעלעך.

זיי ווילען פאַרשטעהן! וואָס גאָט האָט דערלעבט! דורות און דורות פון מענשען האָבען זיך געקאָרמעט מיט אותיות און נקודות און נגינות, קיינמאָל ניט פרעגענדיג ניט ביי זיך, ניט ביי אַנדערע וואָס זיי בעטייטען, פון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען, פון וועמען זיי שטאַמען, צי דאַרף מען אין זיי גלויבען, צי האָבען זיי אַ טאַטען... ווירקליך אַ טאַטען אין הימעל, אָדער צי איז ניט אפשר זייער טאַטע אַ בשר־ודם און צי שטאַמען זיי ניט פון גראָבע אונוויסענהייט, און צו האָבען זיי פּיליכט גאָר קיין בעדייטונג ניט.

שווארצע פינטעלעך! אויף פאַרמעט וואָס קומט פון אַ בהמה; געשריבען מיט אַ פעדער, וואָס קומט פון אַ גאַנז; מיט טינט וואָס קומט אי פון גאָלעס אי פון גלות... דאָס איז הייליג... און אויב דער „ב" פון בראשית איז אַ גרויסער און דער „א" פון

ויקרא א פּיצע־מאַנצינקער; אויב דער „ו״ פון גחון איז דיקער ווי אַנדערע ואָו׳ען און דער „נ״ פון מנשה הענגט אין דער לופ־טען (ווי דער אידעאַליזם אין די ענגלישע טרייד־יוניאַנס — שווער צו דערגרייכען) איז דאָס אַלעס מן השמים: א גאָט־זאַך, אצבע אלהים.

און דורות מיט דורות פון מענשען האָבען געלייענט די דאָ־זיגע שווארצע פינטעלעך און האָבען ניט געפרעגט קיין קשיות ווי מען פרעגט ביי מיר, און האָבען געגלויבט, — געגלויבט, בלייבענדיג שטום, טויב און בלינד לגבי זייער אייגענעם שכל, לגבי לגבי זייער אייגענעם לעבען, לגבי זייערע קינדער און מיטמענ־שען.

און אויב אין די דאָזיגע שווארצע פינטעלעך איז געווען גע־שריבען אז דלות איז פון גאָט, אז חלאת איז מסיני, אז אָבגע־שניטענע יאָהרען איז א פארדיענטע שטראָף, פאר אייגענע אָדער פרעמדע זינד — מען האָט ניט געפרעגט קיין קשיות.

און אויב דאָרטען איז געשטאַנען אז אָרעמקייט פאר אידען איז אזוי שעהן ווי א רויטער צאָהם ביי א ווייסען פערד; אז פאר ראָטהשילדען און פאר גינזבורג׳ען איז, פון דעסטוועגען, עשירות ניט מיאוס׳ער ווי א גילדענער רינג אין דעם נאָז פון א.. דבר־אחר, אויב ניט פיעל, פיעל שעהנער... האָט מען דאָס אָנגענומען פאר תורת־משה און מען האָט קיין קשיות ניט געפרעגט.

און אידען און גוים האָט מען געהאַלטען אין יאָך, אין שעבוד־מלכות, אין אונטערדריקען דורך די מורא׳דיגע מאַכט פון די מיס־טעריעזע שווארצע פינטעלעך, וועלכע קיינער האָט זיך ניט געגער־מען די מיה צו פארשטעהן און טאָמער האָט זיך ווען־עס־איז ער־גיצוואו אימיצער געפונען, האָט מען איהם דערשטיקט, אָדער פאר־מוטשעט, זיך שטיצענדיג אויף ערגיץ א געזעץ, דאָס הייסט, ווי־דער אויף שווארצע פינטעלעך, אויף ווילדע, שטומע, דומע, באַר־באַרישע אותיות.

און מיט אמאָל הויבט מען אָן צו פרעגען!

בראַוואָ, מקשן! אימער פרעגען, קיינמאָל ניט גלויבען, אַלץ

פארשטעהן און דאן וועט זיך לייכט ארויסגעפינען אז יסורים און דלות זיינען גאר ניט מסיגי און אז דער פסוק „איש את רעהו חיים בלעו" (מאכט דער טייטש: איינער דעם אנדערען וועט איינ־שלינגען לעבעדיגערהייט) איז ניט קיין שכל'דיגער פונדאמענט פאר א מענשליכע געזעלשאפט.

און עס וועט ווערען ליכטיג.

---

מיינע פינטעלעך, אבער, זיינען פשוט געווען צענזורנע. אין רוסלאנד, ווען דער צענזאר ווארפט ארוים א טריפה שטיקעל דענ־קעריי, שטעלט מען פינטעלעך.

דא אין אמעריקא איז קיין צענזאר ניטא. וואס ארויסצווא־ווארפען איז אבער דא אין יעדען ארטיקעל. איז זיך נוהג דער פילוסוף מק"ק מינסק אז ווען ער לייענט איבער זיין אייגענע שריי־בעריי און ער געפינט אז דער אנהויב איז צו דום (דעסגלייכען דער מיטען אדער דער אויסלאז) ווערט ער פאר זיך אליין א צענ־זאר, רייבט אב די געשריבענע נארישקייט און שטעלט אוועק אויף זייער ארט פינטעלעך, פינטעלעך — צענזורנע פינטעלעך.



LVIII

## געוועזענע מענשען.

„זיידע, ער אי׳ דאָ !"

מיין אייניקעל, מיינט איהר? ניין, דאָס איז געווען מיין שכנ׳טע׳ס קיילעכדיגע מיידעל — די בולבע.

איהרער אויך א זיידע! א דאנק זיין הייליגען נאָמען דערפאר! דאָ פארשאפט מען זיך קרובים לייכטער ווי אין דער סקאָזקע אין דער ליטע, לייכטער ווי ביים אריבערגעהן דעם גרעניץ בעת איין גוּבערנאַטאָרסקער פּאָס דארף קלעקען אויף עטליכע מענשען. דאָ ווערט איהר פאר איין גוט וואָרט (און נאָך עפּעס) א ברודער אין א לאָדזש מיט אזוי פיעל ברידער ארום זיך, אז איהר ווייסט ניט מיט וועמען זיך פריהער צו קריגען. דאָ ווערט איהר איינס, צוויי, דריי, א פּלימעניק און אלץ וואס איהר דארפט דערצו איז ניט מעהר ווי דארפען, — דארפען געלד און דערביי האָבען א זייגערל וואָס איז מרוצה אויף א צייט אויפצוהערען צו געהן — ווי מיד־געוואָרענע צייטונגען — און זיך צו־צולעגען אויסרוהען ביים פעטער. און ווען איהר בייט איבער דעם מגן־דוד אויף א צלם און ווערט א גוי על פּי נוסח רומא, קריעגט איהר א בארמהערציגען פאָטער ווען איהר זייט געזונד, און א בארמהערציגע שוועסטער ווען איהר זייט קראַנק, חוץ דעם בארמהערציגען פאָטער אין הימעל, וועלכער האָט דאָרטען א גאנצע משפחה, וואָס דער אידישער גאָט, להבדיל, האָט ניט.

נור ניט דאָס בין איך אויסען...

איך בין, הייסט עס, די בולבע׳ס זיידע אויך... מחשבות׳ן, די בולבע דארפט איהר קענען, וועל איך מיט איהר אמאָל באַקאַנט מאכען... א וואוילע מיידעל... הייסט עס, איהר זיידע אויך... נור דאָס קען זיין אַן איבערגאַנג... דאָ אין אמעריקא איז פונקט אזוי לייכט צו ווערען מיט אמאָל א ווילד־פרעמדער ווי צו ווערען א זיידע, א טאטע, א פעטער, א באָבע און אזוי ווייטער. נעכטען א גאָט, היינט א מענש, מאָרגען א טייוועל; נעכטען האָט מען אייך געטראָגען אויף די הענט, היינט פיהרט מען אייך אין א קאַר און מאָרגען בריקט מען אייך אריין אין רינע; נעכטען האָט מען אייך געהויבען אינ׳ם זיבעטען הימעל אריין, היינט האלט מען אייך מיט אלעמען צוגלייך אויף דער ערד, און מאָרגען ווארפט מען אייך אזש אין שאול תחתיה ארונטער; נעכטען אדרבה ואדרבה, היינט נו, מהיכא תיתא! מאָרגען שייגעץ — א מכה! און אזוי ווייטער.

נור לאָמיר זיך אומקעהרען צו דער בולבע.

„זיידע״, זאָגט זי, ארונטערלויפענדיג אין גרויס האסט, „ער־אי־דאָ!״

„ווער איז דאָ?״ פרעג איך, לאנגזאם אויסטוענדיג די ספּאקולען... די האלאַבאלעטשקעס זיינען עפּעס פלוצלונג לויז געוואָרען... מיט גלעזער, ווי מיט פערד און מיט מענשען, וואָס רייסען זיך פון די האַלאַבליעס, דארף מען זיין פאָרזיכטיג... בּיסמארק, עליו השלום, און גראף וויטטע — איהם צו לענגערע יאָהר, — און א סך אנדערע דענקען אזוי. איך טו אויס די ספּאַקולען... מיינע ספּאַקולען זיינען צום זעהן פון ווייטען. וויל איך אימיצען זעהן פון נאָהנטען, פּנים אל פּנים מוז איך זיי אויסטאָן... ניט מיינע ספּאקולען אליין דארף מען אויסטאָן אום צו קענען בעסער זעהן: פּארטיי־ספּאקולען זיינען דאָסזעלבע, זיי און רעליגיאָנס־ספּאקולען, און ראַסען־ספּאקולען און אלע אנדערע... איהר פארשטעהט בעסער אי לאַסאַל׳ען, אי משה בן־עמרם, אי דעם שווארצען וואשינגטאָן אָהן די ספּעציעלע ברילען, וועלכע די פּאַרטיי, די סינאַגאָגע, די ראַסע האָט פאר אונז פאבריצירט...

אלזאָ:

„ווער איז דאָ?" פרעג איך די בולבע.

„ער, ער אליין, דער... ווייסט איהר ניט ווען איך מיין?! גאָרקי, דער גרויסער גאָרקי."

„גאָרקי?" — רייב איך זיך די אויגען און פאָהר אריבער מיט'ן פאָרפינגער צונויפגעלייגט ווי א הינקענדיגער „ח" איבער'ן נאָז, אזוי ווי איך וואָלט איהם וועלען אביסעל דינער מאכען (ניט אסימילאַטאָרס אליין טוען דאָס!) ווייל מיין זכרון איז, ניט פאַר אייך געדאכט, שוין שוואך און איך פארטראַכט זיך זעהר אָפט... יעדער דענקער פארטראַכט זיך אמאָל און צייטענווייז קלער איך אז אין רוסלאַנד דענקען זיי מעהר ווייל מען לאָזט זיי ניט רעדען אזוי פיעל ווי מיר רעדען דאָ... ווען מיר זיינען ניט קיין אנאַר־כיסטען.

„גאָרקי, וועלכער גאָרקי?" פרעג איך פאַר'חלום'ט, מיט איין פוס אין דעם עולם הדמיון און מיט די אנדערע אין דעם עולם האמת, דאָס הייסט, אין דעם עולם השקר.

„ווייסטעם וועלכער?" — שרייט די בולבע און מיר קומט פאָר, אז זי איז צוקאָכט און אָט־אָט שפּרינגט זי פון פעלצעל ארויס... איהר האָט העלטער געשאָבענע, ניין? געשמאַק־זאַך, זאָגט דער טייטש. „ווייסט עס וועלכער? ער וואָס האָט געשרי־בען דעם „בוראָוויעסטניק", די „אָרלאָווס — מאַן און ווייב", „קאין און ארטעם" און אנדערע מעשות, חוץ דראַמען און אַרטיק־לען וואָס ווערען צוכאַפּט „ווי מצה וואַסער."

„האָב ניט געלעזען", — ענטפער איך.

די בולבע קוקט מיך אָן ווי א משוגענעם... זי איז ניט די איינציגע, אָבער ניט אין דעם פּרט.

„ניט גע־לעע־זען!" פרעגט זי איבער, קען ניט זיין. אָבער אפילו ווען איהר האָט פון איהם גאָר נישט געלעזען, האָט איהר דאָך זיכער געהערט זיין נאָמען."

„יע, יע", כאַפּ איך אונטער, אָבער איך ווייס נאָך אלץ ניט ארום וועמען זי רעדט. זי, די בולבע, מערקט עס און זאָגט:

„וואונדערבאַר, זיידע! ווייסט איהר ניט דעם דאָזיגען וואס איז אמאָל געווען, זאָגט מען, א טרעמפּ, א באָסיאַק און האָט זיך ארויפגעוויינדעוועט צו די העכסטע מדרגה אין דער ליטעראַטור... מען זאָגט, אַז דאָס איז ער אַליין, דער „מעטעאָר״ אין זיין אייגענע ערצעהלונג וועגען די „געוועזענע...״

„וועגען די געוועזענע מענשען!״ פאַל איך איהר אריין אין די רייד, מיט אמאָל ווידער ביים פולען זינען, אויפגעוועקט, פריש, מונטער מיט מיין גאַנצען דענק־אפּאַראַט אין פולען גאַנג און אין „גוטער אָרדנונג.״

„אָה, יאַ, זאָג איך, געלעזען... די געוועזענע מענשען? פּטור, נו! זיי שטעהען מיר פאַר די אויגען אַלע ווי איין מאַן אָט די מענשען, וועלכע האָבען זיך ארויסגעקרוישקעט פון דער מענש־הייט, וואָס זיינען ארוים אין אָטסטאַוועקע, ווי גאָרקי דריקט זיך אויס. איך זעה זיי אַלעמען פאַר מיר — אַלעמען: דעם ראָט־מייסטער קוואַלדאַ, און פּיליפּ דעם לעהרער, און דעם קאַנדי־דאַט אויף מאָרד און קאַטאָרגע מאַרטיאַנאָוו, און אַנדערהאַלבען טאַראַסען, און אָביעדאָק דעם לץ, און מייסטער סוף, און אַלע אַנ־דערע טויטע נשמות „ערהאַלטען״ אין שפּיריטוס, אין עסיג, גוט איינגעזאַלצען, איינגעפעפערט, וואָס דערפאַר צוקריכען זיי ניט... אָה, יאָ, איך זעה זיי אַלעמען דאָרטען אין דעם הקדש, אין דער חורבה, אין דעם שטאַל וואו א ציוויליזירטער פערד מיט א האָ־רעלע זעלבסטאַכטונג וואָלט ניט געוועלט איינשטעהן...״

די בולבע שטעהט פאַרוואונדערט און הערט זיך צו ווי איך רעד פאַר זיך, אזוי ווי פון שלאָף. ביסלעכווייז פאַרגעס איך גאָר אין גאַנצען אָן איהר עקזיסטענץ... בין ניט דער ערשטער פילאָ־זאָף און ניט דער לעצטער וואָס פאַרטיעפט זיך אזוי אין זיינע איי־גענע רעיונות, אָדער פאַרטראָגט זיך אזוי הויך אין די עולמות העליונים אז ער פאַרגעסט ארום די וואָס שטעהען לעבען איהם, וואַרטענדיג אויף א מענשענפריינדליכען וואָרט.

און איך וויש פון דאָס נייע אוים די ספּאַקולען און טו זיי אָן... לאַנגזאַם, צוליעב די האַלאָבלעטשקעס די לויזע... און נעהם

זיך צו א בארג צייטונגען לעבען מיר, וועלכע האָבען זיך אָנגעקלי־
בען צייט עטליכע טעג.

א פערטעל שעה שפעטער בין איך פון דאָס ניי פארטיפט
אין געדאנקען.

* * *

פלוצלונג פלאַץ איך ארוים מיט א געלעכטער, פאר וועלכען
איך דערשרעק זיך אליין. די בולבע דערלאנגט א שפרונג.

„הערסטו! ער קומט אהער, דער געשיכטשרייבער פון די
געוועזענע מענשען. ער קומט בעטען ביי אמעריקא הילף פאר
רוסלאנד; ער קומט אלס שתדלן פאר יענע וואס ווילען זיך בא־
פרייען צו די וואָס זיינען פריי.

ער קומט אהער, ער קומט צו אונז, זיינע שטיף־ברידער, וועל־
כע ער ליעבט און וועלכע ליעבען איהם און ער מיינט מיר וועלען
איהם העלפען קריגען הילף, מיר, וואָס זיינען שוין מבין בלשון
המדינה...

איינגעבילדעטע אונשולד!

סיידען א נס וועט טרעפען, סיידען ער האָט א סך מעהר חן
ביים מזל ווי פיעלע אנדערע פאר איהם, וועט ער פון דאנען קיין
זאך ניט אוועקפיהרען חוץ א נאָטיצביכעל אָנגעפאקט און אָנגע־
פיקעוועט מיט מאטעריאל פאר א נייעם סאָרט „געוועזענע מענ־
שען."

מעהר גאָר ניט.

ער וועט דאָ זעהן אנגלאָ־זאקסישע „רעפובליקאנער" און „דע־
מאָקראטען", וועלכע זיינען שוין לאנג ניט מעהר קיין געגנער
פון א טראָן מיט א קרוין, מיט א סצעפטער, מיט דעם גאנצען
גאָט־געזאלבטען מאָנארכישען סיסטעם. ער וועט, פארקעהרט, דאָ
זעהן אמעריקאנער, פריי און בראוו, ביי וועלכע עס לויפט שפיי־
עכץ פון מויל ווען זיי רעדען ארום קעניגע און קעניגינען, און
פאזשען, און הויפען, און קאמערדיענער, און גראפען און גראפי־
נעס און עקסעלענצען און דורכלויכטען און הויכקייטען און מאַ־
יעסטעטען. ער וועט דאָ זעהן, בקיצור געוועזענע רעבעלען געגען

דעם מאנארכישען פרינציפ, געוועזענע רעפובליקאנער. און ער וועט אויסגעפינען, אז זיי האבען איהם בענוצט פאר א סענסאציע, ווייל עס איז ניט געווען קיין פרייז־פייט אונטער דער האנד, און דער וועזואוויאוס הרג׳עט ניט מעהר ווי „דייגאס״, באנאנאהענדלער און איז דערצו נאך אזוי ווייט, ווייט פון דאנען.

און ער וועט זיך ארומקוקען ארום אונז, צווישען אונז און ער וועט געפינען לויטער געוועזענע אידעאליסטען, מענשען, ביי וועלכע די רעוואלוציע איז א פראזע, און דער אידעאל א קאצעניאמער פון די נעכטיגע שכרות, און סאציאליזם איז א ווארט וועלכען מען רעדט אויס זיך ארומקוקענדיג צי שטעהט ניט דערביי עפעס א ליץ, אן אבלאכער, אנאנדער מי־שהיה סאציאליסט, אנאנדער אמאליגער רעוואלוציאנער. און ער וועט ארויסגעפינען אז דא האט מען דריי מחלוקות איבער יעדע חלוקה; אז דא געהט מען נור צו גאלא־פארשטעלונגען; אז דא נעהמט מען ארויס די אידעלע רייניגקייט נאר ביי א גרויסען יום־טוב, נאר ווען עס קומט אימיצער מיט א גרויסען נאמען, מיט א ציץ־הזהב אויף דעם שטערען אויסגעפרעסט פון ערגיץ א סעקטע, איינער וועלכען מען וויל האבען געזעהן. — בקיצור, ער וועט דא געפינען געוועזענע סאציאליסטען, געוועזענע רעוואלוציאנערען...

און אזוי וועט ער דא אויך זעהן געוועזענע אידען, — מענשען, וועלכע זיינען געבליבען ביי עטליכע פוסטע פאטריאטישע פראזען, ביי א קיטעל צום סדר אהן א זין פון יציאת מצרים אמאל און פון די גאולה לעתיד־לבוא; מענשען, וועלכע האבען זייערע נשמות אין די קראמען אויף בראדוויי און „אינוועסטען״ ניט קיין ענערגיע, קיין טעטיגקייט, קיין געפיהל אין נאציאנאלע אדער אינטערנאציאנאלע אונטערנעהמונגען, וועלכע ווילען נאך לאנג, לאנג ניט צאהלען קיין דיווידענדען, ניט געבען קיין פראפיט. — און ער וועט זיי באטראכטען — די יורשים פון יהודה המכבי, די קינדער פון דעם רבינו תם און פון רש״י, די נאכפאלגער פון הערצעל און ער וועט זעהן אז זיי זיינען אלע, כמעט אלע אויסגעוועפטע, אויסגעבלייכטע, פאוויאלעטע, בקיצור, געוועזענע אידען.

און אזוי כסדר ווייטער: געוועזענע, לויטער געוועזענע, „ביעגלע״ רעפובליקאנער, רעוואָלוציאָנערען, סאָציאַליסטען, אנאַר־כיסטען, אידען — לויטער געוועזענע מענשען, לויטער טויטע נשמות, וועלכע האלטען זיך אויף דורך שכרות, אָבער פון אנאַנדער סאָרט, און לעבען אויך אין א חורבה, אָבער ניט ווי ראָטמייסטער קוואַלדאַ׳ס.

---

נאָך דיעזען מאָנאָלאָג כאַפּ איך זיך אויף און זעה אז די בול־בע שטעהט מיט אויפגעריסענע אויגען, מיט אַן אָפען מויל און וואונדערט זיך צי בין איך משוגע, שבור אָדער חסר־דעה.

אפשר בין איך. פון גאָרקי׳ס וועגען וואָלט געוועזן גוט אז די בולבע זאָל זיין געדעכט.



LIX

## די מאַמעס פון דעם נייעם דור.

יאָ, ברידערלעך, עס האַלט זעהר פּראָסט מיט מיר היינטיגען טאָג!

שונאים האָב איך זיך מיט מיין שרייבען אַלע מאָל געמאַכט... ווען איהר האָט פון אייער שרייבען ניט קיין קאָנטאָ אין באַנק, ניט קיין קרעדיט אין די קראָמען, ניט קיין עולם הזה ווי עס האָט, כאַפּט אייך אָן, אַ פּרוש אין דער וואָלאָזשינער ישיבה און ניט מעהר עולם הבא ווי דאָס וואָס עס קען אין אַמעריקא באַטרעפען אַ שטיקעל „געפראַיטע" לויתן פונ'ם עק, אַזוי גרויס, אַזוי פריש און אַזוי וואָרעם ווי אַ קאַרגען'ס האַרץ אויף די עלטערע יאָהרען... בקיצור, אויב איהר האָט פון אייער שרייבעריי קיין אַנדער זאַך ניט זאָלט איהר זיך דערמיט לכל הפּחות איינקויפען די קנאה פון דעם באַלוואַן און די שנאה פון דעם פאַרדאָרבענעם מענשען; אין רוסלאַנד כאָטש עטליכע וואָכען טורמע, אין דייטשלאַנד אַבי־סעלע „פּאָליציי־אויפזיכט", אין ענגלאַנד די פאַראַכטונג פון די אידישע אַריסטאָקראַטיע, און אין אַמעריקא דעם האַס פון די וואָס לעבען אין הוילע ציטערניש, אין איין בלייכען, בלאַסען שרעק פאַר דעם מאַן מיט דער מיסט־גראַבליע...

בקיצור, שונאים האָב איך זיך מיט מיין שרייבען אַלע מאָל געמאַכט און דאָס איז געווען מיין כשר־פאַרדיענטער לוין. יעדעס מאָל ווען מיך האָט אָנגעזעהן מיט האַס אַ ליטעראַרישע מאַרק־איי־דענע אין פּלודערן, אָדער אַ כלומר'שט־רעוואָלוציאָנער וואָס מאַכט

א לעבען פון געדרוקטע נבול־פה, אָדער אזוי גלאַט א ווי רופט מען דאָס גאָר אָהן א מאַסקע, איינער וואָס פארקויפט זיך אָפּען אויף דעם שקלאַפּען־מארק צו דעם וואָס צאָהלט דעם העכסטען מקח... יעדעס מאָל, זאָג איך, ווען דאָס האָט מיר פּאַסירט האָב איך גע־וואוסט, אז פון מיין פעדער איז ארויסגעקומען עפּעס אזוינס, וואָס איז געווען ענטוועדער גוט אָדער דער אמת, דאָס הייסט נאָך בע־סער ווי גוט.

איז ווי איך זאָג אייך. איך האָב זיך מיט מיין שרייבען איי־ביג איינגעקויפט שונאים און קיין שום אַנדער זאַך ניט, אָבער מיט דעם בין איך אימער געווען צופריעדען. ווען איך זאָג אייך אז מיט מיר האַלט זעהר פּראָסט היינט, איז דאָס צוליעב אַנאַנדער גרונד.

עס גרייט זיך צו א מיאַטעזש פון די ווייבער, און עס איז מעג־ליך, אז ווען זיי זאָלען ארויסגעהן אויף א מלחמה געגען מיר, אפשר מיט דער אויבענדערמאָנטער מאַרק־אידענע אין פּלודערן אַלס פעלד־מאַרשאַל, וועל איך מוזען ענטלויפען פון אַמעריקא, פון דער מדינה, וואו די פרייהייט און די צניעות עסען פון איין טעלער און שלאָ־פען אונטער איין קאָלדרע, און דאַוונען פון איין סדור.

יאָ, א מיאַטעזש פון די ווייבער... פון די ווייבער און די מיידלעך גרייט זיך אָן געגען מיר... איך זעה דאָס בעשיימפער־לעך... קלאָר שטעהט דאָס מיר פאר די אויגען, קלאָר ווי דער כסא הכבוד פון דעם רבונו־של־עולם (פון דעם סאַמאָדערזשעץ פון אַלע הימלען, וועלכער דאַרף ארום זיך ניט יועצים, זאָנדערן מלאכים וואָס טוען זייער שליחות ניט פרעגענדיג קיין קשיות און ניט זאָ־גענדיג קיין דעות) בקיצור, דאָס שטעהט אזוי קלאָר פאר מיינע אויגען ווי עס איז געשטאַנען דער כסא הכבוד פאר יחזקאל, דער כסא הכבוד מיט די פיער פּנים'ער, עפּעס אזוי ווי ביי א דיפּלאָ־מאַט מיט א שרכן צונויפגעוואַקסען רוקען־צו־רוקען, יעדער מיט צוויי געזיכטער ווי עס בעדאַרף צו זיין.

א ווייבערשער מיאַטעזש !

דערווייל באָמבאַדירען זיי מיך מיט לאַנגע בריעף... יאָ,

זיי באַמבאַדירען פון אַלע זייטען: מיין איינ‍יקעל'ס פלונית'טע און איהרע אַ חבר'טע און די בולבע... זי אַ שטייגער, נאָכשאַל רוף איך איהר בולבע, אַזוי ווי איך וואָלט אויסגעטראַכט דעם נאָמען, איך און ניט מיין שכנ'טע אַליין, ניט איהר אייגענע מאַמע, וואָס קלערט, משמעות, אַז איהר טאָכטער פעהלט די רויטקייט פון אַן עפּעל, און די שעהנקייט פון אַן אַפּעלסין, און די ווייכקייט פון אַ פלוים, און די זויערקייט פון אַ ציטראָן, און די גרויסקייט פון אַ קירבעס, און די אַלע אַנדערע מעלות פון אַלע אַנדערע קיילעכדיגע געוויקסען... אַז זי איז ניט מעהר ווי רונד און געזונד און טויג ניט רויה, וואָס דערפאַר קאָכט זי זיך, און האָט מעהר ווערטה ווי חן, זייענדיג עהרליך.

זי אויך. אַלע פּראָטעסטירען זיי. אַלע גענגען אַן אַלטען אייןאון־אַכציג יאָהריגען מאַן, כדבר האָמור: אויף אַן איינגעבויגענעם בוים שפּרינגען אַלע ציעגען... אַמאָל האָט מען זיי באַהאַנדעלט טאַקע ווי בהמות און זיי האָבען ניט אויסגערעדט אַ וואָרט; אַמאָל האָט מען זיי געקויפט און פאַרקויפט און עס איז געוועזען רעכט; אַמאָל האָט מען זיי פאַרוועהרט צו געבען צדקה, און זיך צו רעכענען אין אַ מנין, און צו ווייזען זייער פּנים, און צו לאָזען הערען זייער קול, און צו געהן מיט אייגענע האָר, און זיי האָט דאָס אַלעס ניט געאַרט. מען האַלט זיי נאָך עד היום ניט פאַר קיין גאַנצע מענשען, אפילו ניט אין די פרייע מדינות; מען זאָגט זיי נאָך היינטיגען טאָג: מאַכען געזעצע טאָרט איהר ניט, אָבער פאָלגען זיי מוזט איהר, ווייל איהר זייט נאָר מענשען צום געהאָרכען ניט צום בעפעהלען, אינ'ם געריכט־זאַל, ניט אין פאַרלאַמענט, — דאָס זאָגט מען זיי און זיי שווייגען, דאָס זאָגט מען זיי און זיי געפינען זיך ניט באַליידיגט... נאָך עד היום איז אַ פרוי צום געבען לאַפּקע אַ מענש, אָבער ניט צום נעהמען; אַ מענש ביים זיין אַ גנב ניט ביים פיהרען אַ גנב; אַ מענש צום גע'משפט ווערען, ניט צום משפט'ן; אפילו ביים הענגען איז זי ניט קיין מענש, אַ מענש נור ביים געהאַנגען ווערען.

געגען קיינעם פון איהרע באליידיגער פּראָטעסטירט זי ניט, הוץ געגען אַן אָרעמען אַלטען ווי איך.

די גרויסע מענער, פון אַלע צייטער, פון משה רבינו — א גע־באָרענער עגיפּטיאַנער — און א געזעצגעבער, ביז פּרודאָן — א געבאָרענער פראַנצויז — און געזעצפּעראַכטער; פון אברהם אָבינו, וועלכער האָט באַשיצט זיין גוף מיט זיין ווייב'ס פּנים ביז באָני קאַסטעלאַנע, וועלכער באַשיצט זיין טייסטער מיט זיין ווייב'ס תוספת־כתובה, — אַלע גרויסע מענער פון אַלע צייטען האָבען די פרויען באהאַנדעלט ענטוועדער ווי בהמות אין יאָך, אָדער ווי זינג־פייגעלעך אין שטייג, אָדער ווי מילך־קיה אין שטאָל, אָדער ווי א מיטעל אויסצוצאָהלען חובות, צו ענדיגען „קאָלעדזש", אויסצולאָ־זען דעם כעס, אויפצוהאַלטען דעם מאָגען, איינצוונעהען קנעפּ־לעך און, אין געוויסע פעלע, צו האָבען מיט וואָס צו מאַכען אַז א גוטער פריינד זאָל צופוקעט ווערען פאַר קנאה.

איז זי, וועלכע איך וועל חלילה מעהר ניט רופען בולבע, גע־קומען מיר געבען א גאָב מינדליך, ווייל איך האָב אויף איהר בריעף ניט געענטפערט.

רוהיג און געלאַסען האָב איך איהר אויסגעהערט בעת זי האָט מיר דערלאַנגט איין ציוויליזירטע, אַמעריקאַנער תוכחה נאָך די אַנ־דערע; רוהיגער און געלאַסענער האָט אַנאַנדער פילאָזאָף, קאָל־לענע סאָקראַטעס, קיינמאָל ניט אויסגעהערט זיין פּלונית'טע, מרת קסאַנטיפּע (עליה השלום!) און דאַן ווען זי איז געווען האַלב באַרוהיגט האָב איך זיך צו איהר אָבגערופען אזוי צו זאָגען:

„מיין קינד, דיין כעס געפעלט מיר, און מיט פרייד ערפילט מיין הארץ דיין הייליגער גרימצאָרן.

„יונג ביזטו און פול מיט התלהבות.

„און שטאָלץ ביזטו, מיין קינד, שטאָלץ, פיהלענדיג אין זיך א פרייע, ריינע, אונבאַפלעקטע, מענשליכע נשמה, וועלכע דו לאָזט קיינעם ניט באַליידיגען מיט ווערטער, ניט באַשמוצען מיט א בליק, ניט ערנידריגען מיט א חניפה.

„יונג ביזטו, זאָג איך, יונג און פול מיט התלהבות. און דער־פאַר רעד איך מיט דיר.

„צו אַלטע לייט לוינט ניט צו רעדען, צו מענשען אָהן באַ־גייסטערונג איז ניטאָ וואָס צו רעדען — וועניגסטענס ניט פאַר מיר.

„איצט הער, מיין קינד, וואָס איך וועל דיר זאָגען.

„גוט איז וואָס דו האָסט שטאָלץ אין זיך, גוט איז וואָס דו היטסט דיין עהרע, גוט און ליבענסווערטה.

„אָבער דאָס איז ניט גענוג.

„ארום דיר זיינען דאָ טויזענדער און צעהנדליג־טויזענדער יונגע פרויען און מיידלעך, וועלכע האָבען חן אָבער ניט קיין זעלבסט־אכטונג.

„דיך פאַרשטעהט דיין אייגענע מאַמע ניט, אָבער דו פאַר־שטעהסט זיך אַליין. זיי פאַרשטעהען זיך אַליין ניט און דאָס איז ערגער. און פיעל, פיעל ערגער ווי אַלץ איז דאָס וואָס איהר אַלע פאַרשטעהט ניט די צייט אין וועלכע מיר לעבען, די צייט צו וועל־כער מיר גרייטען זיך צו.

„און אַ צייט קומט, מיין קינד, פון ליעבע וואָס געהט ניט צום מארק מיט אַ הכשר פון רב, אָדער אויפ'ן גאַס מיט די שטילע הסכמה פון די פּאָליציי.

„אַ צייט קומט, ווען ליעבע אָהן קויף־געלד ביי דער חתונה, אָהן זאַדאַטקעס ביים תנאים, אָהן ערנידעריגענדע מתנות ביים ערשטען קבלת־פנים פון די הארץ וואָס קלאַפּט שטיל אָן ביי אַנ־אַנדער הארץ און יענע ענטפערט אָהן ווערטער: „אריין!" — אַ צייט קומט, ווען אזאַ מין ליעבע וועט צונויפברענגען מענ־שען.

„און אין פרייהייט, און אין גלייכהייט וועלען געבאָרען ווע־רען העלדען אויף דער וועלט, מענשען געזונד, שטארק און מעכ־טיג אין כחות און אין מוחות.

„אָבער די צייט וועט קומען אַלץ גיכער אויב יונגע, ענטו־זיאַסטישע קינדער ווי דו, וועלען צווישען זייערע שוועסטער געהן

און ווערבען רעקרוטען פאַר די פרייהייטס־קעמפּפער, צו באַזי־
גען די פינסטערנים און דאָס אונרעכט, ניט זיך נוקם צו זיין אָן
אַן אָרעמען אַלטען מאַן, וועלכער דערלעבט זיינע יאָהרען אין אַ
וועלט פון שקלאַפעריי, פון רויב און באַטרוג און דאָס מאַכט איהם
צייטענווייז ערגערליך, צייטענווייז גראָב.

„זיי געזונד, יונגעס קינד, און נוץ גוט אויס דיין געזונדהייט
און דיין יוגענד!"



## LX

### וועגען לעבען און טויט; א געשפּרעך.

„זיידע, ער איז טויט!"

מיט דיעזע ווערטער; פּראָסט, ניט געהובעלט און ניט לאַקירט; ארויסגערעדט האסטיג, אָהן א היימיש־אידישע הקדמה, אָהן א מרה־שחורה'דיגע מינע ווי עס פיהרט זיך, ניט אראפּלאָזענדיג אַביסעלע דעם קול, אָהן א שום קלער צו טאָן מכוח דעם אז דער זיידע אליין איז שוין פיעל־פיעל ווייטער פון דער וויגעלע ווי פונ'ם קבר, פונ'ם וויקעל־שנור ווי פון די אויביגע קליידער, פון דעם אָנגעשלאָגענעם שיר־המעלות ווי פונ'ם געזאָגטען גאַנצען תהלים, — מיט דיעזע ווערטער, הייסט עס, קומט אייערנעכטען מיין אייניקעל צו מיר. ביי אונז, אין דער ליטע, זאָגט מען אָן אײדעלער אפילו די בשורה וועגען א פארבלאָנזשעטע ציעג, אָדער וועגען דעם מגיד'ס שבת'דיגען קאַפּעלוש, וועלכען א ווינט האָט אוועקגעטראָגען (אַ ווינט מעג טראָגען אום שבת), אָדער וועגען א פּסול־געוואָרענעם עורב.

„זיידע, זאָגט ער, ער איז טויט!"

„טויט? פרעג איך, ווער איז טויט?"

„ער, מאַכט ער, איבסען, הענריך איבסען."

איך רוף זיך אָב און זאָג צו איהם:

„קינד, דו רעדסט ווי די אינגלעך, וועלכע פארקויפען די צייטונגען... א שטייגער: הענריק איבסען טויט! עקסטרא־א־!־! וועלכע... וואָס קוקסטו מיך אזוי אָן?"

„זיידע, קיינער האָט ניט געשריען, קיין שום אינגעל ניט, קיי־נער ניט."

„געדעכט, מיין קינד, דו ביסט גערעכט... האָב פארגעסען, דאָ מאַכט מען פון איבסעג'ס טויט ניט פיעל מעהר ווענען ווי פון זיין לעבען, דאָ איז מען איצט צו שטאַרק פאַרטאָן מיט וויכטיגערע זאַכען: אַן איטאַליענישער מאָרד־פּראָצעס, אַן אַמעריקאַנער בייז־באָלל שפּיעל וכדומה. — הייסט עס, דו ביזט גערעכט... אָבער ווען דו קומסט און זאָגסט: איבסען איז טויט, רעדסטו נאַרישקיי־טען, מחמת...

„איך וויים, מחמת ער איז אונשטערבליך, ווילסטו זאָגען..."

„אפשר אויך, אָבער ניט איצט. ווי גיט מען דיר דאָס צו פאַרשטעהן? אָט הער:

„איבסען, וואָס הייסט איבסען? וואָס האָט ער צו באַטייטען פאַר אונז? וואָס שטעלען מיר זיך פאָר ווען מיר דערמאָנען זיין נאָמען? ניט, דאַכט זיך, גלאָט אַ בשר־ודם, וועלכער עסט און טרינקט און שלאָפט; און טוט זיך אָן, און טוט זיך איבער און טוט זיך אויס; און געהט און שטעהט און רעדט און ענטפערט; און האָט דעם ליעב און יענעם פיינט און אַזוי ווייטער?

„אין דעם פּרט איז ער אַ מענש מיט אַלעמען צוגלייך און אַלס פּראָסטער בשר־ודם אינטערעסירט ער זיינע קרובים, זיין פאַ־מיליע, זיין קצב, זיין שניידער, זיינע משרתים, אַלעמען מעהר ווי אונז. האָט ער געלעבט — האָבען זיי פון איהם וואָס געהאַט, איז ער געשטאָרבען — באַוויינען זיי ווער אַ גוטען בעל־הבית, ווער אַ גוטען קונד, ווער אַ גוטען קרוב, אַ טאַטען, אַ ברודער, אַ שוואָ־גער, אַ פעטער, אַ זיידען...

„פאַר אונז האָט ער אין דעם פּרט קיינמאָל ניט געלעבט; פאַר אונז איז ער דערפאַר איצט ניט געשטאָרבען.

„פאַר אונז האָט אָבער יאָ געלעבט אַ מאַן מיט דעם נאָמען איבסען, וועלכער האָט רייכער געמאַכט דעם אוצר פון גרויסע, אייביגע ווערק מיט אַ צעהנדליג נייע פּיעסען. דיעזער איבסען

איז ניט געבאָרען געוואָרען, ווי מען זאָגט, מיט אכט און זיבציג יאָהר צוריק און איז ניט איצט ערשט געשטאָרבען..

„האָב גערולד, וועסטו מיך פאַרשטעהן.

„איידער ער איז געוואָרען דאָס, וואָס ער איז היינט אין אונזערע געדאַנקען, אַזוי ווי ער שטעהט פאַר אונזערע אויגען, אַזוי ווי מיר זעהען איהם אין זיינע שריפטען — איידער ער איז דאָס געוואָרען איז פאַרגאַנגען אַ לאַנגע צייט. דער מענש איבסען, וועלכער האָט פאַר אונז קיינמאָל ניט געלעבט איז זיך געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר 1828. דער שרייבער איבסען, דער וואָס האָט יאָ געלעבט אי פאַר אונז אי פאַר פיעלע קומענדיגע דורות, אפשר אויף אימער און אייביג, — דער איבסען איז געבאָרען געוואָרען לאַנגזאַם אין צייט פון פיער צעהנדליג יאָהר, איז ערשיענען אויף דער ליטעראַרישער וועלט־ביהנע ערשט אין די 70־ער יאָהרען, בעת ער האָט אַרויסגעגעבען זיין ערשטע גרויסע סאָציאַלע דראמא. ער איז ערשט דאַן ענדליך געבאָרען געוואָרען, ערשט דאַן האָט די וועלט (און דאָס אויך ניט די גאַנצע!) געקראָגען צו וויסען אַז אַ נייער ליכטיגער לייט־שטערען האָט זיך באַוויזען אויפ׳ן הימעל; ערשט דאַן האָט פון וויטען דער 27טער יאָהרהונדערט צוגעווינקט צום נייצעהנטען אַ דאַנקבאַרען מזל־טוב און — לאָמיך דאָ גלייך ניט פאַרגעסען צו זאָגען — און דער נייצעהנטער האָט גראַטולירט דעם זיבען־און־צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט דערמיט, וואָס ער וועט בעסער און אַלגעמיינער פאַרשטעהן די גרויסע נאָר וואָס געבאָרענע קראַפט ווי ער, דער נייצעהנטער.

„און גענוי אַזוי, מיין ליעבער אייניקעל, ווי איבסען, אונזער איבסען, דער וועלט־מענש איבסען איז ערשט געבאָרען געוואָרען, ענדליך און פאָלקאָמען, אין די 70־ער יאָהרען אַזוי איז ער אויך געשטאָרבען שוין מיט אַ יאָהר זיעבען צוריק, דעם טאָג ווען זיין לעצטעס ווערק איז געענדיגט געוואָרען.

„און ריכטיג האָט ער זיין לעצטע דראמא גערופען „ו ו ע ן מ י ר ט ו י ט ע ש ט ע ה ע ן א ו י ף ת ח י ת ה מ ת י ם״, מחמת

איבסען דער טוער, דער שרייבער, דער לעהרער, דער נביא און דער פּאָעט איז געשטאָרבען פאר דער וועלט דעם אויגענבליק, ווען פון זיין פעדער איז ארויס דער לעצטער בוכשטאַב פון דעם לעצטען וואָרט, פון די לעצטע סצענע פון זיין לעצטע פּיעסע.

„פון דאַן אָן האָט ער נור עקזיסטירט אָבער ניט געלעבט, און דערפאר האָט ער אין זיין לעצטען ווערק נור געקענט רעדען וועגען דעם לעבען ענטוועדער אלס אַ פארגאַנגענע, אָדער אלס אַ צוקינפטיגע זאך, ענטוועדער אלס איינער וואָס האָט אויפגעהערט צו לעבען, אָדער אלס אזעלכער וואָס וואַרט אויף א תחית המתים.

„ווען מיר טויטע ערוואכען", האָט ער געזאָגט און האָט אוועקגעלעגט די פעדער. דאַן האָט ער ארויסגעבלאָזען דעם גייסט, דעם באַלעבענדען און באשאפענדען גייסט און האָט אָנגעהויבען צו שטאַרבען. דאָס האָט געדויערט אַ יאָהר זיבען און איצט איז ער אין גאַנצען אויסגעגאַנגען.

„הייסט עס פון די 78 יאָהר וואָס ער האָט צוגעבראכט אויף דער וועלט, האָט איהם גענומען 30 ביז 40 יאָהר געבאָרען צו ווערען, אַ יאָהר 7 צו שטאַרבען און דאָס איבריגע האָט ער געלעבט.

„די ביסעל יאָהרען, אָבער, האָט ער אמת געלעבט!

„אין די ביסעל יאָהרען האָט ער, מיט זיין גרויסען מוח, מיט זיין שארפע פעדער, מיט זיין ליעבע-פולע הארץ געווירקט און געקעמפּפט אויף אזא מין אופן, אַז זיינע ווערק און זיינע קעמפּפע האָבען געמאַכט אַ רושם אויף דער וועלט-געשיכטע.

„ער האָט צוגליעדערט אונזער פאַמיליען-לעבען, ער האָט אויפגעוויזען אַלע מומים, אַלע פארפוילטע שטעלען, יעדע נגע-צרעת אויף דעם געזעלשאפטליכען קערפער. ער האָט נאָכאַנאַנד געקעמפּפט פאַר פרייהייט און רעכט, ער האָט דאָס געטאָן אויפ-ווייזענדיג טיראַניי און אונרעכט דאָרטען וואו געוועהנליך זוכט זיי קיינער ניט: אין דער פאַמיליע, זאָגאר אין דער „ליעבע", זאָגאר אין ערטער וואו זיי, די טיראַניי און דאָס אונרעכט, ווערען פראַקטיצירט לשם שמים, וועגען טובת הכלל, צוליעב געוויסע פּרינציפּען.

„ער האָט באַקעמפּפט דעם ליגען, באַווייזענדיג ווי שעדליך דער ליגען איז ניט נור פאַר דעם וועלכער ליידט דורך איהם, נאָר אויך פאַר דעם, ווער עס נוצט איהם אויס; ער האָט געוויזען ווי געפעהרליך עס איז צו וואוינען אין אַ בנין, וועלכער איז גע־בויט געוואָרען אויף אַ ליגען אַלס זיין פונדאַמענט.

„און ווי ער האָט דאָס געוויזען, אַזוי האָט ער אויך געוויזען, אַז יעדער פאַרברעכען געגען די נאַטור, געגען די אייביגע נאַ־טור־געזעצע רופט זיך אָב אויף קינדער און קינדס־קינדער, „על שלשים ועל רבעים", און האָט אונז געלאָזען דערפון לערנען דעם מוסר השכל, אַז פרייהייט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ניט אַכ־טענדיג ווי זי באַריהרט אַנדערע, קען ווערען אַ שעדליכע זאַך, ווי דער האַמער, וועלכער איז ניצליך ביים בויען און פאַבריצירען ווערט שעדליך ביים ברעכען מוחות אין די הענד פון אַ מטורף.

„אָבער פאַר די וואַהרע פרייהייט האָט ער דערפאַר געקעמפּפט מיט זיין גאַנצען זשעניע.

„און ער איז געוואָרען דער שליח־צבור פון דער פרוי פאַר דעם כסא הכבוד פון איהרע מאַיעסטעט די גערעכטיגקייט. שאַרפער, קלאָרער, דייטליכער, העכער ווי אַנדערע האָט ער פּראָקלאַמירט די איינפאַכע וואַהרהייט אַז די פרוי איז טאַקע אַ מאַמע, אַ טאָכ־טער, אַ ווייב, אַ ברויט־פּאַרדיענערקע אָדער אַ ברויט־צוטיילער־קע און נאָך אַנדערע אַזעלכע זאַכען, אָבער אַז זי, די פרוי, איז פריהער פאַר אַלץ אַ מענש!

„איך וואָלט קענען רעדען וועגען דעם... וואָס בורבעלסטו דאָרטען אונטער'ן נאָז? איך רייד עפּעס גאָר סקלאַדנע היינט? וואַרט, דו שייגעץ, איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען, אָבער לאָ־מיך ענדיגען ווייל איך ווער שוין מיעד.

„נאָך איין וואָרט און גענוג:

„זיי זאָגען, ער איז טויט, די נאַרען! זיי פאַרשטעהען ניט וואָס ביי אַזאַ מאַן ווי איהם הייסט לעבען און טויט.

„געטהע, דער אונשטערבליכער געטהע, כאַפּ דיר אָן, איז גע־שטאָרבען אַ געלעבטער, ווייל ער האָט ביים לעבען געזעהן די פולע

פרוכט פון זיין ארבייט, ווייל די פאר וועלכע ער האָט געווירקט האָבען איהם פארשטאַנען; די גרויסע מאַסען, דער המון, דאַגעגען, האָבען איהם ניט אינטערעסירט. געטהע איז אין זיין צייט געוועזן ניט ווייניגער, פילייכט מעהר געלעזען און פארשטאַנען ווי היינט.

„איבסען אָבער האָט אין דעם פּרט כמעט נאָך גאָר ניט געלעבט. ער הויבט ערשט אָן צו לעבען.

„דערפאַר איז אונזין צו זאָגען, ווי דו, מיין ליעבער אייניקעל, זאָגסט, אז ער איז טויט. צי אזוי צי אנדערש, איז ער ניט איצט טויט, איז טויט ניט ער, ניט אונזער איבסען.

— „אָבער, זיידע, וואָס איז דער אונטערשיעד צי איך זאָג אזוי אָדער אַנדערש?"

„אָט דאָס, מיין קינד, וועל איך דיר ערקלעהרען."



## LXI

## אַ הקדמה צו אַ קלאָרע מְשוגעת.

די וואָס קענען איהם פון קינדוויין אויף ווייסען, אז ער האָט אימער געהאַט אָט די טבע פון פרעגען קשיות, פון וועלען וויסען, דערגעהן, אריינקריכען, זיך גריבלען, נעגענען, איבערקלערען, איבער־פרעגען, בלייבען שטעהן ביי אַן ענטפער עפּעס אַזוי אונצופרידען, אונבאפרידיגט אַ שטייגער ווי דער הונגעריגער פוקס ביי דער קולקע שטרוי, ווען ער איז אויסען געווען ניט דאָס, נור עפּעס אַ שטיקעלע פליישיגס... אַ פוקס איז ניט קיין וועגעטעריאַנער... ער וועט דאָס ווערען ווען פוקסענבראָטענס און פוקסענקאָטלעטען וועלען ארויפ־קומען אויף די צוואַנציג סענטיגע שפּייזע־קאַרטען פון די דאָקטאָר־פריינדליכע אַפּטייקען־באַשיצענדע פּאָפּולערע רעסטאוראַנען פון ציוויליזירטע מדינות... אָה, יאָ, אַ פוקס איז ניט קיין וועגעטעריאַנער כל־זמן מען עסט אָקסען־פלייש און ניט קיין פוקסענפלייש, אַ מאַמין אין צער בעל החיים וועט ער ווערען ווען דער חלף וועט דערגעהן ביז ז י י ן האלז, אַ שטייגער ווי אַ היגער צייטונגס־שרייבער קען זיך פארגינען צו מאַכען אַ ליאַרם געגען די מענשען פארגיפטער (פונ׳ם פלייש־טראָסט) כל־זמן די פארגיפטונג איז אַ קערפּער־פארגיפטונג און ניט אַ הארץ־און־פארשטאַנד־פארגיפטונג דורך... לאָמיך זאָגען, אינעווענינ פארפוילטע און פון אויבען צוגעפּאַרבענע לייט־(אַמאָל: לאַנד־און־לייט) ארטיקלען און ארטיקעלעך...

נור וואו האַלט איך? ווי קום איך צו וועגעטעריאַנער? אפשר... מחשבות׳ן! איהר מעגט עסען כן־עשה־הלל סענדוויטשעס אין קוויק־

לאָנטש רעסטאָראַנען צי די פליש איז נאַטירליך־רויט, אָדער גע־פאַרבען, מחמת אַ דאָקטאָר, אַ גוטער פריינד מיינער (מיר לאָזען איינער דעם אַנדערען לעבען, איבערהויפּט ער מיך) האָט דעם עסק אונטערזוכט און ארויסגעפונען אַז דינינקע פענעצלעך פלייש געהען 2893 אין אַ פונט און דער סם אין זיי ווערט בטל בששים רבוא, אַ שטייגער ווי די האָרעלע שכל אין אַ 64 זייטיגע זונטאַג־צייטונג: איז ניט, איז, הייסט עס, בשום אופן ניט שעדליך... איך בין ניט ערב פאַר די כשרות פון די דאָזיגע סענדוויטשעס (אַמעריקאַנער רבנים פאַדענען צופיעל אַרום די באָיינעס...) אָבער דעם מאָגען קען מען פון זיי ניט פאַרדאַרבען: ניטאָ מיט וואָס... איהר מעגט אַלזאָ, עסען, וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען די פלייש, און די פלייש און וועגען זייער קאָליר... אַז מען זאָל אַלץ וועלען איבערקלערען, און איבערטראַכטען, און בודק'ען, און אויספרעגען, און איבער־פרעגען, ווי מיין אייניקעל... אָה!! אָט איז וואו איך האַלט!

כסדר אַזוי: די וואָס קענען איהם, ווייסען, אַז ער, מיין אייניקעל, האָט פון קינדוויז אויף געהאַט אַ טבע צו פרעגען קשיות און בלייבען ביי די קשיות ווי ביי די הידרא ביי לערנא פלעגען אין די אַלטע צייטען אויסוואַקסען צוויי נייע קעפּ אויף דעם אָרט פון איין אַראָפּגעהאַקטע (די הידרא האָט געהאַט אַ סך קעפּ, ווי אַ קהל'שער ביזנעס), אָדער ווי דאָס פּאַסירט נאָכאַנאַנד אין די רוסישע רעוואָלוציע, ווי ניקאָלאַי השני, ירום הודו, וואָלט אייך דערצעהלען ווען טרעפּאָוו וואָלט איהם לאָזען, מעהר ניט ביי איהם און געגען איהם וואַקסען אויס אויף דעם אָרט פון איין אָפּגעהאַק־טע קאָפּ הונדערטער, טויזענדער קעפּ...

איז האָט מיין אייניקעל אַ טבע צו פרעגען קשיות און בעת מיר האָבען זיך דורכגערעדט וועגען איבסענען און איך האָב איהם ער־קלערט ווי אַזוי און ווען איבסען איז געבאָרען געוואָרען, און ווי אַזוי און ווען ער איז געשטאָרבען, און וואָס ער האָט אויפגעטאָן ובמה כוחו גדול, האָט ער מיר געפרעגט וואָס דאָס מאַכט אויס צו איך רופ זיין לעבען און טויט אַזוי אָדער אַנדערס.

נאַרעלע, האָב איך געזאָגט.. מחשבות'ן, נאַרעלע איז אַ גוטער

אַנהויב, ווייל דערמיט שטעלט איהר זיך פיעל העכער ווי אייער צוהערער... ער זעהט אייער גרויען באָרד און די קלוגע קנייטשען אויף אייער פּנים און די חכמה אין די אויגען אייערע, הינטער די שפּאַקולען, און קלערט ביי זיך אַז ער אַליין איז אפשר ניט אַזאַ נאַרעלע ווי איהר מיינט... ער וועט דאָס טאַקע באַלד באַווייזען, אָבער איהר זייט פאָרט גרעסער פאַר איהם, וואָרום ווען ניט וואָלט איהר ניט אָסמיעלעווען זיך מיט איהם אַזוי צו רעדען.

אַלזאָ: נאַרעלע, זאָג איך... ניט צו פאַרגעסען! אָט זעהט איהר, ווען איהר הויבט אָן צו זאָגען אנשטאָט נאַרעלע — נאַר, קען די מעשה ווערען פּאַסקודנע. נאַרעלע — דאָס איז מאַמע־לשון, דאָס הייסט נאַר איינגעמאַכט אין צוקער און אין האָניג, דאָס איז די ווערים־קרויט אין אַ צוקערקע, וועלכע דער פּאַציענט נעהמט איין לייכטער און קרימט זיך דערביי ווייניגער. דאָס שלינגט מען אַי לייכטער אַראָפּ, אַי... נור לאָז זיין.

נאַרעלע האָב איך געזאָגט צו איהם, עס איז אַ נפקא־מינה ווי און וואָס מען רופט אַ זאַך.

מען זאָגט: פלוני איז דאָס און יענעס. אָבער דער דאָזיגער פלוני איז געווען אין פאַרשיעדענע פאַרהעלטניסע און אין פאַר־שיעדענע צייטען אַמאָל אַזוי, אַמאָל אַנדערש. ווען פלוני איז געווען אַ קינד איז פאַר איהם געווען אַ חכמה ווען ער האָט געמאַכט אַ פייג אונטער אַ דעכעלע, אָדער אַ נאָז מיט צעהן פינגער פאַר'ן רבי'ן. היינט, ווען ער קריגט געשמיסען און מאַכט נאָך אַלץ דעם זעלביגען נאָז מיט אַ פייג, איז ער אַ פריסישער נאַציאָנאַל־ליבע־ראַלער מיט דער נשמה פון אַ פאַרצייטיגען ווענזעגאָלער קונדס... איך זאָג בכיון אַ פאַרצייטיגען, מחמת היינט זעהט אפילו דער ווענזעגאָלער קונדס אויס אַנדערש ווי אַמאָל און ווען דער פּריי־סישער נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פּאָליטיקער וואָלט געהאַט די נשמה פון דעם דאָזיגען קונדס, וואָלט ער אויסגעזעהן מעהר מענש און פרייסען ווענינער פרייסיש... וואָלט ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אַ... ווי רופט מען זיי היינט אין דער ליטא, אין פּוילען און אין זאמוט? אַ בונדיסט, אַ בחור וואָס האָט צוויי פליגלען איינעם פאַר

זיין קלאַס אַלס ארבייטער און דעם אַנדערען פאַר זיין פאָלק אַלס איד; איינעם צום אַרויפשטייגען אויף דער העכסטער מדרגה פון ענטוזיאַזם אין דעם קאַמפּף און דעם אַנדערען צום שוץ פאַר זיינע געקישינעוועטע, אונטערדריקטע, ערדניטריגטע און גע־שונדענע ברידער און שוועסטער.

מען זאָגט „רוסלאַנד". מען דאַרף זאָגען וועלכע רוסלאַנד, די רוסלאַנד פון אַמאָל אָדער היינט, ווייל עס איז דאָ אַ נפקא־מינה אַפילו צווישען די רוסלאַנד פון פאַר אַכט־טאָגען און היינט.

אָט, זעהסטו, דאָ אין אַלמער ספרים... אהאַ! אַ גאַסט... ווען דער עולם פיהלט אַז איך טאָר ניט מפסיק זיין, ווילט זיך יעדערען מיר שטערן... נאָך דעם וואונדערט מען זיך וואָס ביי מיר זיינען צושלאָגען די געדאַנקען... געדאַנקען זיינען ניט קיין סמע־טאַנקע: זיי ווערען ניט סאָלידער און געדיכטער וואָס מעהר מען צושלאָגט זיי; זיי ווערען שיטערער, „צערשטרייט" ווי אַ פּאַנאַנ־דערגעטריבענע סטייע פויגלעך, ווי דער כל ישראל חברים ווען ער געהט ארויס פון שול און שטעלט זיך אָפּ ביין אויקציאָנס־טאָרג...

— וואָס ווילט איהר, ר' קרוב? — פרעג איך.

„הע, הע! אָ ט זעה איך, הייסט עס, איהר שרייבט... שרייבט איהר?"

— נו, איז וואָס?

„ווי הייסט וואָס? די מוזע אייערע, קלער איך, זי אַרבעט... זי שאַפט, זי..."

— זי גאָר נישט. דאָ אין אַמעריקאַ; דאָ שאַפט ניט די מוזע, דאָ שאַפט דער מוז... אַנאַנדערסמאָל מעהר באריכות... היינט האָט אייך אַ גוטען, פעטער... היינט שרייב איך און, ווי איך זאָג אייך, דאָ שאַפט דער מוז. אַ גוטען, אַ גוטען.

דער גאַסט איז אַוועק. ער... מחשבות'ן, אַ גאַסט, ווי ער זאָל אייך ניט שטערן, איז פאָרט ניט אַ פריינד: דער גאַסט געהט אַוועק. נאָך אַ מעלה האָט אַ גאַסט, ער בעט ניט קיין גמילת־חסד,

ער קומט נור זעהן אין וועלכען פּרט ער קען אייך שפּעטער באַ־רעדען.

ער איז אָבער אַוועק ניט אַליין. ווערענד ער האָט מיר גע־שטערט איז מיין אייניקעל אויך ניט געוואָרען, און איך האָב זיך אויסגעצויגען אויף מיין לעהנ־שטול... אַרמטשער, רופט מען עס דאָ... מחשבות'ן, אָרעם און אָרעם — אי דאָ וואָס מען שטרעקט אויס אין קאַמפּף, אי דאָס, וואָס איז אייביג אונטערדריקט; אָרעם אויף וואָס מען שפּאַרט זיך אָן און אָרעם וואָס מען פאַראַכטעט. אָרעם, הייסט עס, די זרוע נטויה געגען פּרעה און זיינע שרי מסים און אָרעם — דער דלות, איבער וועלכען זיי וואָיעוועו...

נאָך וואָס: מען האָט אונז געזאָגט אין דער גמרא אָדער אין מדרש — (פרעגט א למדן — א גרינעם) אז די גאולה וועט ניט קומען וואו עס וועט ניט אויסגעהן די לעצטע פּרוטה פון קע־שענע. הייסט עס אז עס וועט זיך ניט אויפהויבען דער מעכטיגער אָרעם וואו דאָס פאָלק וועט ניט ווערען אָרעם אויף דעם העכסטען גראַד! היתכן? דאָס איז דאָך כמעט דאָס זעלבע וואָס אונזער אַמאָליגער „וואָס ערגער דאָס בעסער".

נור ניט דאָס אַלץ בין איך אויסען.

האָב אייך געוואָלט דערצעהלען ווי אַזוי איך האָב, רעדענדיג וועגען רוסלאַנד פון אַמאָל און היינט, זיך פאַרקוקט אויף מיין אַלמער ספרים און וואָס דערפון איז ארויסגעקומען.

וואָלט איך אייך ראַטען צו לעבען ביז איבער אַכט־טאָג שבת.

איהר וועט קיין חרטה ניט האָבען — לאָמיר נור זיין ביין זינען.

## LXII

## דער אלמער און דער עלמערל.

ווען איך זאג: אז איך האב זיך פארקוקט אויף מיין אלמער ספרים... מחשבות'ן! אן אלמער... נור לאז זיין: היינט מוז גערעדט ווערען מיט א טאלק, היינט טאר איך זיך ניט פאררעדען, ניט פארקריכען אן א זייט, חלילה, עפעס אזוי ווי א היגער פאליטיקער פאר דער וואהל, וואס פאהרט ארוים מיט א ליעבעס־ערקלערונג דירעקט צו אייער פולע הארץ און פארקירוועט זיך ערגיץ צו א פולע קעשענע... נור לאז זיין: היינט מוז איך זיך האלטען ביים ענין — ווי די פיאווקע זאגט, ווען זי זעצט זיך אוועק ברייטלעך, מעשה טעמעני, אויף א פול־בלוטיגען קערפער... היינט מוז גערעדט ווערען סקלאדנע, ווייל איך האב אייך פאר אכט־טאגען שבת געזאגט איהר זאלט זיך סטארעווען צו דערלעבען מיין היינטיגע מעשה און טאמער טויג זי ניט איז דאך... הייסט עס... אן עברה וואס איהר האט געלעבט... על־כן, דארף מען היינט רעדען קלארע דבורים, קלאר ווי דער קצב, מיט די ווייבעל, אין דער יאטקע, ערב יום־טוב, ווען איהר קונדשאפט איז רעכט יא און רעכט ניין, און דא ווארטען רייכע באלעבאסטעס מיט העלז פערל, מיט דימענטענע אוירינגלעך, מיט דיענסטען אין דער היים, מיט מאנען וואס באשעפטיגען א סך הענד, גוטע הענד, הענד וועלכע ווערען קיינמאל ניט קולאקעס, צונויפגעצויגען, קיינמאל ניט פעטש־געבער, אויסגעצויגען, קיינמאל ניט קיין שום אנדער זאך ווי די דאזיגע הענד,

וועלכע דער פאַבריק־אינספעקטאָר — גוט באַצאָהלט פאַר'ן ניט קוקען וואו מען דאַרף ניט — באַזינגט בזה הלשון:

„די הענט, אַך, די הענט,
די אַרבייטער הענט,
די טייערע הענט,
די טייערע, — וואָלוועלע הענט!
פון זיי קומט די רענט,
פון זיי די פּראָצענט,
דער דאַך מיט די ווענט,
און געלט ווען די „פּראָפּערטקע" ברענט!

הגם זינגען איז דאָך ניט זיין עובדא: אַ גוטער משגיח איבער פאַבריקען דאַרף אַפילו ניט רעדען: אויף דאַרויף זיינען דאָ אַגי־טאַטאָרס, בעוונותינו הרבים, גאָט פאַרלאָזט ניט.

הייסט עס, ווען איך זאָג אייך: איך האָב זיך פאַרקוקט אויף מיין אַלמער ספרים, איך מיין דערמיט מיין אַלמער רוסישע ספרים... ווער וואָלט דאָס אין מינסק געגלויבט אַז איך בין אין „גלות" גע־וואָרען אַ גאַנצער רוסאַק?... און... יע, ווען איך זאָג: „גלות" מיין איך אין דעם גלות רוסיא, ווייל פון ארץ ישראל בין איך פאַר־טריבען געוואָרען איידער איך בין אָנגעקומען אויף די ווייסע וועלט: איך וויים פון דעם אַלטען גלות, אָבער דעם רוסישען פ י ה ל איך... אָבער איך טאָר זיך היינט ניט פאַרקירווען ניט רעכטס ניט לינקס, ווייל עס איז וויכטיג אַז איך זאָל אייך דערצעהלען דאָס וואָס איך האָב אייך פאַר אכט־טאָגען צוגעזאָגט... נור וועגען די ספרים בעט זיך אַ באַמערקונג:

דאָ אין אַמעריקאַ איז מען אַזוי פאַרטאָן מיט'ן „מאַכען אַ לעבען"... אין דער ליטא פלעגט מען אַמאָל מיינען אַז אַ לעבען — מאַכט נור דער כביכול, דער רבונו של עולם... סיי דעם לעבען סיי דעם טויט... אָהן הילף, אָהן אַ באַהעלפער, מיין איך... דאָ קענט איהר ניט — ניט געבאָרען ווערען ניט שטאַרבען, וואו אַ

דאָקטאָר קומט דעם איבערשטען ניט צו־הילף... דאָ, אין אמעריקאַ, זאָג איך, איז מען אַזוי פאַרטאָן... ביזי רופט מען דאָס דאָ... ביזי קומט געוויס פון „לבוז בז" (בודלען א בודעל) אָדער דירעקט פון „ביזה", א רוּיב, ווייל דאָס וואָס דאָ רופט מען „ביזי" הייסט האָבען ניט אזוי שטארק וואָס צו טאָן ווי אימיצען אָבצוטאָן... איז דאָ אין אמעריקאַ איז מען שוין אַזוי פאַרטאָן, אז מען האלט שוין אין דעם פרט פון ספרים ביי די פינפטע מדרגה דאָס הייסט ביין פאַר־קוקען זיך אויף דעם אַלמער, מחמת ארייננקוקען אהין איז די פיער־טע מדרגה, ארייננקוקען אין א ספר די דריטע, לעזען א ספר די צווייטע און לערנען, די ערשטע...

נור ניט דאָס איז די באַמערקונג, וועלכע בעט זיך דאָ. דאָס איז נור די הקדמה דערצו: די פרומע גלויבען אז אונזער גאַנצער לעבען איז ניט מעהר ווי א הקדמה צום לעבען אין דעם עולם שכולו טוב, אין יענער וועלט, וועלכע איז, הייסט דאָס, לויטער גוט, אין גאַנצען גוט, מיט'ן גיהנם, מיט די שמיץ, מיט אַלעם מיט אנאַנדער. מעהר ניט וואָס ווייטער איז ווייסט מען ניט: די הקדמה קריכט מען ווי עס איז דורך, ווער מיט שפּאַקולען (פון בבל אָדער פון נצרת, אָדער מעקקאַ, אָדער אַנדערע שפּאַקולען־עקספּאָרט־פּלעצער) ווער אָהן שפּאַקולען, און ווי מען קומט צום ספר גופא געפינט מען אז ער איז א בוך מיט זיבען זיגלען: דאָס הייסט פאַרמאַכט, פאַר שלאָסען, אונבאַגרייפליך ווי משה רבינו'ס קבורה און יעזוס קריס־טוס' געבורט.

אָט איז וואָס מיר ווילט זיך אויספיהרען: בשעת איך האָב זיך פאַרקוקט אויף דעם אַלטען אַלמער ספרים, האָט זיך מיר אָפּגע־דוכט, אז זיי, די ביכער זיינען היינט פונקט דאָס זעלבע וואָס מיר אַליין... מאַנכע פון אונז: זיי וואוינען אין אמעריקאַ און לעבען אין רוסלאַנד — פונקט ווי מיר... סיי זיי סיי מיר האָבען נור א דירה פאַר אונזער גוף, אָבער אונזער נשמה איז פון יענער זייט ים, דאָרטען וואו א נייע וועלט ווערט איצט געבאָרען, די וועלט, אויף וועלכע מיר האָבען געהאָפט און געוואַרט אַל די יאָהרען.

און מיט די אויגען ארייננגעלאָזען טיעף אין דעם אַלמער,

זיץ איך און טראַכט, און טראַכט, און טראַכט, און ביסלעכווייז הויבט אָן מיין מוח צו ווערען מבולבל, און מיין ראיה צו ווערען מטושטש, און איך שפּאַר זיך אָפּ אָן מיין לעהנשטוהל, מיין רוקען געגען זיין רוקען, — ווי ניקאָלאַי שפּאַרט זיך היינט אָפּ אָן דער דומא... רוקען־צו־רוקען, ווייל פּנים אל פּנים האָט ער מורא זיך מיט איהר צו זעהן, — און מיט אַמאָל דוכט זיך מיר, אַז דער אַלמער האָט זיך פאַנאַנדערגעצויגען ווי אַמאָל דער בית המדרש פאַר די עולי לרגל, און איז געוואָרען ברייט און גרויס און ליכטיג... עפּעס אַזוי ווי וויליאַם מאָרים'עס הארץ און... נאָר לאָמיך דאָ מאַכען אַן אָפּשטעל... די זעצער האָבען האָלד אַן אָפּשטעל: ביי זיי איז אַ פּוסטע שורה די בעסטע שורה (ווי געוויסע אַרטיקלען פון אַ געוויסען שרייבער) ווייל די פּוסטקייט פאַרשפּאָרט אַרבייט און באַצאָהלט פּונקט ווי די פולקייט: איך האַלט מיט די זעצער און דאָס פאַרהיט מיין פילאָזאָפיע פון גרייזען. מחשבות'ן! איך האַלט מיט זיי ווען זיי אַליין מאַכען אַן אָפּשטעל... אין דער אַרבייט: אויך צוליעב די מורא פאַר גרייזען. ווי אַלט איך בין אַזוי ביטרע בין איך... הייסט עס מיר מאַכען דאָ אַן אָפּשטעל.

---

און עס קומט אַרויס פון דעם מורא'דיג אויסגעוואַקסענעם אַלמער אַ בוך, וואָס נעהמט מיט אַמאָל אָן די געשטאַלט פון אַ גלאָק, מיט אַ וואונדערבאַרען צונג אינעווענינ און ביסלעכווייז הויבט ער זיך אויף און איך דערזעה אונטער איהם אַ פּאָר מענשליכע פיס. דער צונג ציהט זיך צונויף, און אויף איהם וואַקסט אויס אַ קאָפּ, יע, אַ קאָפּ אויף דעם אָרט וואו עס איז פריהער געוועזן דער רינג, אויף וועלכען מען וואָלט איהם געהאַנגען. און מיט אַמאָל שטעהט אויף דער גלאָק'ס אָרט אַ מאַן מיט אַ פיין־געוועלבטען שטערען, מיט אַ שאַרפען בליק, מיט אַ געוואַלדיגען ווילען אויסגעקריצט איבער זיין גאַנצען פּנים. . . .

איך ווער נשתומם. דער גלאָק — דאָס איז דער אַמאָליגער „קאָלאָקאָל" פון לאָנדאָן, דער רוסישער „קאָלאָקאָל" און ער האָט זיך פאַרוואַנדעלט פון אַ בוך אין אַ גלאָק און דערפון אין אַ מענשען,

צוריק אין דעם מאַן, וואָס האָט דעם גלאָק געגאָסען און געמאַכט און האָט מיט איהם אויפגעוועקט אַ וועלט.

„איהר זייט...?" פרעג איך.

— אַלכסנדר הערצען, המכונה איסקאַנדער, — ענטפערט ער און רעדט ווייטער און זאָגט: עס איז איצט איבער פונפציג יאָהר זינט איך האָב אָנגעהויבען צו קלינגען אין מיין פרייען „קאָלאָקאָל", צו וועקען די האַלב־טויטע; צו רופען די אויפגעוואַכטע צו די וואַפען און די באַוואָפענטע צום קאַמפף, און די קעמפפער צו קו־מען צו מיר, און דאַן מיך נעהמען צו זיך. און מיין קול, האָט זיך מיר צייטענווייז געדאַכט, איז געבליבען אַ קול וואָס שרייט אין דער וויסטעניש, און איך בין געשטאָרבען אין דער פרעמד און מיין פאָטערלאַנד איז געבליבען אַ געביידע וואָס איז אַמאָל אַ וואַפען־אַרסענאַל, אַמאָל אַ טורמע, אַמאָל אַ סטאַדאָלע... און היינט! היינט קלינגען נייע „קאָלאָקאָלס", וועלכע דאַרפען שוין ניט הענגען אין לאָנדאָן, אָדער גענף. היינט איז דאָ קלינג־פרייהייט, און אין פעטערסבורג אַ מין פאַרלאַמענט, און אין פאַרלאַמענט אַזעלכע רע־וואָלוציאָנערע מענשען, וועלכע מען האָט צו מיין צייט נור געזעהען אויף יענער זייט גרעניץ. „פיעל פעהלט נאָך, אָבער אַ סך איז שוין ערררייכט".

און ווי ער האָט גערעדט איז זיין פּנים באַלויכטען געוואָרען...

און דאָ לעבען איהם זיינען געשטאַנען אַנדערע; אַרויסגעקומען פון אַלמער. איך האָב דערקענט דעם העסליך־שעהנעם דאָבראָליובאָוו און דעם גרויסען מאַרטירער טשערנישעווסקי און דעם ביטער־זיסען שטשעדרין און דעם אַלטען ביעלינסקי און הונדערטער אַנ־דערע.

עס האָט זיך געבילדעט אַ כאָר און צעהנדליגע שטימען, זיך צונויפגיסענדיג אין איינע, האָבען גענומען זינגען אַ נייע טריאומף־ליעד און ווען דער געזאַנג איז געווען צו ענד האָט אַ הורראַה־געשריי געמאַכט ציטערן דעם צימער.

„עס לעבע די רוסישע פרייהייט!"

— ווארט א ווײלינקע! האָט דאָ אַרײנגערעדט א שוואַכ־ליבע שטימע.

דאָס האָט זיך געזעגנט לעבען זיי אַן עלמערל. פון דאָרטען איז אַרויס א באַקאַנטער, פאַרטרויערטער פּנים.

„שלום עליכם ר׳ יצחק!"

איך האָב דערקענט דעם סאַטיריקער, יצחק ערטער. ער אָבער האָט זיך געווענדעט צו די גרויסע רוסען.

— ווארט א ווײלינקע! מאַכט ער, און מכוח קוילענען אידען, איז דאָס שוין געענדיגט? נאָך קישינעוו איז געווען אדעס, און וואָס נאָך אדעס?

דער פאַנאַנדערגעצווײגענער אלמער האָט זיך געזעגנט, די רוסען זײנען צוריק אוועק צו זייער רוה, צוריק ספרים, טאַקע ביכער וואָס וואוינען אין אמעריקא און לעבען אין רוסלאַנד, אָבער ביכער.

---

הײנט אין דער פריה איז פאַר מײן בעט ווידער געשטאַנען יצחק ערטער מיט זײן סאַטירישען פּנים. ער האָט ווידער געפרעגט:

„נאָך קישינעוו — אדעס, און וואָס נאָך אדעס?"

— ביאַליסטאָק! — האָב איך א זיפץ געטאָן.

־דאָס האָט זיך אַרויסגעריסען ווי מיט א שטיק האַרץ. אָבער ערטער איז פאַרשוואונדען.

טײער קאָסט דעם אידען זײן ביסעלע פרײהייט.

LXIII

## געבאָרענע מבינים.

אָה, יאָ, זיי זיינען געבאָרענע מבינים... די אַלטע ליטיינער פּלעגען זאָגען אז פּאָעטען ווערען ניט געמאכט, זיי ווערען געבאָ־רען.. היינטיגע סאָציאַליסטען ווילען האָבען אז רעוואָלוציאָנע־רען זיינען אויך אזוי... ווען מען רעדט אוים דעם וואָרט „מאַכען א רעוואָלוציע" געהט דעם יונגען דור אריבער א סקרוך איבער'ן ליב. ביי זיי איז די פּאריזער קאָמונע, למשל, אפשר טאַקע ניט געבאָרען געווארען, אָבער זי איז אויך ניט געמאכט געווארען, זי איז „פאָרגעקומען"; אַלע רעוואָלוציאָנען זיינען ביי זיי פאָרגע־קומען, יאָ, פאָרגעקומען און אין דער וועלט־געשיכטע אריינגעקו־מען, און זיינען אָהן מאכערס אויסגעקומען, מעהר נישט מענשען זיינען אין זיי אומגעקומען, אַנדערע זיינען שטאַרק אָבגעקומען, ווידער אַנדערע קאָם מיט'ן לעבען ארויסגעקומען, אָבער אַלע זיינען אריינגעקומען און ארויסגעקומען עפּעס על פּי סבה, ווייל דער גאַנצער עסק איז נור פאָרגעקומען און טאַקע פאָרגעקומען, דאָס הייסט, ניט, ווי מאָדעס, אויפגעקומען; ניט, ווי ציגיינער, אָנגע־קומען; ניט, ווי רעוויזאָרען, אונטערגעקומען; נאָר, אָט ווי, מען זאָגט אייך, פאָרגעקומען, אימיצען בייגעקומען און א סוף.

איז... ווענען וואָס רעד איך? יע. פּאָעטען ווערען גע־באָרען און ניט געמאכט. דעסגלייכען מבינים, דעסגלייכען גע־קרייזעלטע האָר, דעסגלייכען... מחשבות'ן! בלאָנדע האָר ווערט

דאָ יע געמאכט. דער וואויל־טאָג מאַכט עס, ווי דער וועהטאָג מאַכט די גרויע האָר...

נאָך אמאָל: מבינים, ווי פּאָעטען און געקרייזעלטע האָר, ווערען געבאָרען און ניט געמאכט; דעסגלייכען שדכנים, ישיבה־בחורים, אמת'ע גליקליכע נארען, היימישע צירולניקעס און הי־גע לעבענס־פארזיכערונגס אגענטען, — אין אמאָליגע צייטען זאָגאר דאָקטוירים.

הייסט עס, מבינים ווערען געבאָרען, איבערהויפּט דאָ אין די פרייע מדינה, איבערהויפּט אין ניו יארק, איבערהויפּט אין די קאַפע־סאלונס... אזוי רופט מען דאָ די ערטער וואו מען טרינקט דאָ כמעט נאָכאנאנד טיי... דאָ, דאָס הייסט, אין דעם אידישען קווארטאל; אין די אנדערע ניו יארקער קווארטאלען רופט מען „קאפּע" אן אָרט, וואו מען טרינקט וויין, ביער, וויסקי און אַלע אנדערע משקאות — אַלץ, חוץ קאפּע...

איז די מבינים אונזערע זיינען ניט געמאכטע נאָר טאקע גע־באָרענע. דערפאר דארפען זיי ניט קיין בילדונג, קיין ביכער, קיין קענטניס, קיין יאהרען, קיין ערפאהרונג, קיין איבריגעס פיעל שכל, קיין שארפען בליק, קיין שפּיציגען קאָפּ, קיין שום זאך ניט.

און מבינים זיינען זיי אויף אַלץ:

זיי וועלען אייך צווישען צוויי גלאָז טיי באווייזען ווי אזוי זיי האָבען נאָך מיט יאָהרען צוריק פארשטאנען אז טאָגאָ'ס ליני־קע פּיאטע איז מעהר ווערט ווי ראָזשדעסטווענסקי'ס גאַנצע קאָפּ; זיי זיינען אין יאָקאָהאמא מעהר ביי זיך אין דער היים, ווי זיי וואָלטען היינט זיין אין גרינקישאָק, און ווען איהר הערט זיי רע־דענדיג וועגען יאפּאַנישע מינענאָסקעס (און טאקע ניט וועגען מי־נע נאָסקע דעם קצב'ס פון גרינקישאָק) וואָלט איהר מיינען אז זיי האָבען זיך געהאָדעוועט אויף פּולווער, בליי און ניטראָ־גליצערין און אז זיי זיינען ערשיענען אויף דער וועלט עפּעס ארויסגעשאָסען פון א פולעמיאָט.

זיי רעדען וועגען דראמען און דראמאטורגען עפּעס אזוי ווי זייער ווינעלע וואָלט געשטאנען אויף דער ביהנע, און זיי וואָל־

טען זיך געהאָדעוועט צווישען קוליסען, און זיי וואָלטען קליינער־הייט געשריען לויט ווי דער סופליאָר הייסט... אי, זיינען זיי מבינים אויף טעאַטער. עס איז אמת, זיי קענען ניט אויסלעגען דעם נאָמען שעקספּיר, און קאַלדעראָן איז פאַר זיי פּונקט אזוי פרעמד ווי דער אבן־עזר; עס איז אמת, געטהע'ס פאוסט איז פאַר זיי אַן אונפאַרשטענדליכער קולאַק און שערידאַן'ס „לשון־הרע־שול" א אידישער קאַפּע־סאַלון איבערזעצט אויף ענגליש; עס איז אמת, איבסען איז פאַר זיי א... איך־ווייס־ווער־איז־ער, און סטרינדבערג א נעלם, וואָס איז ניט צוגעשריבען צו קיין שום טעאַטראַלנע סקאַזקע; עס איז אמת, אַז זיי פאַרשטעהען זיך בעסער אויף א סצענע וואָס די ווייב מאַכט ווען מען קומט שפּעט אהיים, ווי אויף א סצענע אין א גוטע דראַמא; עס איז אמת, אז אַן אַקט, וועלכען א יונגאַטש טוט אָב איז פאַר זיי פאַרשטענד־ליכער ווי אַן אַקט אין „אלישע בן־אבויה", אָדער אין „מירעלע אפרת", אָדער אַן אַקט אין ערגעץ אַנאַנדער דראַמא פון ערגעץ אַן אַנדער שרייבער; עס איז אמת, אַז דער כאָרוס אין די אַלטע דראַמא איז זיי ניט אַזוי גוט באַקאַנט ווי די מאָדערנע כאָריסטען און כאָריסטקעס, — דאָס אַלץ איז אמת, אָבער מבינים זיינען זיי דאָך און וואָס פאַר מבינים!

זיי וועלען אייך זאָגען וועגען א „פּליי" אַלץ וואָס איהר ווילט וויסען און אפילו דאָס וואָס איהר ווילט ניט וויסען: זיי וועלען אייך ווייזען באותות ובמופתים פאַר וואָס די און די פּיעסע האָט אויסגענומען ביים עולם און פאַר וואָס אַנאַנדערע האָט איינגענו־מען א מיתה משונה. זיי וועלען אייך זאָגען וויפיעל מאָל א „פּליי" איז געשפּיעלט געוואָרען, וויפיעל מענשען עס זיינען יעדעס־מאָל געוועזען אין טעאַטער, וויפיעל טיי־טרינקערס עס זיינען געוועזען צווישען די דאָזיגע מענשען, וויפיעל געדונגענע בראַוואָ־קלאַפּערס עס זיינען געוועזען צווישען די דאָזיגע טיי־טרינקערס, וויפיעל מען האָט דעם מחבר געגעבען פאַר די פּיעסע און וויפיעל איז איבער־געצאָהלט געוואָרען.

זיי ווייסען וועלכער סטאַר האָט איינענע פּאָלקעס (אין הים־

טאָרישע דראַמאַטישע אָפּערעס) און ביי וועמען די דאָזיגע פּאָל־קעס זיינען געמאַכטע... פּאָלקעס, משמעות, זיינען ניט, ווי פּאָ־עטען און מבינים, געבאָרען און ניט געמאַכט; אַקטיאָרסקע ברעמען און לייבקאָליר אויך ניט... זיי מאַכט מען טאַקע צייטענ־ווייז.

זיי ווייסען אַלץ, פאַרשטעהען זיך אויף אַלץ, און רעדען אַרום אַלץ!

געבאָרענע מבינים!

היינט ווער רעדט שוין אַרום שרייבער! אַרום אַרטיקעל־שרייבער, צייטונג־שרייבער!

זיי וועלען אייך זאָגען ווער, וואו, וואָס איז ווערט; זיי ווייסען די נאַטור־געשיכטע פון איינעם און די לעבענס־געשיכטע פון דעם אַנדערען און וויפיעל יעדער קריגט געצאָהלט, וויפיעל ער פלעגט קריגען מיט אַ יאָהר צוריק און וויפיעל ער וועט קריגען אין אַ יאָהר אַרום; זיי ווייסען אויף קלאָר ווי אָפט אימיצער האָט איבערגעביטען זיין באָס, זיין פּרינציפּ אָדער זיין אמונה, און צי ער האָט דערפון מעות אָדער מכות.

וואָס ווייסען זיי ניט?

זיי וועלען אייך זאָגען ווי גרויס אַ שרייבער'ס „סערקיולייי־שאָן" איז, וויפיעל לעזער ער האָט און צי זייער צאָהל שטייגט, זינקט אָדער שטעהט אויף אַן אָרט.

זיי וועלען אייך אויסרעכענען און זאָגען: וואָס? ד ע ר אַרטיקעל? אויף איהם זיינען דאָ הונדערט לעזער, צוויי־הונדערט, דריי־טויזענד, הונדערט טויזענד און אַזוי וויי טער. זיי וועלען קיינמאָל ניט מאַכען קיין טעות, זיי זיינען געבאָרענע מבינים, זיי שאַצען שוין צייטונגען, שרייבער און צירקולאַציעס פון יאָהרען, זיי דערקענען אַן אַרטיקעל וואָס נעהמט דעם עולם פאַר אַ מייל, זיי דערשמעקען אַ... און אַזוי וויי טער איידער אַנאַנדער דערזעהט עס.

עס קען נאַטירליך טרעפען, אַז זיי זאָלען בלייבען שטעהן ביי אַזעלכע אַלט־גריכישע ווערטער ווי „ותמנע היתה פלגש עשו" ווי

א האָן אין בני אָדם, אָדער „ווי די אָקסען אַם בערגע" (דאָס איז טייטש) און עס קען טרעפען, אז זיי זאָלען ניט פאַרשטעהן... זייענדיג אַמעריקאַניזירט, סיטיזענערס, יענקיס... אָהן האַרקאַווי'ס ווערטער־בוך דעם טייטש פון „אַנוסטען, אַנומאַלט, און דעמאַלט", און אז זיי זאָלען אפילו גאָר ניט וויסען אז עס איז דאָ אין דער וועלט אַזאַ מין ווערטער־בוך, אז זיי זאָלען אָבער יאָ וויסען אַז דאָ עדווערטייז איך אַ געוויסען בוך וואָס דערפאַר קריעג איך געוויס אַ שעהנע מטבעה... קיין צדיקים זיינען היינטיגע צייטען ניטאָ! געבאָרענע מבינים וועט קיינער ניט פאַרמולירען, דאָס הייסט אויף זייער לשון, פאַרבלאָפען.

טרעפען קען נאַטירליך אַלץ, אָבער מבינים זיינען זיי פאָרט און טאַקע, וואהרשיינליך, דערפאַר וואָס זיי זיינען פּראַקטישע מענשען, וואָס האָבען קיינמאָל ניט אָנגעשטאָפּט די קעפּ מיט אַלטע שמות און שמאַטעס, מיט ביכער און זשורנאַלען; וועלכע האָבען קיינמאָל ניט פאַרבראַכט קאָסטבאַרע אָוועגדען אויף לאַנג־וויילינע ביכער. טאַקע אפשר דערפאַר וואס זיי פארברענגען ניט זייער צייט אויף „בעק־נאָמבערס" ווי לעסינג און ביעלינסקי, ווי האַזליט און דאָבראָליובאָוו זיינען זיי דאָס די אמת'ע קריטיקער, די נאַטור־מבינים און די פּראַקטישע ליטעראַטור־שאַצער.

דורך זיי רעדט דאָס פאָלק; דורך זיי ווערט געשאַצט, גע־וואויגען, געצעהלט און געאורטיילט.

דורך זיי ווערט אַ קונסט־ווערק אויפגעבומט און אויסגע־פייפט, איינגעוויעגט אין אַ גוטע וויעגעלע, אָדער באַגראָבען אין אַן ענגען קבר'ל.

דורך זיי ווערט באַשטימט דער פּרייז פון אַ שרייבער, אַן אַרטיסט, אַ פּאָעט, אַ דראַמאַטורג, אַ קריטיקער.

זיי ווייסען אַלץ, זיי פאַרשטעהען אַלץ, זיי שאַצען אַלץ, ווייל זיי זיינען די אמת'ע מבינים.

ווילט איהר דאָך אודאי וויסען צו וואָס איך שרייב אָט דאָס אַלץ?

זאָל איך אזוי ניט וויסען פון קיין בייז ווי איך וויים אליין ניט.

אָבער פרעגט די געבאָרענע מבינים. זיי וועלען אייך שוין זאָגען.



## XIV.

## די קירך וואָס האָט זיך מגייר געווען.

איך ווייס ניט ווי ביי אייך, ביי מיר טרעפט זיך דאָס זעהר אָפט. דוקא אין א צייט.. עפּעס אזוי אויף להכעיס... דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג... ניט דער לאַנדאָנער נאַטירליך, ניט דער אַמעריקאַנער דעם פּיערטען „דזשולאַי", ניט ערגעץ אַנ־אַנדער טאָג אין א מלחמה, וואו עס זעהט זיך נאָך מעהר ווי אין דעם היגען „גלאָרייכען פּיערטען" דם, ואש ותמרות עשן, דאָס הייסט, ליעבער רעווערענד צבועקאָווסקי, בלוט און פייער און רויך... בקיצור, דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אָדער ווי די וואַסער אינ'ם דימענט, אָדער ווי די וואַסער אין די מילך, אין די „גע־דיכטע" איידער דאָס קומט אהין אריין, הגם אין די לעצטע איז די וואַסער א מאָל מוטנע צוליעב... נאָר לאָז זיין; בקיצור, דוקא ווען עס איז קלאָר ווי דער טאָג און אנדערע זאכען (דאַ־רונטער, דער באַטרוג אין אמעריקאנער פּאָליטיק — און פּאַר־טייטשט מיר ניט: אנדערע זאכען, דברים אחרים, ווייל איך מיין דאָס ניט: דאָ מעגט איהר זיי א גאַנץ יאָהר האָבען אפילו אין מאָגען, שבת תשובה אָבער טאָר מען זיי ניט דערמאָנען — שפּעטער וועלען מיר ווענען דעם מעהר רעדען — אלזאָ אפילו אין די געדאַנקען ניט האָבען).

בקיצור הדבר, גראָד ווען עס איז קלאָר אז מען דאַרף שריי־בען; אז מען דאַרף, ווייל דאָס פאַרלאַנגט די צייט, די אומשטענ־

דען, דאָס געוויסען, די לאָגיק און די רעדאַקציע, גראָד דאָן געהט עס ניט.

און דער ניט־געהן איז ניט אַלע מאָל גלייך:

אַמאָל טרעפט זיך, אַז די קאָמוניקאַציע ווערט אָבגעריסען צווישען דעם מוח און די הענד. עס איז אמת אַז די טעלעגראַפיע איז דראָטלאָז — איז אימער געווען, אפילו אין די צייטען ווען מען האָט ביי אידען ניט געהאַט קיין קאָפּ און קיין האַנד חוץ פאַר דעם של ראש מיט דעם של־יד... מחשבות׳ן! נאָך אַלע מעשות איז ישראליק פון אייביג אָן געווען א אידעל ניט קיין נאַר. אפילו ווען ער האָט געהאַלטען אַז זיין קאָפּ און זיין האַנד האָבען פאַר זייער עובדא צו טראָגען תפילין, האָט ער, פון דעסטוועגען, געהאַלטען דעם של ראש נאָר אויפ׳ן שטערען און דעם של־יד אויף דער לינ־קער האַנד, זיך לאָזענדיג דעם ש פּ י ץ־קאָפּ און די ר ע כ ט ע האַנד פריי פאַר מסחר און פאַר עניני עולם הזה, זאָגאַר אין דער צייט ווען ער האָט געגלאָצט די אויגען און גערעדט מיט איהם, הענד־ניט־געוואַשען!

הייסט עס, אַמאָל טרעפט זיך, אַז די קאָמוניקאַציע ווערט אָב־געשניטען צווישען די הענט און דעם מח... איהר געדענקט דאָך מן הסתם וואָס האָט פּאַסירט אין רוסלאַנד מיט א קורצע צייט צוריק בשעת די טרייבער פון די אייזערנע קליאַטשע און די גע־דאַנקען טראַנספּאָרטירער, מיט אַנדערע (און קלאָרערע) ווערטער, די ארבייטער ביי די רוסישע אייזענבאַהנען און טעלעגראַפען האָ־בען געמאַכט א סטרייק; איהר געדענקט דאָך ווי דער קאָפּ פון אַלע רייסען — א קאָפּ מיט מעהר זאָרג ווי מאַרך אינווייניג און מעהר פּ...ך ווי קרוין פון אויסענווייניג האָט זיך נעבעך געפיהלט בשעת צווישען איהם און די הענד איז אָבגעשניטען געוואָרען די פארבינדונג. אָט דאָס — א כפרה זיין קאָפּ, זיין קרוין, זיין אַלץ־מיט־אַנאַנדער פאַר מיין מינדסטען נעגעלע! — איז ווי איך פיהל זיך צייטענווייז.

אָבער עס טרעפט זיך אויך, אַז איך קען ניט שרייבען צוליעב אַנאַנדער גרונד.

אָט, למשל, דאַרף זיך אין מיין געגענד, ניט ווייטער ווי אַ שפּיי פון מיין טיר, לכבוד ימים־נוראים, מגייר זיין אַ קירך און ווערען אַ קלויז. וועט איהר דאָך פרעגען, וואָס, אין פלוג, האָט דאָס צו מיר? ווארום זאָל אַ קירך וואָס איז געאידישט געוואָרען און וואָס וועט, אם ירצה השם, גלייך נאָך ראש השנה־יום כפּור צוריק זיך אָב׳שמד׳ען און ווידער ווערען אַ גוטע פרומע קריסטליכע קירך, מיר שטערען די רעיונות? און עס שטערט.

אָט קלער איך נאָך אַנאַנד ווי אַזוי דער קריסטליכער סגל האָט זיך (פאַר געלד) צונויפגעצויגען און איז געוואָרען אַ חירק, אַ קליי־נער חירק אונטער אַן אַמעריקאַנעם יוד; ווי אַזוי דער קריסטלי־כער צלם האָט פון זיינע פיער גליעדער געמאַכט זעקס און איז מיט אַמאָל געווארען אַ מגן־דוד און ווי ער וועט נאָך ימים נוראים זיך פון דאָס ניי מוזען צונויפקלעפּען, צונויפלעגען, צונויפשטעלען און ווערען ווידער אַ קרייץ, ווידער אַ סימבאָל פון אַן אמונה, וועלכע ציהט זיך פון איין עק וועלט ביז׳ן צווייטען און פון הימעל ביז דער ערד (דיעזער געדאַנק איז פּאַטענטירט אין וואַשינגטאָן — חברה לאַנגע פינגער מק״ק ליטעראַטור!) הגם די מעשה מיט די צוויי עקען, אָדער אפילו מיט די פיער עקען וועלט איז אַ געפּלאַצ־טער זייפענבלאָז היינטיגען טאָג.

און דער דאָזיגער קירך־קלויז געהט מיר ניט ארויס פון קאָפּ, מיר, וועלכער פלעגט קיינמאָל ניט קענען באַגרייפען ניט נור ווי אַזוי אַ קירך געהט אריין אין אַ מוח, נור אפילו ניט ווי אַזוי אַ מוח געהט אריין אין אַ קירך! איך דאַרף, איך וויל, שרייבען וועגען זעהר אַ וויכטיגען ענין און דאָ דרעהט מיר אַ קאָפּ דער אי־דישער שופר, וואָס בלאָזט זיך אויף דעם קריסטליכען אָרגעל, וועל־כער האָט מיט אַמאָל גענומען בורטשען „האוחז ביד״, זייענדיג געוואוינט צו פּאַטערנאָסטערס און אַנדערע תיפלה־תפילות, וועל־כע האָבען אפשר אַ שייכות מיט׳ן „אוחז ביד״, אָבער זיי זיינען צו קריסטליך וועגען דעם צו רעדען.

און איך קלער נאָך אַנאַנד ווי פיהלט זיך דאָרטען, אַ שטיי־גער, אונזער אידישע שכינה, וואָס וויינט כסדר אויף אונזער גלות,

— ווינט אזוי פיל אז איהרע אויגען זיינען כמעט שוין מטושטש און זי זעהט ניט מעהר ווי מען שטעכט די אָרימע שה פזורה ישראל אין אדעס און ווי מען קוילעט איהר אין ביאַליסטאָק, און ווי מען עפּענט איהר אַן אָדער אין סיעדליץ.

וואָס, אלזאָ, טוט, ווי פיהלט זיך, די פּארוויינטע שכינה צווישען די קריסטליכע פיער ווענט — קלער איך. ווי קומט דאָר־טען ארויס דער „ונתנה תקף", דער „כל נדרי", דער אָבקלאַנג פון טויזענדער פּאָגראָמען פון טויזענדער יאָהרען, דער שוואכער אָבקלאַנג פון א מאַכטלאָז געוואָרענע ראַסע, פון א ראַסע, וועלכע קען ניט מעהר קעמפּפען און קען נור וויינען, וועלכע קען ניט מעהר פארטיידיגען איהרע רעכטע און איהר פּראָל איז: צום, קול ממון — זיך אויסקויפען פון צרות דורך זעלבסט־פּייניגונג, דורך רחמים־בעטען, דורך לאַפּקע־געבען... ווען מען דארף, וואו מען דארף, אויב מען נעהמט.

ווי, קלער איך, קומען זיי דאָרטען ארויס: דער אידישער בלוטיגער קרעכץ און דער אידישער שרעקליכער זיפץ, ווען ארום און אַרום זיינען דאָ סליאַדעס פון דעם קריסטענטום, וועלכער איז אַרויסגעקומען פון דעם קבר פון איין אידען און האָט א לאַנגע צייט געבליהט אויף די קברים פון טויזענדער אנדערע?

און אזוי קלערענדיג בלייב איך ניט געשריבען. מיין פעדער שטעלט זיך אָב אין מיטען וועג ווי להבדיל, בלעם'ס עזעל פאר־צייטען, מעהר נישט יענער איז געבליבען שטעהן און האָט גע־עפענט דאָס מויל, וועהרענד מיין פעדער בלייבט שטעהן און פאר־מאַכט דאָס מויל.

און דאָך איז דער גאַנצער עסק ניט מיין עסק.

אמת, מיין אַלטע, איין־און־אכציג־יאָהריגע הארץ פארשטעהט זיך בעסער און רופט זיך אָב גיכער אויף דעם אידישען זיפץ ווי אויף יעדען אַנדערען זיפץ. **אָבער איך האָב אַן אמונה, פאר וועל־כע קיין** טעמפּעל אין דער וועלט איז ניט ברייט גענוג, **פאר וועל־כע קיין שופר'ס קול איז ניט שטארק גענוג, פאר** וועלכע קיין אי־דעאַל איז ניט הויך גענוג. איך האָב אַן אמונה וועלכע נעהמט

אריין דעם אידען און גיט איהם א ליכט אין די אויגען, א פרייד אין הארצען און א פאָהן אין דער האנד, — א פאָהן, וועלכע טראָגט אויף זיך די ווערטער: „אידען און קריסטען, ווערט מענ־שען! ראסען און פעלקער, ווערט א מענשהייט! מענשען און מענשהייט, פארדיענט אייער נאָמען!"

און אזוי ווי איך האָב אזא מין רעליגיאן, איינע אין וועל־כע איהר דארפט גאָר ניט גלויבען, מחמת איהר קענט איהר פאר־שטעהן, דערפאר איז אייגענטליך די קשיא א ריכטיגע: וואָס האָט דאָס צו מיר? וואס קימערט דאָס מיר וואס א חזן האָט איבערגעביטען זיין סדור, וואָס א בימה שטאָמט פון א קאנצעל, און וואָס א קירך האָט זיך מגייר געווען? ווארום זאָל אזא קליי־ניגקייט וועלכע קען אין דעם ערגסטען פאל געסעטעלט ווערען צווישען מטטרון־שר־הפנים און דעם אויבערשטענס בן־יחיד דאָר־טען אויבען, מיר שטערען צו שרייבען?

און דאָך, ווי געזאָגט, שטערט עס.

— „זיידע, זאָגט מיין אייניקעל, און אז דו ועסט היינט ניט שרייבען?"

„פאר וואָס ניט היינט?"

— „אידען געהען צו תשליך..."

„מיינסטו אז איך וואָלט על פי יושר געדארפט געהן זעהן די אלע מינים עבירות וועלכע זיי שאָקלען אָפּ פון זייערע פאָ־לעס? נארעלע! דאָ זיינען דאָך אפילו די עבירות ניט אינטע־רעסאנט. דאָ זיינען זיי אזוי העסליך, אזוי פראָזאאיש, אזוי מעשה־סוחר, אז עס עקעלט אָב זיי באטראכטענדיג. נארעלע! עס זיינען דאָ עבירות, וועלכע ברענגען אריין אין אבגרונד און מען פיהלט זיך אין דעם זיבעטען הימעל; עבירות, צוליעב וועלכע עס לוינט צו ליידען צרות אויף דער וועלט און דורכצוגעהן אלע שבע מדורי גיהנם אין יענער וועלט, אָבער דאָ ארום אונז... נור גענוג!"

„און מכח שרייבען אום ראש השנה, געהט מען אין גאָט'ס וועגען... ראש השנה שרייבט ער אויך!"

## LXIV

## געפֿאָהרען און ניט דערפֿאָהרען.

— וואָס ווילט איהר, ר' קרוב? — פֿרעג איך — (מיין גאסט.)

„העע, העע! — זאָגט ער — אָט זעה איך, הייסט עס, איהר שרייבט, שרייבט איהר?"

— נו, איז וואָס?

„ווי הייסט וואָס? די מוזע אייערע, קלער איך, זי ארבייט, זי שאַפֿט, זי..."

— זי גאָר נישט! דאָ איז אַמעריקא; דאָ שאַפֿט ניט די מוזע, דאָ שאַפֿט דער מוז... אַנאַנדערסמאָל מעהר באריכות. היינט, האָט אייך אַ גוטען, פֿעטער.

„אַנאַנדערסמאָל..." דאָס וועט זיין היינט. וואָרט האַלטען איז זעהר אַ שווערע זאַך פֿאַר אַ אידען, איבערהויפּט פֿאַר אַ רוסישען אידען, איבערהויפּט פֿאַר אַ רוסישען אידען אין ניו יארק, אָבער היינט וועל איך האַלטען וואָרט און ערקלערען דייטליך און אויספֿיהרליך דעם מיין פֿון די ווערטער: „דאָ שאַפֿט ניט די מוזע, דאָ שאַפֿט דער מוז".

יאָ, איך וועל וואָרט האַלטען... איך וויים, דאָס וועט מיר אָנקומען שווערער ווי אַמאָל איהם, כביכול, דער קריעת ים־סוף... מחשבות'ן! פֿון וואַנען האָבען דאָס די חכמים גענומען, אז דער שפּאַלטען דעם ים איז איהם אָנגעקומען שווער... איהם, דעם בורא עלמא כולו? פֿאַר וואָס זאָל דער שפּאַלטען דעם ים זיין

א שווערע ארבייט פאר איהם וואָס האָט אזוי לייכט געמאַכט דעם ים ? דעם אויבערשטען איז, דאַכט זיך, אָנגעקומען די וועלט נאָך לייכטער ווי, כאַפּט אייך אָן, דעם גרויסען ראקעפּעלער זיין לעצ־טער מיליאָן, ווי רוזוועלט'ען די פּרעזידענטסטוואָ, ווי היינע'ן זיי־נע ליעדער, ווי סטאָליפּינ'ען זיין טרעפּאָוושטשינאַ, ווי מיר מיינע משלים ! ווען אימיצער האָט נאָר צו זאָגען : ים — ווער ! און ער ווערט, דאַרף ער קענען אָהן פיעל מאַטערניש דעם דאָזיגען ים שפּאַלטען.

איך זאָג, אַ טייך, מיט אַ שטראָם, וואָס האָט אַ מין פּראָג־רעסיווע באַוועגונג, אַ באַוועגונג, וועלכע פיהרט פאָרווערטס אי־מער פאָרווערטס, וועהרענד זי לעבט און פליסט און שטראָמט און געהט, ביז זי דערגרייכט די לעבעדיגע, אַלגעמיינע גרויסע אינטער־טייכליכע וואסער־מאַסע, וועלכע מען רופט דעם גרויסען ים ! אַזאַ שטראָם איז פּיליינט שווער צו שפּאַלטען, אָבער דעם ים גופא, איבערהויפּט אַן אַזיאַטישען ים, איבערהויפּט אַ ים וואָס רופט זיך רויט (ווי דער ים־סוף רופט זיך) און זיין רויטקייט איז פון דעם סאָרט, וועלכער איז פּונקט אַזוי פאַרדעכטיג ווי די רויטקייט אויף דעם פּנים פון אַ טשאַכאָטאַטשניק... איך האָב דאָ געקענט סאָ־ציאַליסטען, וואָס זייער רויטקייט האָט זיך באַוויזען טאַקע ערנסט דאַן, ווען זייער סאָציאַליזם האָט שוין געהאַט, לא עליכם, די אויס־צעהרונג און... נאָר לאָז זיין... יע, לאָז זיין... און אפשר לאָז טאַקע ניט זיין, ווייל עס איז נויטיג צו זאָגען, אַז דער סאָציאַ־ליזם פון די דאָזיגע סאָציאַליסטען האָט געהאַט יענעם סאָרט אויספצעהרונג, וועלכע מען רופט אויף טייטש „גאַלאָפּירענדע שווינדזוכט", אַזעלכע וואָס מאַכט איינעם פיעל הוסטען און אויס־בראַקענען איבערצייגונגען, און שפּייען מיט רויטע־פּאָהנע־בלוט, און ווערען אָבגעשוואַכטער ווי אַ פּרינציפּ לויפענדיג פאַר אָלדער־מאַן אויף דער פּלאַטפאָרמע פון טעמעני־האָל... נאָר לאָז זיין ; איצט לאָז שוין טאַקע זיין...

מחשבות'ן ! „לאָז זיין !" איז לייכטער ווי „לאָז ווערען !" דאָס הייסט פאַר אַ מענשען ; פאַר'ן רבונו־של־עולם (קונציג,

אין ! מחשבות'ן... פאר איהם... ניין ?) פאר איהם... ארויסגעדרעהט זיך ! ניין ?) דער שמונה עשרה זאָגען מיר קונה שמים וארץ (ער, וואָס קויפט הימעל און ערד). ליגט ניט אין דעם א שטיקעלע פרומע אפיקורסות ? ווי הייסט ער קויפט ? דער אויבערשטער קויפט ? ביי וועמען קויפט ער ? ווי קען מען קויפען הימעל און ערד ? עס איז ניטאָ קיין גרעסערער קויפער ווי וויליאם ראנדאָלף הוירסט : ער קויפט שבל און נשמות ; ער קויפט זיסקייט — צו קריגען פריינד — און ביטערקייט (פראָסטע פעפערדיגע און אנדערע, פייי-נערע) פאר זיינע געגנער ; ער קויפט קעפ און דעם היפך פון זיי — ווען ער דארף, וואו ער דארף — צום דענקען און צו קריגען שמיץ אָנשטאָט איהם אליין... אלץ קויפט ער, אָבער ניט הימעל און ערד און ווער רעדט נאָך אָרום דעם אויבערשטען ? עס איז, קינדער, א גליק צייטענווייז וואס מען דאווענט ניט ! מען קען מחלל השם זיין, אליין גאָר ניט וויסענדיג וואָס פאר אפיקורסות מען רעדט ווען מען דאווענט. היגע בעלי תפילות, דאָס איז אמת, זיינען פּאַרזיכטיג און דאוונען נור ימים-נוראים, אָבער מענשען וואָס מאַכען א לעבען פון גאָט, זיינען איבערהויפּט קליגער פאר א געוועהנליכען בשר ודם ! אפילו דער קברן (אָנדערטייקער — בלע"ז) וואָס מאַכט א לעבען פונ'ם טויט איז קליגער, והראיה, ער שוויגט ווי זיינע קונדען אליין. אפשר טאַקע ביים דאוונען אויך.

„קונציג זיך ארויסגעדרעהט !" האָב איך זיך באריהמט...

מען טאָר זיך קיינמאָל ניט באריהמען ; אָט האָב איך זיך גלייך ווידער אזוי פארדרעהט, אז איך זעה איצט אליין ניט דעם אָנ-הויב פון מיין פּלאָנטער. מען טאָר קיינמאָל ניט ריהמען ניט זיך און ניט אנדערע, איבערהויפּט אנדערע... איהר ווייסט קיינמאָל ניט וואָס פון אייך קען ווערען, ווי אזוי איהר קענט זיך פארפּלאָנ-טערען און וואוהין איהר קענט פארקריכען... „אל תאמין בעצמך עד יום מותך" (גלויב ניט אין זיך ביז'ן טויט) איז א וואָרט, וועל-כעס וואָלט פארדיענט צו האָבען מיר פאר זיין זאָגער, אָבער נאָך בעסער איז טאַקע מיין „אמענדמענט" דערצו, היינו : „גלויב אין קיינעם ניט ביז'ן טויט !" דאָס איז וויכטיג צו געדענקען אין

צייטען פון באנקעט־באוועגונגען און ראקעט־באוועגונגען, ווען דער עולם פלאצט ארוים מיט שבחים ניט קענענדיג זיך גערולדען צו ווארטען ביז דער בעל־דבר וועט אין א גוטע שעה שטארבען...

מוז אָנהויבען פון דאָס נייע:

יא, היינט וועל איך האלטען ווארט, הגם דאָס וועט אָנקור־מען שווער, שווערער ווי האלטען אויף קעסט א באלטראמאנצער איידעם מיט א נאָך־א־תענית'דיגען אפעטיט; שווערער ווי האל־טען א פעדער אין האנד זייענדיג א היימישער סבארשטשיק, אָדער א הינגער פאָליטישען; שווערער ווי האלטען די רעוואָלוציע אין צוויק, ווען מען איז כלומר'שט א ניקאָלאי; שווערער ווי האלטען שבת ווען מען איז א קרעמער אין גרענד סטריט און א גבאי אין א שול נאָהנט דערביי; שווערער ווי האלטען א הונד פאר'ן עק און א רענעגאט פאר זיין פארגאנגענהייט; שווערער ווי האלטען א פאָרטראג ווען דער עולם קומט הערען א זינגער; שווערער ווי האלטען א סאלון אלעמאָל אָפען ווען איהר זייט ניט נושא חן ביי טעמעני; שווערער ווי האלטען פון מענשען וואָס מאכען זיך אליין פארעכטליך; שעווערער ווי האלטען א אידען אין א פארטיי מעהר ווי א יאָהר, צאָהלענדיג וואָכער; שווערער ווי האלטען ליעבע אויף אייז, ציינער (אייגענע, ניט געמאכטע) אויפ'ן פאָליצע און א פאראייניגונגס־פארזאמלונג אָהן געשפאָלטענע קעפ, אפילו נאָר פריי פון א נאָך פאָלקאָמענערע שפאלטונג.

בקיצור, ווי שווער דאָס זאָל מיר ניט אָנקומען, היינט מיין איך צו האלטען וואָרט...

הייסט עס, דאָ אין אמעריקא שאפט ניט די מוזע, דאָ שאפט נאָר דער מ ו ז . ניט ווילענדיג קומט דאָס ארויף אויף די גע־דאנקען ווען אין אונזער קלוגע פראקטישע מדינה... האלט! האָט איהר ווען א טראכט געטאָן וועגען דעם וואָס דער וואָרט „פראק־טיש" בעדייט? אויב ניט הערט זיך צו און איך וועל אייך זאָ־גען:

עשו׳ס טאָפּ לינזען פאר א פּארקויפטע בכורה איז א פּראַק־טישער עסק.

א דאָלאר א וואך מעהר פאר אן אידעאל אין לעבען ווענינער איז פּראקטיש.

אוועקשטעלען אין קראַם א קינד ווען ער (אָדער זי) דארף זיין און קען זיין אין שול איז אויך פּראַקטיש.

אויפאָפּפערן די צוקונפט, דעם איבער־א־יאָהר, דעם איבער־מאָרגען, דעם מאָרגען פאר א פעטען היינט, פאר א געשמאקען איצט, הייסט אויך האנדלען פּראַקטיש.

געהן צום שטימקאסטען און דאָרטען אריינוואַרפען א „וואוט״ פאר א לומפּ וואָס וועט געוועהלט ווערען, וואו א מענש מיט א פּרינציפּ האָט א שוואַכען שאַנס, איז אמת־פּראַקטיש.

געהן, ניט קוקענדיג, וואו א ל ע געהען מחמת דער וועג איז אויסגעטראָטען; טאָן, ניט דענקענדיג, וואָס אַלע טוען, ווייל אזא טאָן איז זיכער און בעקוועם; רעדען, ניט ברעכענדיג זיך דעם מוח, אַלטע, איינגעפונדעוועטע פראזען, צי זיי זיינען אמת אָדער פאַלש; גנב׳ענען פון אייער מאָגען עסענוואַרג, פון אייער לייב קליידער, פון אייערע פיס גאַנצע שיך היינט, בעת איהר לעבט, כדי צו קענען האָבען וואַרעמע פיס, א גוט־געקליידעטען לייב און א פולען מאָגען מיט דער צייט, דאן ווען איהר וועט פיליכט שוין זיין טויט — דאָס ווערט אָנגערופען פּראַקטיש געהאַנדעלט.

בקיצור, — אזא צוטומעלטען טאָג ווי היינט האָב איך שוין לאַנג ניט געהאַט! — ניט ווילענדיג קומט ארויף אויף די געדאנ־קען די מ ו ז ע מיט דעם מ ו ז אין א צייט ווען... ווען וואָס? אָה, יא! אין א צייט ווען אין אונזער קלוגע, פּראַקטישע מדינה באווייזט זיך א היימישע געשטאַלט, א „מוזען־זאָהן״, וואָס די טייטשען רופען, א פעדער־האַלטער, וועלכער שטאַמט ניט פון א פאַבריק, איינער וואָס איז ניט געמאַכט, נאָר געבאָרען — א מענש,

וואָס וועט פּילייכט נאָך פּראַקטיש ווערען, אָבער איז דערווייל נאָך ערשט אַ פּאָר טעג ביי אונז.

איהר טראַכט ניט ווילענדיג, זאָג איך, וועגען דאָס, וואָס מוז שוין ווידער אָבגעלעגט ווערען אויף אַנאַנדערסמאָל, ווען רוסלאַנד שטעלט אויס פּאַר אייערע אויגען איהר האַנד צו אייער אמעריקאַ, און דערלאַנגט איהר אַ לעבעדיגען, הערצליכען שלום-עליכם.



# צושלאָגענע געדאנקען

אייניגע ארטיקלען פונ'ם יאָהר 1901.

LXV

## דאָס לעבען: אַ דראמא אין 5 אַקטען.

„זיידע, מען שפּיעלט אין אידישען...״

אפשר האָב איך אייך דאָס געזאָגט און אפשר טאקי ניט, נור דאָס איז שוין היינט א מעשה פון עטליכע חדשים.

מחשבות׳ן, קענט איהר מיין אייניקעל? אויב איהר האָט איהם שוין לאנג ניט געזעהן, קלער איך, אז איהר וועט איהם ניט דערקענען. ווי זיי וואקסען אוים, די קינדער! ניט אַ קאָנטע אין אַ גראָסערי סטאָר, ניט די נויאָרקער־וואר־וויים־ווי־פּיעל־עטאזשיגע הייזער, ניט אַן אפּרייטאָרס דאגות נאָך דער חתונה, ניט ראקעפעלער׳ם עשירות, אפילו מיינע צוגלייבעניסען וואקסען ניט אַזוי גיך, ווי עס וואקסען אוים די קינדער, איבערהויפּט ווען זיי האָדעווען זיך נ י ט אונטער אייערע אויגען. זיי ווערען... האַלט, איך האָב אייך וואָס צו זאָגען, לאָמיך אָקאָרשט נעהמען אַ שמעק טאבאק. דער נאָז איז פון די דאָזיגע, וועלכע האָבען ניט קיין געדולד. ווען ער וויל זיין שמעק טאָבאַק איז ער ווי אַ לענדלאָרד ווען עס קומט די צייט פון צאָהלען רענט, אָדער ווי אַ מעקלער ווען עס פארגלוסט זיך איהם צו זאָגען אַ ליגען, אָדער ווי אַ גראָבער ווערטעל ביי אַן ערדלען מענשען ווען די משפּחה איז ניט דערביי... דער מענשליכער נאָז איז שוין אזוי געבויט אַז ער מוז ענטוועדער שמעקען טאבאק, אָדער זיך לאָזען קאַלופּענען, אָדער זיך מישען אין פרעמדע עסקים, אָדער... אָה, איך פארקריך!

כסדר אזוי... ' ארום וואָס האָבען מיר גערעדט? יע, ווע־גען דעם ווי קינדער וואַקסען אויס עפּעס אזוי ווי מיט אמאָל ווען זיי האָדעווען זיך ניט אונטער אייערע אויגען. דאַכט זיך נור וואָס געווען א פּיטשוק... ווי לאַנג האָט איהר איהם ניט געזעהן? א יאָהר דריי אָדער פיער אין גאַנצען, און מיט אמאָל, זעהט נור א ביסעל! א גאַנצער יאַ־טעבע־דאָס. א בחור מיט ביינער, ער רעדט שוין ארום „פּיטס", און טראַכט שוין ארום אָנזעצען, און ווייס שוין פון אלץ, וואָס א איד דאַרף ניט וויסען, און טרינקט שוין טיי אין א קאַפע־סאַלון, און רייבט זיך שוין ארום די פּאָלי־טישענס, און טראָגט שוין א ווייסען קאָלנער צוויי טפחים הויך און שטייף ווי א פּאַון־בראָקער'ס האַרץ, און טראָגט שוין א פינף סענטיגען דיימאָנד פּין אין קראַוואַט, און איז שוין א מיידעל'ס א „פעללער", און געהט שוין אין טעאַטער, און קען שוין אלע „עק־טערס" און איז שוין א מבין אויף לייבקאַליר, און שפּיעלט שוין א קערטעל, און מאַכט שוין א שנעפּסעל, און איז שוין א מעמבער פון א לאָדזש, און קלייבט זיך שוין צו ווערען א פּרעזידענט, און קרימט זיך שוין אויף אידישע צייטונגען, און ווייס שוין ווי א דענסינג סקול זעהט אויס אינעווענינ, און פאַרשטעהט שוין דעם חלוק צווישען שוויצען אין א סוועט־שאַפּ און שוויצען נאָך א קאַדריל, און געהט שוין אויף איסט בראָדוויי ווי א האָן אין זיין אייגענעם הויף, און האָט שוין אין מויל איין פאַלשען צונג, צוויי פאַלשע ציינער און א שטיק טאַבאַק צום קייען, און לאַכט שוין פון פרומע אידען, און איז שוין א פּראַקטישער מאַן, וועלכער גלויבט ניט אין נאַרישקייטען, אין אידעאַלען און אין פאַרשימעלטע ביכער.

דאַכט זיך ווי לאַנג איז ער געווען א שנעקויז, א אינגעל, א נעבעכעל, א גאָר־נישט! טאַטע הייליגער, ווי גיך דאָס ווערט!

און דאָך איז ער דאָס אלעס ניט געוואָרען מיט אמאָל. מיט אמאָל ווערט איבערהויפּט קיין זאַך ניט, חוץ א הייסע ליעבע, א אידישע צייטונג און איהר רעדאַקטאָר, א שידוך אין זומער און א שרפה פון א פאַרזיכערטע הויז אין אמעריקא, ווען חוץ אָרימע

ליט וואוינט אין איהר קיינער ניט. אלצדינג און יעדער מענש וואקסט לאנגזאם, ביסלעכווייז ארויף און אראב... וואס קוקט איהר ווי א האן אין בני אדם? ארויף און אראב איז וואס איך מיין און טאמער פארשטעהט איהר ניט, וועט מען אייך אריינהענגען א לאנטערנע אין מוח: מענשען, געזעלשאפטען, ארגאניזאציא־נען ווערען געבארען, וואקסען ביז זיי ערררייכען די העכסטע מדרגה פון זייער ענטוויקלונג; דאס הייסט זיי וואקסען א ר ו י ף. דאן וואקסען זיי ווייטער, ענטוויקלען זיך ביז זיי עררייכען צוריק זייער נידריגסטע שטופע, דאס הייסט זיי וואקסען א ר א ב.

דער מענשליכער לעבען איז א דראמא אין 5 אקטען: דער פארהאנג הויבט זיך אויף און אין דעם ערשטען אקט פאנגט זיך אן דער גערודער. דאס לעבען ערשיינט אויף דער ביהנע, קליין, אונדייטליך, אבער עס צאפעלט זיך און בורעט זיך און ווארפט זיך און די צושויער קוקען און קלערען: וועט דאס זיין א לוסט־שפיעל מיט א גליקליכען סוף, אדער א שרעקליכער טרויערשפיעל. מען וויים ניט.

דאן קומט דער צווייטער אקט. דער עסק ענטוויקעלט זיך און ווערט קלארער. א שארפע אויג קען אונגעפעהר שוין זעהן אין וועלכע זייט דער ווינד בלאזט, אבער דאס לעבען שטעהט נאך אלץ אויף דעם שיידוועג און איין קעהר רעכטס אדער לינקס קען ענטשיידען די פראגע: א קאמעדיע אדער א טראגעדיע?

אין דעם דריטען אקט איז די פראגע ענטשיעדען. די דרא־מא האט אנגענומען א באשטימטען כאראקטער, דאס לעבען איז געקומען אויף די העכסטע מדרגה און קען שוין העכער ניט שטיי־גען. ווען דער אקט איז צו־ענד, קען דאס לעבען נור געהן איין וועג: בארג אראב, די פראגע איז דאן נור, ווי: צו א גליק־ליכען אדער א טרויעריגען סוף.

דאס ווערט פאלקאמען קלאר אין דעם פיערטען אקט און אין דעם פינפטען קומט דער סוף גופא און דאן לאזט זיך אויף אימער אראב דער פארהאנג און דער טעאטער ווערט פינסטער, פינסטער און פוסט און קאלט; די ליכט זיינען אויסגעגאנגען, די צושויער זיינען אװעק אהיים און דער ווארימער לעבענס־אטעם איז פאר־

שוואונדען. די דראמא איז אויסגעשפּיעלט, די מוזיק איז פאַר־שטומט און דרויסען הערשט די פוסטע, פינסטערע, קאַלטע נאַכט.

און דאָס איז ניט אין דעם מענשליכען לעבען אליין. די זעלבע דראַמא שפּיעלט זיך אָב אין יעדען סיסטעם, אין יעדער געזעלשאַפט, אין יעדער אָרגאַניזאַציאָן, אין יעדער פּאַרטיי. דער דריטער, דער ענטשיידענדער אַקט איז אימער דער אינטערעסאַנט־סטער; ער איז דער מיטעלפּונקט און אין דער זעלבער צייט דער העכסטער פּונקט, ער איז...

„איצט הער, זיידע, איך זאָג דיר מען שפּיעלט אין אידישען טעאַטער..."

לאָז מיך אויסרעדען. אי, צוטומעלסטו מיר די רעיונות.

א דאַנק זיין הייליגען נאָמען, דער בחור איז אוועק. איצט קענען מיר ווייטער רעדען.

יע, די קינדער וואַקסען גיך אויס ווען זיי האָדעווען זיך פון ווייטען. אָבער וואָס האָב איך געוועלט אויספיהרען? איך בין עפּעס היינט גאָר מטושטש!

און גאָר אומזיסט האָב איך וועגען דעם ניט אָנגעהויבען צו רעדען. מיר האָט זיך געוועלט אייך עטוואָס זאָגען. עפּעס האָט זיך אין מיין אָרימען, אַלטען מוח ארומגעטריבען א גאַנצע שטיק פילאָזאָפיע, וועלכע האָט אייך געקענט ערקלערען א סך דונקעלע פראַגען. אָבער איך וועל שוין וואַרטען ביז מיין קאָפּ וועט זיך אביסעל דורכלופטערן.

האָט אייך א גוטען...

## LXVI

# די היץ.

וואָס מיינט איהר, דאָס איז ווי — ווערמען. איינעם ששעפּעט עס גאָר ניט וועהרענד דעם אַנדערען ברענט עס ווי דער יצר הרע דעם ליבאַוויטשער חסיד, און עס בראָט איהם ווי ביים פּרוש די בולבע אין א פּעלצעל, און עס צאַפּט פון איהם שוויים ווי פון דעם אפּערייטאָר דער סוועטער, און עס מאַכט איהם אַלץ מעהר דורשטיג וואָס מעהר ער גיסט אין זיך וואסער, עפּעס אזוי ווי אין די וואסער וואָלט געווען זאַלץ, אָדער הערינג־ראָסעל, אָדער א צעבער ים, אָדער דאָס וואָס די שענקערס טוען אריין אין די לאַ־גער־ביער, אָדער א קאָוונער דארע קישקע... אָה יאָ, עס מאַכט איהם אַלץ מעהר דורשטיג וואָס מעהר ער טרינקט, און עס פאַר־טרייבט דעם אפּעטיט גיכער ווי דער אָנבליק פון א העסטער־סטריטער „היימישע פּאַמפּעשקע", און עס מאַכט איהם שלעפעריג אזוי ווי דאָס וואָלט געווען א פארנינפטיגער בוך, און עס טרייבט איהם צום סאָדאַ־סטענד אזוי ווי אין סטענד וואָלט געווען א קליפּה, און עס מאַכט איהם שוואַך און אָפּענטיג אזוי ווי ער וואָלט געווען די סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין נויאָרקער אידישען קוואַרטאַל, און עס טוט איהם אויס האַלב־נאַקעט ווי א באַל די רייכע דאַמען, און עס נעהמט ביי איהם אוועק דעם כוח־הדבור ווי אן אונערוואַר־טעטער וויזיט פון א בייזע שוויגער, און עס מאַכט איהם אָבגע־לעבט ווי א פיש אויף דער יבשה, און עס גיט איהם א טעם פון טויט און א חשק צו ווערען א קריעה אייז און א פאָרגעשמאַק

פונ׳ם גיהנם און א באגריף פון א גלאז־פאבריק און פון משה רבינו׳ם דארן, וועלכער האט געברענט און איז ניט פארברענט גע־ווארען.

איהר האט א טעות: איך רעד ניט פ ו ן היץ, איך רעד א ר ו ם די היץ ווייל דאס איז ווי — ווען, איינעם טשעפעט זי גאר ניט און דעם אנדערען... אט ווי איך האב אייך געזאגט, און איך בין, וואס פארשטעהט איהר דא ניט? ווי געוועהנליך, דער אנדערער.

ווי אזוי דאס קומט, ווייס איך ניט. דאכט זיך איך האב אויף זיך ניט מעהר פלייש ווי א קליינער „טשאפ„ אין א גרויסען רעסטאראן; און איך זיץ אפט צווישען אמת׳ע נויארקער ענ־טוזיאסטען, וועלכע וואלטען דארפען מאכען אז אייך זאל ארוי־בערגעהן א קעלט איבער׳ן לייב; און איך בין ניט קיין געוועהנ־ליכער פילאזאף — איך וואש זיך; און איך טרינק הייסע טיי וואס דערפון דארף ווערען קעלטער; און איך געה אלע וואך אויף אנאנדער פיקניק, וואס צוליעב זיי ווערט אימער די לופט עטוואס אבגעקיהלט; און איך שלאף איין אין דער באוועגונג און זעה אין חלום דעם נארד־פאל און מעיאר וועז וואיק און אלץ וואס איז שייך צו אייז; און איך טו אוים די ציוויליזאציע מיט׳ן ווייסען חאמוט, מיט די געבילדעטע פעטליע, אזוי גיך ווי איך קום אהיים און ווער אזוי אפענהערציג ווי א שיכור׳ער דיפלאמאט.

וואס טו איך ניט? און עס איז דאך היים, און די היץ קען איך ניט פארטראגען.

אמאל האב איך געקענט, אבער דאן זיינען געווען אנדערע צייטען. דאן איז געווען אלעס היים, דאן האט ארום מיר אימער געברענט און די הערצער זיינען געווען ווארעמע און איך האב דעם תמוז ניט אזוי שטארק געפיהלט.

היינט ברענט נור די זון און דאס ערגערט אייך אם מייסטען דערפאר ווייל זי ברענט, דאכט זיך, ניט שיינענדיג, ווייל איהרע שטראהלען שיינען ניט צושיינען און ארום אייך איז פינסטער און כמארנע און פאסקודנע ווי אין א לאנדאנער פאג.

אמאָל פלעגט מען אין די הייסע טעג טרעפען הייסע מענ־שען און פארקריכען אין א הייסען געשפּרעך און מען פלעגט פון זיך ארויסברענגען די היץ און עס פלעגט עפּעס ווערען קיהלער און מען פלעגט זיך פיהלען אנגענעהמער, מוטיגער, לעבעדיגער און מען פלעגט ניט מערקען ווי דער שוויים גיסט זיך און ווי דאָס קוועקזילבער שטייגט און ווי דער כוח זינקט.

היינט איז דאָס אַלעס אַנדערש.

דער אַמאָליגער גאָרטען איז היינט א בית עולם און פון די בליהענדע, בלעטער־רייכע גרינע בוימער איז געוואָרען שטיינערנע מצבות. דאָרטען וואו עס זיינען געווען בייטען מיט לעבען אין יעדען גרעזעלע, זיינען היינט דאָ שורות פון קברים און די וואָס איהר זעהט ארום זיך זיינען מתים, וועלכע וואנדלען אויפ׳ן עולם התוהו, וועלכע בעוועגען זיך כלומר׳שט, אָבער דאָס איז נור ווייל די ערד נעהמט זיי ניט צו.

איהר געהט צו א מיטינג און איהר טרעפט איין מת אַלס טיר־שטעהער, אנאנדערען אַלס טשערמאן און א דריטען אַלס רעד־נער. קוקט זיך איין אויף זייערע פּנים׳ער וועט איהר זעהן אז זיי זיינען וואנדלענדע מצבות, און אויף יעדע פון זיי שטעהט דייט־ליך אויפגעשריבען: דאָ ליגט באגראָבען א סאָציאַליסט.

צייטענוויין טרעפט מיר אז איך באגעגען ערגעץ וואו א גאנ־צע גרופּע פון אזעלכע וואנדלער אין עולם התוהו. איך באטראכט זיי און זעה אז די נשמה, די אמת׳ע נשמה איז שוין לאנג פון זיי ארוים; אז דער דופק וואָס קלאפּט אין זיי איז א געמאכטער, א קינסטליכער ווי דער דופק פון א זייגער; אז זיי האָבען אין זיך ניט מעהר קיין געפיהל און קיין מיטגעפיהל.

איך באטראכט זיי לאנג, זעהר לאנג, און מיר ווילט זיך אויס־שרייען: מתים — געהט צוריק צו אייער רוה!

און דאן פרעג איך ביי זיך אליין ווי אזוי די אַלע מענשען זיינען געשטאָרבען? ווי אזוי דאָס איז געקומען אז זייער נשמה איז ארוים און ניט נור קיינער האָט דאָס ניט באמערקט, נאָר

זיי זיינען געבליבען כלומר׳שט לעבען אָהן אַ נשמה, אַזוי ווי די וואַקס־פיגורען אין אַ מוזעאום, וועלכע האָבען רעדלעך און דריידלעך און קונצען אינוועניג און הויבען די ברוסט, און גלאָצען מיט די אויגען, און עפענען די מיילער, און שאָקלען מיט׳ן קאָפּ, אָבער קיין זעעלע האָבען זיי ניט.

פאַר וואָס האָט מען זיי ניט געזעהן שטאַרבענדיג? וועל איך אייך זאָגען. איך וועל אייך געבען דעם זעלביגען תירוץ, וועל־כען איך גיב זיך אַליין. לעגט צו אַ מוח.

ווען אימיצער ווערט פּלוצלונג, מיט אַמאָל, איבער נאַכט פון רייך אָרעם, פון געזונד קראַנק; פון לעבעדיג טויט; פון אַן אידעאַליסט אַ פּאָון־בראָוקער; פון אַ מענשען מיט אַ גייסט, מיט לעבען, מיט ליעבע, מיט אַ פרייהייטס־דראַנג, מיט אידעען — אַ צוויי־דריטעל־טויטער, אַ צוויי־פיסיגע בהמה, וואָס עסט צו לעבען און לעבט צום עסען — ווען, זאָג איך, דאָס ווערט פּלוצ־לונג, מערקט מען דאָס, רייסט דאָס אויף די אויגען און י ע ד ע ר זעהט אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַן איבערקעהר, אַ פאָלקאָמענע פאַר־ענדערונג און יעדער פאַרשטעהט דאָס.

דאָס פּאַסירט אָבער זעהר זעלטען. געוועהנליך געהט דאָס צו לאַנגזאַם, ביסלעכווייז, פון טריט צו טריט; געוועהנליך ענטווי־קעלט זיך דאָס אַזוי לאַנגזאַם ווי די געבורט פון אַ מענשען, זיין לעבען, זיין טויט, זיין אויפלעזונג אונטער דער ערד און ווען דער רעזולטאַט פון אַ חתונה איז אַ הייפעל ביינער אין אַן ענגען קבר, ווערט דאָס, פאַרשטעהט איהר, אַזוי אונגעהייער לאַנגזאַם אַז מען מערקט דאָס ניט.

געוועהנליך פאַרלירט קיינער ניט זיין נשמה אויף אַמאָל און ווען ער וואַקסט אונטער אייערע אויגען, מערקט איהר דאָס ניט. מענשען און, פּונקט אַזוי, גאַנצע געזעלשאַפטען, סיסטעמען, אָרגאַניזאַציאָנען ווערען פון מינוט צו מינוט, פון שטונדע צו שטונ־דע, פון טאָג צו טאָג, פון וואָך צו וואָך און דאַן מאָנאַטליך, יעהר־ליך און אַזוי ווייטער, פאַרענדערט. קיין זאַך בלייבט ניט ווי געוועזען: אַלעס ווערט, וואַקסט און געהט אונטער; אַלעס

וואָס געהט אונטער טראָגט אין זיך דעם זאמען פון א נייער גע־בורט און די נייע געבורט, ווידער, טראָגט אין זיך דעם אָנהויב פון איהר אונטערגאַנג, פון איהר טויט.

אָה, ווי גיט מען אייך דאָס צו פאַרשטעהן! דאָס איז אזא וויכטיגע שטיקעל פילאָזאָפיע, אז מען וואָלט דארפען וועגען דעם רעדען אזוי קלאָר און דייטליך ווי נור מעגליך, און די היץ פארעט, און דער שוויים גיסט זיך, און דער מוח ווערט צושמאָלצען.

געדולד, קינדער!



## LXVII

### האַלב קלאָהר, האַלב משוגע.

ווי נעהמט מען צונויף די געדאנקען אום אייך דאָס צו ער־קלערען?

שטעלט זיך פאָר, אז דער דלות אייערער וואָלט אויף אייך געקומען פּלוצלונג, אזוי פּלוצלונג ווי פון לוט'ס ווייב איז געוואָרען א זאלץ־געשעפט, אָדער ווי פון א פייער־פארזיכערונג ווערט אמאָל א שרפה, אָדער ווי פון פארליעבען זיך אין יענעם'ס כלה ווערט א פרינציפּיעלע געגנערשאפט, אָדער ווי...

נאָך אמאָל: שטעלט זיך פאָר אז דער דלות אייערער איז אויף אייך ארויפגעקומען מיט אמאָל, פּלוצלונג. שטעלט זיך פאָר, אז איהר האָט זיך געלעגט שלאָפען א פארצייטיגער שניידער, א בעל־מלאכה, אן אונאבהענגיגער מענש, א בר־דעת, איינער וואָס ארבייט לאנגזאם, און לעבט אָהן איילעניש, און קוקט אריין אין א ספר (צי ער פארשטעהט איהם, צי ניט) און מאַכט א שעהנע זופּיצע, און האָט הנאה פון זיין ארבייט, און איז א בעל הבית אין זיין הויז, און האָט צייט אויף א קאפּיטעל תהילים און אויף א פרק משניות, און זינגט א מה־יפית ביי דער ארבייט און קריגט זיך געלאַסען מיט דער ווייב בשעת ער פיהרט דעם אייזען פון מזרח צו מערב, אָדער פון צפון צו דרום, און הויבט די נאָדעל טראַכטענדיג פון עלית נשמה, און נעהמט דערביי א שמעק טאַ־באק, און קוקט ארויס פון פענסטער ווען ער וויל, אויב עס געהט פארביי א שעהנע, גרויסע לויה, אָדער ווען מען שלעפּט דעם יוזל,

אָדער ווען אַ פּאָר שכנים צוקריגען זיך, אָדער בשעת דער רעווי־זאָר חתמ'ט צו די קראָמען, אָדער ווען אימיצער טראָגט פאַרביי אַ פּוטער־קוכען, אָדער עס פּאַסירט אַנאַנדער מערקווירדיגע זאַך.

שטעלט זיך פאָר, זאָג איך, אַז איהר לעגט זיך שלאָפען אַזאַ מין שניידער, און איהר כאַפּט זיך אויף אין דער פריה און איהר געפינט, אַז איהר זייט מיט אַמאָל געוואָרען פון אַ בעל־מלאכה אַ האַנד, פון אַן אונאַבהענגיגען מענשען אַ שקלאַף; פון אַ מה־יפית־זינגער, אַ דיענער ביי אַ זינגער־מאַשין; פון אַ גאַנ־צען שניידער אַן ארבעל־מאַכער, אַ בייסטער, אַ קנאָפּ־לאָך־אויס־נעהער, אַ פּרעסער, אַן אָפּערייטאָר, בקיצור, אַ צעהנטעל שניי־דער, וועלכער האָט פון זיין פּראַצע קיין הנאה ניט; וועלכער דערקענט ניט אויפ'ן גאַס אָדער אין שול זיין ארבייט; וועלכער ארבייט אין דער פרעמד, וועלכער הויבט ניט „גראַציעז" אַ נאָ־דעל, נאָר דרעהט אַ ראָד, אַן אייזערנעם ראָד, אַ משוגע'נעם ראָד, אַ ראָד וואָס ווערט געשטופּט פון דאַמפּף און פליהט ווי דער שוואַרץ־יאָהר און האַקט די נאָדעל ארויף און אראָב, אַ שטייגער ווי ער וואָלט שטויסען גאָגעלעך אַ מינוט פאַר ליכט־בענשען.

שטעלט זיך פאָר, אַז איהר זייט איינגעשלאָפען אַ פּאַרצייי־טיגער בעל־מלאכה און זייט אויפגעשטאַנען אַ היינטיגער ארביי־טער און דער איבערקעהר איז געוואָרען איבער נאַכט און שטעלט זיך ווייטער פאָר, אַז אין יעדען פאַך, ביי יעדע ארבייט, קען היינט אויפגעטאָן ווערען הונדערט מאָל אַזוי פיעל ווי נעכטען; אַז די אייזענבאַהנען און די דאַמפּף שיפען האָבען געמאַכט אַזאַ קפיצת־הדרך, אַז אין לאַנד קען אויסגעראָט ווערען די גאַנצע זריעה און אין צייט פון אַ וואָך קען זי קריגען עסען פון אַנאַנדער מדינה, און דאָס זעלבע מיט קליידער און שיך און אַלע אַנדערע זאַכען.

שטעלט זיך פאָר, אַז פון נעכטען ביז היינט האָט די וועלט געקראָגען אַנאַנדער פּנים און דאָך זייט איהר ניט נאָר דער נעכ־טיגער אָרעמאַן, נאָר איהר זייט פּלוצלונג געוואָרען אַ בשר־ודם'נע מאַשין, אַ דרעהער ביי אַ ראָד, אַ הייצער ביי אַן אויווען מיט אַ

פארגליווערטע הארץ, מיט א פארדונגענעם גוף, מיט א פארקויפטע נשמה, מיט א שכל וואס האט געקראגען א טשיסטע אָפּסטאָוקע, מיט אָבגעשעניטענע יאָהרען, מיט פארשווארצטע טעג, מיט א שבת וואס איז קיין יום מנוחה ניט מעהר און א וואך וועלכע ענדיגט זיך קיינמאל ניט.

שטעלט זיך פאר אז איבער נאכט איז דאס אויסגעוואקסען אזא שרעקליכע ארמיי פון פארדונגענע הענט; אז די אלע הענט ארבייטען און אז אלץ וואס זיי טוען אויף קריכט אריין אין עט־ליכע בייכער און אז דיעזע עטליכע בייכער שלינגען און שטאָ־פען זיך און ווערען, ווי פרעה'ס מאָגערע קיה, קיינמאל ניט פול. שטעלט זיך פאר אז, פלוצלונג, פון נעכטען ביז היינט, האט אייך איין פראָסטער, צוויי־פיסיגער, שטערבליכער נפש איינגעכאפּט אין זיינע הענט 300 מיליאָנען דאלאר, א קאפּיטאל וואס וואלט גענוג זיין צו געבען די גאנצע מענשהייט, די גאנצע 1500 מיליאָן נפשות וואס געפינען זיך אין דער וועלט, אלע מענער, אלע ווייבער, אלע קינדער א 20 סענטיגען „רעגעלען דינער" אין דעם בעסטען כשר'ן קאפע־סאלון אין גרענד סטריט.

שטעלט זיך פאר, אז דאס איז אלץ נעכטען ניט געווען און איז געוואָרען פלוצלונג זינט איהר האט זיך געלעגט שלאָפען און איהר געפינט זיך אין דיעזע איבערגעקעהרטע וועלט צוזאמען מיט מיליאָנען אנדערע הענט.

וואס וואלט איהר געטאָן?

פריהער פאר אלץ וואלט איהר ארויסגעשפרונגען פון דער הויט.

דאן וואלט זיך ביי אייך געשטעלט די האר קאפּויר.

דאן וואלט איהר זיך גוט אויסגעריבען די אויגען און ויאלט געפרעגט צי איז דאס ניט א בייזער חלום.

דאן וואלט איהר געפרעגט ווארום זאל דאס אזוי זיין.

דאן וואלט איהר זיך אליין געענטפערט, אז דאס איז פּי־לייכט ניט קיין מ ו ז.

דאַן וואָלט איהר פאַרזאַמעלט אַרום זיך אַלע אייערע האַנד־געזאַסען און וואָלט געזאָגט:

„חברה! פון נעכטען ביז היינט איז געוואָרען אַן איבערגע־קעהרטע וועלט.

„חברה! איך ווייס ניט ווי אזוי דאָס אַלץ איז געקומען, אָבער דאָס איז פון זיך אַליין ניט געוואָרען. אימיצער האָט דאָס געמאַכט.

„אָט זיינען אייזענבאַהנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, גרויסע פאַבריקען, פיינע הייזער, געוואַלטיגע שטעדט, קראָמען אָנגעפּאַקט מיט סחורה, מיט אַלע נויטיגקייטען, פּאַרקען, ביבליאָטעקען, שולען, מוזעען, עפענטליכע געביידען, סטאַטועז, בריקען, עלעקטרישע באַלייכטונג, וואַסער לייטונג און הונדערטער, טויזענדער אַנדערע זאַכען.

„ווער האָט דעם נוץ דערפון? די בייכער.

„ווער האָט דאָס אַלץ געמאַכט? זיכער ניט זיי, ווייל בייכער קענען קיין זאַך ניט מאַכען.

„ווער דען? עס איז קיין ספק ניטאָ, אַז דאָס האָבען מיר געמאַכט, מיר די הענט.

„אויב אַזוי, חברה, זיינען די אַלע זאַכען אונזערע."

ווען איהר וואָלט געהאַלטען אזוי ווייט אין אייער רעדע, וואָלט אייך יונה דער מלמד — ער איז אַ משכיל — אונטערבראָכען מיט אַזאַ פראַגע:

„ר' קרוב, איילט זיך ניט! חוץ בייכער און הענט זיינען דאָ מ ו ח ו ת! געמאַכט האָט א י ה ר טאַקי אַלץ וואָס איהר זעהט, אָבער ווער האָט דאָס א ו י ס ג ע ט ר א כ ט? דאָס האָבען אויסגעטראַכט די גרויסע קעפּ."

וואָלט איהר איהם געענטפערט און וואָלט געזאָגט:

„זעהר גוט, ר' יונה, אָבער —

„ערשטענס, וואָלטען די גרויסע קעפּ גאָר נישט אויפגעטאָן, ווען מיר וואָלטען פאַר זיי ניט געמאַכט שפּייז, קליידער, שולען,

ביכער, אינסטרומענטען, מאָדעלען, לאַבאָראַטאָריעס, רעדער מיט רעדלעך און אַלע אַנדערע קונצען.

„צווייטענס, זעהען מיר ניט אַז די גרויסע קעפּ זאָלען דאָס זיין די וואָס געניסען אַלץ, ווייל זיי וואַרפט די בויך נור צו אַ ביינדעל ווערענד די פלייש מיט די שמאַלץ פאַרכאַפּען די האָבו־נעס.

„דריטענס, וואָלט געווען אַ יושר ניט אָבצוטיילען די הענט פון דעם מוח און פיליכט וואָלטען מיר אַליין געווען די גרויסע קעפּ, ווען מיר וואָלטען געהאַט אַ געלעגענהייט צו קריגען די זעל־בינע אויסבילדונג.״

אזוי וואָלט איהר געענטפערט ר׳ יונה׳ן און דאַן וואָלט איינער צווישען אייך זיך אָבגערופען און וואָלט געזאָגט:

„חברה! דער בעסטער פּלאַן וואָלט געווען אַז מיר הענט זאָלען זיך פאַראייניגען און דאַן וועלען מיר אַרבייטען צוזאַמען מיט די מוחות דורכ׳ן כלל פאַר זיך, און דורך זיך, פאַר׳ן כלל, ביז עס וועלען אין דער גאַנצער וועלט ניט מעהר זיין ווי אַר־בייטענדע דענקער און דענקענדע אַרבייטער!

„חברה! עס לעבע דער כלליזם און נידער מיט די בייי־כער!״

דאָס וואָלט אַלץ גערעדט געווען ווען איהר וואָלט דעם אי־בערקעהר געמערקט, ווייל ער וואָלט געקומען איבער נאַכט, פּלוצ־לונג, וואָס דערפאַר האָט דאָס אויפגעריסען אייערע אויגען.

אָבער דאָס איז אַזוי ניט צוגעגאַנגען. דער איבערקעהר האָט גענומען אַן ערך פון הונדערט יאָהר; איהר זייט אין דלות, אין שקלאַפעריי, אין האַנדיזם אריינגעוואַקסען לאַנגזאַם, ביסלעכ־וויין, אונבעמערקבאַר פאַר זיך, און פאַר אַנדערע.

איהר זייט געזונקען טיעפער און טיעפער, אָבער ש ט ו ־פּ ע נ ו ו י י ז, צ אַ ל ו ו י י ז, און ווערענד איהר זייט גע־זונקען, זייט איהר בע׳גנב׳עט געוואָרען פון די ביסעלע כיטרע, שפּיצ־קעפּיגע מענשען, וועלכע זיינען שטאַרק געוואָרען פון אייער חורבן, וועלכע זיינען רייך געוואָרען דורך אייער דלות, וועלכע זיי־

נען געוואָרען געבילדעט דורך אייער אונוויסענהייט, וועלכע זיינען קלוג געוואָרען דורך אייער דומהייט, וועלכע זיינען אַלץ העכער געשטויגען וואָס טיעפער איהר זייט געזונקען אין דלות, אין נויט, אין שמוץ, אין זעלבסט־פאַראַכטונג.

אָי, קינדער, ברעכט דאָס די האַרץ ווען מען טראַכט אַרום אייך!

